אַרויסגעגעבן פון דער
אַפריקאַנער יידישער צייטונג,
יאָהאַנעסבורג, תשל״ה, 1974.

**TZAITEN DERTZEILEN**
**( TIMES' TALES )**
By
LEVI SHALIT
Published by the
AFRICAN JEWISH
NEWSPAPER,
1 9 7 4
( P.O. Box 6169, Johannesburg,
South Africa ).
Printed by
JOHANNESBURG DRUKKERY
( EDMS. ) BPK.,
25 Davies Street,
Johannesburg.

לוי שאליט

# צייטן
# דערציילן

אמרתי ימים ידברו
ורב שנים ידיעו חכמה
(איוב לב, ז).

„סאָלאָמאָן סאָפּראָנאָוויץ דער אַפּטייקער איז פון יענעם מין אַפּטייקערס, וואָס עסן אַ קאַלבאַס איינגעטונקט אין סמעטענע אָן אַ היטל אומגעוואַשן פאַרן דאַוונען יום כפור אין דער פרי". אַזוי שטעלט פאַר שלום עליכם („איך שטורעם") אַן אַסימילאַנט. אַזאַ אַסימילאַנט־טיפּ איז שוין היינט ניטאָ. יענער, זאָגט שלום עליכם, האָט פיינט געהאַט יידן. די פיינטשאַפט האָט זיך אויסגעדריקט אין צוויי ווילנס: פאַרלאָזן דעם אייגענעם פאָלק, איבערייסן דעם נאַציאָנאַלן קשר מיט יידן, און אַריבערגיין צו אַן אַנדער געזעלשאַפט־לעכע גרופּע, אַ ניט יידישע, אָט די בײדע קען־צייכנס פון אַסימילאַציע עקזיסטירן ניט היינט. זעלטן אַ ייד האָט היינט אַן אַקטיוון ווילן איבערצורייסן זיין נאַציאָנאַלע אָנגעהערי־קייט, און נאָך ווייניקער געוויס האָבן אַ ווילן איבערצורייסן מיטן ייִדנטום, כדי זיך צוזאַמענגיסן מיט אַ ניט יידישער סביבה. דאָס וואָס עס געשעט היינט ביים רוב יידן אין גלות איז פּאַסיוויטעט. אָבער אָט די נייע דערשיינונג נעמט אַרום מאַסן, ווען דער אַמאָליקער ווילן, צו אַקטיווע אַסימי־לאַציע, איז געווען נאָר ביי יחידים. יענע, די איינצלנע, האָבן אויך געהאַט פּראַקטישע מאָטיוון, און דאָס זיינען על פּי רוב געווען אומעטישע מאָטיוון. די הייַנטיקע מאַסן־פּאַסיוויטעט צו אַקטיווער יידישקייט האָט ניט קיין באַ־וווסטזיניקע מאָטיווירונג. עס איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דער געענדערטער צייט; אַ צייט וואָס האָט קאַרדינאַל געביטן מיינונגען און אידייען אין דער וועלט און דאָס יידישע לעבן אין דער וועלט.

אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע גייען אַדורך צוויי קעגנגעזעצטע און זיך־באַגלייטנדיקע דערשיינונגען: אַ טריב צו אוניווערסאַליזם און אַ ווילן אויפצוהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן אייגנאַרט; די געפילס־אידייען פון אוניווערסאַ־ליזם און נאַציאָנאַליזם זיינען שטענדיקע באַגלייטערס אין דער יידישער געשיכטע. דאָס איז שוין דערציילט וועגן דעם ערשטן יידישן מענטשן, וואָס האָט זיך אָנגעטראָפן מיט דער קולטור־וועלט פון זיין צייט. דאָס איז יוסף, דער געליבטער זון פון פאָטער יעקב, ווי עס ווערט דערציילט וועגן אים אין בראשית. יוסף איז געקומען קיין מצרים ווי

אַ פרעמדער און ווי אַ קנעכט. אָבער ער וויל שוין ניט צוריקגיין צו זיין פּאָטערס־הויז, אַפילו דאַן ווען ער קען עס טאָן, ווען ער איז שוין אַ קעניג אין זיין אַדאָפּטירט לאַנד. די קולטור פון דער נייער סביבה לאָקט אים אָן. ער „אַסימילירט זיך" פולשטענדיק. יוסף גייט אַזוי ווייט ביז דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אים געהאָלפן פאַרגעסן זיין פּאָטערס הויז, ווייל ער איז גרויס געוואָרן אין זיין אַדאָפּטירט לאַנד; און ער סימבאָליזירט די דאָזיקע פרייד דורך די נעמען פון זיינע קינדער (בראשית, מא, נא, נב). יוסף וויל אַפילו ניט מען זאָל אים ברענגען נאָכן טויט אין ארץ ישראל, ווי עס האָט נאַטירלעך געבעטן דער פאָטער יעקב. ווייל אים פּאַסט ניט צו פאַרשעמען דאָס לאַנד וואָס האָט אים געגעבן כבוד, פרייהייט און גליק. זיינע קינדער ווערן דערצויגן אין דער קולטור פון לאַנד. ניטאָ אויף זיי קיין אויסערלעכער סימן פון זיין אַנדערש, פון זיין ייִדיש. דער זיידע דערקענט ניט אין זיי קיין אויסערלעכע שייכות צו אים, און יוסף מוז אים פאַרזיכערן, אַז „בני הם", זיי זיינען די קינדער זיינע (בראשית מח, ט׳). אָבער יוסף וויל ניט אַז זיינע קינדער זאָלן איבערייסן די פאַרבינדונג מיט זייער שטאַם. און געוויס געהערן זיינע אייגענע געפילן, די אי־גערלעכע, די עמאָציאָנעלע, צו זיין אייגן פאָלק. דערפאַר בעט ער אָן „ווען גאָט וועט זיך דערמאָנען אָן אייך און אייך אויסלייזן, פאַרגעסט ניט מיטנעמען מיין איבערבלייב מיט אייך". דאָ האָבן מיר דעם ערשטן ייִדישן דואַליזם פון אַ ייִדן אין דער וועלט. און אָט דער דואַליזם חזר׳ט זיך איבער כסדר, דורך דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע. (יוסף׳ס האַנדלונג די, פון ניט אומקערן זיך צום טאַטן און ניט לאָזן וויסן אים וועגן זיך, האָט געאַרט דעם מדרש — תנח׳ וישב).

דאָס זעלבע איז ווייזט אויס שוין אמת וועגן די באַפרייטע ייִדן פון מצרים, אָט די וועלכע טראָגן טאַקע מיט זיך יוסף׳ס ביינער. זייער פאָדערונג „צוריק קיין מצרים" איז געוויס געווען מער ווי נאָר אַ מאַטעריאַליסטישע, צו די פיש און ציבל. זיי האָבן געוועלט פרייהייט — אין עגיפּטן גופא. „און די קינדער פון ישראל האָבן געזיפצט פון דער קנעכטשאַפט און זיי האָבן געשריען". (שמות, ב, כג). אָבער עס ווערט ניט געזאָגט, אַז זיי האָבן געוועלט אַרויס פון מצרים. איז זייער געפאָדער צו משה׳ן אפשר געווען, אַז ער זאָל זיי פירן צוריק, און ער זאָל זען זיי זאָלן קענען לעבן ווי פרייע ייִדן אין עגיפּטן.

דער וועג צו זעלבסטשטענדיקייט, פון מצרים, איז

געוועזן אַן אַרויסגעצוואונגענער אויף יידן. דאָס איז, אמת, אַן אָנגענומענער פּראָצעס פאַר אַלע פרייהייט־באַוועגונגען, אַז מען מוז די פרייהייט אַרויסצווינגען. ביי יידן, אָבער, איז דאָס געווען אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג. דער דור המדבר האָט זיך געשלעפּט מיט שווערע טריט צו אויסלייזונג. און אַז געקומען שוין אין צוגעזאָגטן לאַנד, איז אויך ניט געווען קיין פולע נאַציאָנאַלע אָפּזונדערונג; די בני ישראל האָבן כסדר געזינדיקט דורך מישן זיך מיט די אַרומיקע פעלקער און מיט זייערע קולטורן, און אַפילו די סאַמע גרעסטע צווישן יידן האָבן געטאָן אַזוי. און ווען יידן זיינען צוריק אַוועק אין גלות, אין בבל, אַזוי באַלד האָבן זיי זיך דאָרטן איינטעגרירט. קוים נאָך 70 יאָר איז שוין געווען שווער זיי צו באַוועגן צוריקצוקומען קיין ארץ ישראל. נאָר ווייניקע האָבן געענטפערט דעם רוף פון עזרא און נחמיה. די מערהייט האָט געוועלט, גוטוויליג, בלייבן אין דעם קולטור־צענטער פון יענער צייט, אין בבל. נאָכן צווייטן חורבן זיינען שוין נאָר געציילטע געבליבן אין לאַנד. דאָס פאָלק איז אַוועק אין גלות; טאָקע פאַרטריבן געוואָרן, אָבער אַזאַ מאָסן־אויסוואַנדערונג האָט אויך געמוזט "צוגעהאָלפן ווערן", פון אייגענעם ווילן, צו גיין אין דער גרויסער וועלט אַריין. שפּעטער האָט שוין דער דאָזיקער ווילן, צו לעבן אין דער וועלט, אָדער צו אוניווערסאַליזם, זיך געצייכנט דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע — געצוווּנגען און גוטוויליג. ביז שוואַכער איז אָבער אויך געווען דער צווייטער ווילן: אָנצוהאַלטן די אייגן גייסטיקע אידענטיטעט. דערפאַר זיינען אין אַלטערטום יידן צוריקגעקומען, פרייוויליג, קיין עגיפּטן אַפילו. באַוווסטזיניק זיך געמישט מיט דער דאָרטיקער קולטור. נאָר געבויט אויך דאָ זייער אייגענעם בית המקדש. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אויך ניט פאַרגעסן ירושלים און דעם בית המקדש דאָרטן, און געשיקט זייער ביישטייער כאַר אים. און ווו יידן האָבן שפּעטער ניט אָנגעשלאָגן אין זייער וואַנדער, האָבן זיי אומעטום געטאָן דאָס זעלבע. פאַרשיידן זיינען נאָר געווען די גראַדן פון מישן זיך מיט די אָרטיקע קולטורן. פאַרשיידן איז געווען דער געניוס וואָס יידן האָבן געקראָגן פון די פאַרשיידענע ציוויליזאַציעס אין דער וועלט, און זייער ביישטייער צו זיי. דאָס איז שוין געווען צופעניגיק ווי טיף און גרויס עס איז געווען די קולטור, מיט וועלכע יידן זיינען געקומען אין קאָנטאַקט, און וויפל פרייהייט זיי האָבן געהאַט, זיך צו מישן מיט די קולטורן,

זיך צו „אַסימילירן" — אָנהאַלטנדיק זייער אייגן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

דעם דאָזיקן דואַליזם ביי יידן קען מען זען באַזונדערס שאַרף דורך די גרויסע נעמען פון יחידים אין דער יידישער געשיכטע. (און עס איז באַטײַטלעך, אַז די מעשׂים פון די אויסגעצייכנטע מענטשן, און די לעגענדעס אַרום זיי, זאָלן זיין אַ שפּיגל פאַרן אינערלעכן ווילן פון גאַנצן פאָלק). שוין וועגן משה רבינו איז לעגענדאַריש אויסגעוועבט די דער־ציילונג, אין חומש גופא, וועגן דעם אַז ער האָט זיך געהאָדעוועט אין הויז פון פרעה, ווי אַן אייגענער. ער האָט געדאַרפט, הייסט עס, איינזאַפּן די פרעמדע קולטור, צוזאַמען מיט זיין מוטער־מילך. און משה׳ס שוועסטער האָט גערופן דעם קינדס מוטער, צו זיין אים אַן אָנזייגערין (שמות, ב, ח׳, ט׳). ראַסיש, אַזוי צו זאָגן, טאָר משה זיך ניט אַסימילירן. אָבער קולטורעל דאַרף ער גראָד זיך האָדעווען אין דער פרעמד. שפּעטער האָבן מיר כסדר דערציילונגען וועגן דעם ניט יידישן אָפּשטאַם פון אַ סך תנאים און אמוראים, איינגעשלאָסן רבי עקיבא, הגם ניט אַלעמאָל איז דאָס געווען נייטיק צו דערציילן. זייער זעלטן גאָר קען מען קאָנטראָלירן צו די השערות, אַז אַ געוויסער גדול שטאַמט אָפּ פון ניט־יידן, איז טאַקע היסטאָריש ריכטיק, ווי דאָס ווערט אָנגעגעבן אין תלמוד. אָבער דער פאַקט, וואָס די יידישע חכמים האָבן עס ניט פאַרשוויגן, איז אַ באַווייז, אַז זיי האָבן אַזאַ געבורט־מעטריקע ניט געהאַלטן פאַר קיין פּגם; מען האָט דעם איינדרוק אַז זיי האָבן עס גאָר געמאַכט פאַר אַ יחוס, ווי אַ באַווייז, אַז אַט דער טראָגט אין זיך ביידע קולטורן און, פאַרשטענדלעך, די יידישע האָט דאָמינירט. אין דער נייער צייט האָבן יידן זיך כסדר געגרויסט מיט פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען אויסגעשטיגן אין דער פרעמד, אָבער געבליבן נשמהדיק, עמאָציאָנעל, פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק.

דער ווילן צו „גיין אין דער וועלט", צו געבן און נעמען פון אַנדערע קולטורן, פון זייערע סביבות, האָט באַגלייט דעם גאַנג פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע. דורך דעם האָבן יידן געגעבן אַ סך צו דער וועלט, אָבער אויך אַ סך גענומען. אין אַ געוויסן זין מיינט אַזאַ „אַסי־מילאַציע" די פעאיקייט אויפצונעמען נייע אידייען און לעבנס־פאָרמען און עס אַקלימאַטיזירן. אָבער פאַר יידן זיינען ביידע זאַכן געווען, על פּי רוב, אוממעגלעך צו טאָן — אַלס יידן. אין גלות איז יעדער ווילן צו נאָרמאַלער

אינטעגראַציע געווען פאַרבונדן, דירעקט און צוואַנגהאַפט, מיט די צוויי באַדינגונגען: אַוועקגיין פון יידנטום און אַריבערגיין אין אַ צווייטן פאָלק — אַפט דעם פּינטלעכן לאַגער. סיי ווען יידן האָבן געוועלט נעמען קולטור פון דער וועלט, סיי ווען זיי האָבן געוועלט צושטייערן פון זייער וויסן און פעאיקייטן — האָט מען פאַרלאַנגט פון זיי אַ פּרייז; אַפט האָט עס באַדייט דער אולטימאַטיווער פּרייז: שמד, איבערבייט פון רעליגיע. דאָס איז געווען אומעטיש, פּונקט ווי דאָס איז געווען אויך אומעסטעטיש — סיי פון די וועלכע האָבן עס פאַרלאַנגט, סיי פון די וועלכע האָבן עס געצאָלט.

פון מיטלאַלטער ביז אונדזער צייט זיינען יידן געווען געצוווּנגען צו לעבן, אויך פיזיש, אין איזאָלאַציע. זייער באַרירונג מיט דער וועלט, אַפילו פאָרמעל, האָט באַדייט ארויסגייקן פון זייער איזאָלאַציע און אַרייננגייקן אין דער וועלט. און דער שוועל, וואָס מען האָט געדאַרפט אַריבער־גייקן איז געווען — אַ וואַנט, אַ געטאָ־מויער אָדער אַ טויף־צעטל. נאָך ביים סוף פון לעצטן יאָרהונדערט האָבן רבנים אין רוסלאַנד אַרויסגעגעבן אַ רוף צו יידישע יוגנטלעכע זיך ניט צו „שטופּן“ אין די צאַרישע אוניווערזיטעטן. די רבנים האָבן מאָטיווירט זייער רוף הערמיט, וואָס דאָס גיין אין אוניווערזיטעט פירט צו אַסימילאַציע, אַזאַ אַסימילאַציע וואָס האָט איך זיך פולע אָפּפרעמדונג פון פאָלק, און מוז, אומפאַרמיידלעך, פירן צו שמד; וואָרום, מאָטיווירט דער אויפרוף, אויב אַפילו דאָס אַרייננקומען אין אוניווערזיטעט זאָל געלינגען אָן אַ טויף־צעטל, וועט אָבער שפּעטער, ביים ווײַלן פונאַנדערוויקלען אַ קאַריערע, עס מוזן געשען.

דער ווילן צו גיין אין דער וועלט האָט אויף אַ פאָלקס־מאַסשטאַב זיך קיין מאָל ניט איינגעגעבן; עס האָט זיך אַלע מאָל געענדיקט מיט טאָטאַלע נאַציאָנאַלע אומגליקן. אָט טאַקע דער ערשטער ווילן אַזאַ, פון יוסף, ווי אָנגעוויזן, האָט זיך געענדיקט מיט „לא ידע את יוסף“, די אומשטענדן האָבן זיך געביטן און די מצרים האָבן פאַרגעסן וואָס דער ייד האָט געטאָן פאַר זיי און עס איז געקומען דער ערשטער אָרגאַניזירטער האַס און אונטערדריקונג, די אויסוווירקונג פון גלות. אָבער יידן האָבן ווידער געזוכט האַרמאָניע מיט זייער אַרום, דאָס מאָל שוין אין אַ גרויס־גייסטיקע פאַר־בינדונג, אין דער גריכישער אַלעקסאַנדריע פון מצרים. יידישער גייסטער, בראש מיטן פילאָסאָף פילאָן, האָבן זיך באַמיט און אויפגעבויט אַ סינטעז צווישן ירושלים און

אַטענס. די תורה איז איבערזעצט געוואָרן אין גריכיש. נאָר דער סינטעז האָט ניט אָנגעהאַלטן לאַנג און ניט אויסגעהאַלטן, ווייל ניט די געלערנטע פון אַטענס האָבן באַשטימט די אַנטוויקלונגען. און דאָך האָבן יידן ווידער פּרובירט דאָס זעלבע, בערך מיט טויזנט יאָר שפּעטער, אין דער אַראַבישער שפּאַניע. יידן האָבן אָנגענומען דעם פילאָסאָפישן דרך פון זייער צייט און עס געזוכט צופּאַסן צום יידנטום, און אויך אָנגענומען דאָס אַראַבישע לשון, אין וועלכן עס האָבן געשריבן זייערע ווערק די גרעסטע גייסטער פון דער גאָלדערנער תקופה, די שענסטע תקופה פון יידן אין גלות. אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטן זייער קורץ און זיך פאַרענדיקט מיט שמד און מיט גירוש. די פּערטע באַמיאונג זיך איינצובויען אין דער אַרומיקער קולטור איז געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד, אין דער נייער צייט. דאָס איז שוין געטאָן געוואָרן אויף אַ גאָר גרויסן פאַרנעם, זונטערגעבויט מיט אַן אידעאָלאָגיע און מיטן בפירושן ווילן איבערצונעמען אַלץ פון דעם אַרום און לאָזן דאָס עכט־יידישע נאָר אין אַ קליין ווינקעלע פון אייגענעם האַרץ און פון דער אייגענער היים. אָט די באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן מיטן „אינטעלעקטועלן פּרינץ" משה מענדעלסאָן, צום סוף פון 18טן י"ה, האָט זיך געענדיקט זייער טראַגיש, נאָך איידער עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די היטלעריסטישע האָרדעס פון מינכענער ביר קעלער. די דאָזיקע באַוועגונג האָט געדראָט מיט פולן גייסטיקן אומקום פון יידן אין דייטשלאַנד (און ניט נאָר דאָרטן), נאָך איידער עס איז געקומען דער פיזישער אויסראָט. מענדעלסאָנס ווילן פון האַרמאָניע צווישן יידן מיט זייער אַרום, האָט ניט אויסגעהאַלטן אפילו קיין איין דור, זיין אייגענעם דור, ניט אויסגעהאַלטן און ניט אָפּגעהאַלטן פון שמד. „עס איז געווען אַלגעמיין אָנגענומען אין דייטשלאַנד, אַז עס איז געקומען דער סוף פון יידישן פאָלק. דער פילאָסאָף שלייערמאַכער האָט דערקלערט אין בערלין, אַז יידנטום איז שוין טויט. אין 1800 האָט דער פּרייסישער מיניסטער פרידריך ל. פאָן שרעטער געזאָגט, אַז אין 20 יאָר אַרום וועט ניט זיין (אין דייטשלאַנד) צו זען אַ יידן, אַזוי פולקום אַסימילירט וועלן זיי זיין" (ראָבערט וועלטש). משה מענדעלסאָן איז געקומען אין בערלין אין 1743, דורכן „יידישן טויער". די וועכטער האָבן פאַרצייכנט אין טאָג פון זיין קומען: היינט זיינען אַריין דורכן ראָזענטאַל טויער זעקס אָקסן, בן חזירים און איין ייד. ער איז געקומען מיט כשרה

תפילין, וועמענס פרשיות עס האָט געוויס געשריבן זיין פאָטער, דער סופר פון דעשוי. מענדעלסאָן האָט געוועלט די צופּאַסונג פון יידן צו דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, אַ קולטור־פּלוראַליזם, אין וועלכע דאָס יידישע איז מינימי־זירט, אָבער דאָך אַן עקזיסטירנדיקער פאַקטאָר. דער דאָזיקער ווילן האָט באַקומען אַ שטאַרקן אָפּרוף צווישן די יידן אין דייטשלאַנד, אָבער נאָר ביי יחידים קולטורעלע דייטשן. קנאַפּע הונדערט יאָר שפּעטער, אין 1836, האָט דער דייטשער שרייבער בערטאָלד אויערבאַך זיך נאָך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני און אַפּעלירט מיט הכנעה צום דייטשן פאָלק: „גיט אונדז דאָס פאָטערלאַנד, צו וועלכער מיר געהערן לויט אונדזער געבורט, לויט אונדזערע מנהגים און אונדזער ליבשאַפט, און מיר וועלן מקריב זיין אונדזער בלוט און אונדזער באַזיץ אויף זיין מזבח, פאַרגעסט, און לאָזט אונדז פאַרגעסן, די שרעקלעכע וואַנט, וואָס האָט אונדז אָפּגעטיילט אין דער פאַרגאַנגענהייט“. דער דאָזיקער רוף, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו אָפּווענדן אַן אויפגע־שטורעמטן קולטור־אַנטיסעמיטיזם, קעגן היינריך היינע און זיינע יידישע חברים, דייטשע שרייבערס, איז געבליבן ניט דערהערט. אָבער יידן האָבן ווייטער, און נאָך שטאַרקער געזוכט די פריינדשאַפט פון דייטשן פאָלק, און גרייטקייט שוין צו פולער אַסימילאַציע, ווי דאָס האָט רעפּרעזענטירט זאַלטער ראַטענוי, הונדערט פופציק יאָר נאָך משה מענ־דעלסאָן.

אין דעם זעלבן יאָר ווען טעאָדאָר הערצל האָט צונויפ־גערופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט וואַלטער ראַטענוי גערופן די דייטשע יידן זיך פולקום צו אַסימילירן. דאָס זעלבע האָבן, לויט אים, געזאָלט טאָן אַנדערע יידישע געמיינדעס אין די לענדער פון קולטור, אויף וויפל יענע לענדער האָבן קולטור, ווייל לויט ראַטענוי, דעם דייטשן פּאַטריאָט אין פרעמיער, איז קיין לאַנד ניט געווען גלייך צו דייטשלאַנד אין קולטור. און יעדע געמיינדע האָט עס געזאָלט טאָן באַזונדער, ווייל עס איז ניטאָ קיין געמיינזאַ־מער יידישער פאָלק. אַנטקעגן דעם האָט הערצל אויסגערופן: „מיר זיינען אַ פאָלק, איין פאָלק“. אין 1897 האָט ראַטענוי אָפּגעדרוקט (אונטער אַ פּסעודינים) אין זשורנאַל צוקומפט, אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקסימיליאַן האַרדען, אַן עסיי „שמע ישראל“ (הער, אָ ישראל), אין וועלכער ער האָט פונאַנדערגעוויקלט זיין רוף פאַר פולער אַסימילאַציע, וואָס אַ סך יידן אין דייטשלאַנד האָבן מקיים געווען. אין 1917

זען וואָלטער ראַטענוי האָט געשריבן זײַן עסיי פֿאַן קאָמענזען דינגען, וועגן דער געשטאַלטונג און גאַנג פֿון דער וועלט נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, איז אים ניט געקומען אויפֿן זינען די מיגלעכקייט, אַז זײַן לעבן וועט פֿאַרענדיקן (דעם 24טן יוני 1922) אַ נאַציסטישע קויל. עטלעכע יאָר שפּעטער (גענויער: אין 1943, צוויי הונדערט יאָר שפּעטער ווי משה מענדעלסאָן איז אָנגעקומען אין בערלין) האָבן די רעשטלעך פֿון דײַטשן ייִדנטום און פֿון ייִדן אין מזרח אייראָפּע (פֿאַר די נאַציס זײַנען זיי געווען איין פֿאָלק) געשקלאַפֿט און אומגעקומען אויך אין די עלעקטריציטעט „ווערקע“ (פֿאַבריקן) פֿון א. ע. ג. (AEG)' וועלכע דער פֿאָטער ראַטענוי (עמיל) האָט אויפֿגעשטעלט און וועלכע דער זון האָט אָנגעפֿירט. די היטלעריסטן האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען פֿון פֿאָלק, אין וועמענס פֿאָלקסעקזיסטענץ ער האָט ניט געגלייבט, אָבער זיי האָבן זיך געניצט און געהאָלפֿן מיט די פֿאַבריקן וועלכע ער האָט פֿונאַנדערגעבויט.

הערצל און ראַטענוי האָבן זיך קאָרעספּאָנדירט. און ווי ווײַטזעעוודיק עס איז געווען הערצלס בריוו צו ראַטענוי: „איר זײַט בעיקר אַ פּאָליטיקער, אָבער געדענקען וועט מען אײַך ווי אַ שרײַבער. איך בין בעיקר אַ שרײַבער, געדענקען וועט מען מיר ווי אַ פּאָליטיקער“. אפֿשר האָט הערצל דאָ געוועלט זאָגן, און דאָס איז געוויס דער מיין פֿון דעם זאַץ: איר זײַט אַ דײַטשער פּאָליטיקער, אָבער געדענקען וועט מען אײַך נאָר ווי אַ ייִד . . . ווען הערצל'ן וואָלט געלונגען צו איבערצײַגן וואָלטער ראַטענוי פֿאַרן ציוניזם, וואָלט דער גורל פֿון דײַטשן ייִדנטום, און פֿון ייִדן אונטערן נאַציזם בכלל, ניט געווען קיין בעסערער, ווי ער איז געווען. אָבער ראַטענוי אַליין וואָלט געהאַט אַן אַנדער אָרט אין דער געשיכטע פֿון זײַן פֿאָלק. אויב אָבער עס וואָלט געלונגען ראַטענוי צו איבערצײַגן הערצלן — וואָלט הײַנט ניט געווען קיין ייִדישע מדינה אין ארץ ישראל, און עס וואָלט אויך קיין ייִדיש פֿאָלק ניט עקזיסטירט — מיט אַ סוף וואָס אויך ראַטענוי האָט ניט געוועלט.

נאָך אַ באַמיאונג צו ווערן אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער אַרומיקער געזעלשאַפֿט איז געמאַכט געוואָרן אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד. דער דאָזיקער עקספּערימענט איז אַ גאָר ספּעציפֿישער, צוליב אַ סך מאָטיוון. אַלע פֿריערדיקע באַמיאונגען פֿון צופּאַסונג און אויסגלײַכונג האָט פֿאַרלאַנגט דאָס אַריבערגיין, באַזײַטיקן אָדער כאָטש פֿאַרקלענערן,

רעליגיעזע באַריערן, און צו דעם האָט זיך געגוויטיקט איבערקומען פאָראורטיילן פון יאָרהונדערטער. כדי יידן זאָלן זיך צוזאַמענגיסן אין שטראָם פון קאָמוניזם האָט מען ניט געדאַרפט אַריבער די דאָזיקע פאָראורטיילן — אָדער אַזוי האָט די לאָגיק דיקטירט. (הגם עס זיינען פאַראַן מיינונגען, אַז אַ סך אַנטי יידישע מאַניפעסטירונגען אין סאָוועטן פאַרבאַנד זיינען נאָך אַ פּראָדוקט פון די אַלטע, רעליגיעזע פאָראורטיילן צו יידן. דער אַנטיסעמיטיזם פון יאָזעף סטאַלין, למשל, זאָל זיך נאָך האָבן געגערט פון זיין יוגנט, ווען ער האָט געלערנט אין דער שול פאַר יעזואיטישע גייסטלעכע).

רעאַקציאָנערן, אַנטיסעמיטן זאָגן, אַז „קאָמוניזם איז אַ יידישע אידיי“. אָבער אַזוי איז אויך דער מקור פון קריסטנטום און פון איסלאַם, די לערע פון פּסיכאָאַנאַליזיע און די טעאָריע פון רעאַליטיוויטעט. יידיש־משיחישע מאָטיוון און שטרעבונגען האָבן געוויס צוגעהאָלפן אָדער געשטויסן צום אידייאישן אויפקום פון קאָמוניזם, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק ביי משה העס, דעם פאָרויסגייער און חבר פון קאַרל מאַרקס. די זעלבע משיחיש־מאָראַלישע אידיאַלן פון זיינע זיידעס, די רבנים, האָבן געוויס געהאַט אַן אומבאַוווסטזיניקן גייסטיקן טריב ביי קאַרל מאַרקס. אָבער זיין ווּיסנשאַפטלעכע מאַטעריאַליסטישע טעאָריע האָט זיך שוין באַוווסטזיניק גענערט פון די דייטשע פילאָסאָפן, בעיקר פון פרידריך העגעל. ביי מאַרקסן זעט מען בולט די מישונג פון יידישן און דייטשן גייסט, וואָס עס האָבן אַזוי איפּעריקע געפּרועדיקט די אַסימיליאַנטן אין דייטשלאַנד, און מען זעט וואָס עס איז פון דעם אַרויסגעקומען פאַר יידן. אָבער לאָגיש האָט דער קאָמוניזם געדאַרפט קענען לייזן „די יידן פראַגע“. דאָס איז אַ אידיי וועלכע באַקעמפט רעליגיע, אַלע רעליגיעס. די טעאָריע פון קאָמוניזם בויט זיך נאָר אויף ווּיסנשאַפט, אַ פּאָליטישע באַוועגונג מיט סאָציאַל־עקאָנאָמישע צילן, וואָס שטרעבט צו אינטערנאַציאָנאַליזם. אין דער זעלבער צייט לאָזט עס איבער אַן אָרט פאַר נאַציאָנאַלע קולטור־פאָרמען (לויט אַ קאָמוניסטישן אינהאַלט). אין אָט אַזאַ ראַם האָבן געדאַרפט זיין די בעסטע און שענסטע מיגלעכקייטן פאַר די אידייען פון אַן „עם עולם“, פאַר יידישן אוניווערסאַליזם. און אַזוי האָבן געטראַכט, געהאָפט און געגלויבט אַ סך טויזנטער יידן, צווישן זיי ערלעכע און גרויסע מוחות פון די קאָמוניסטישע בויערס און קעמפערס. און — ווי ביטער דער סאָוועטן פאַרבאַנד האָט יידן

אַנטווישט. אַפילו די סאַמע מינימאַליסטן, די „יעווסעקציע", וואָס האָבן געוועלט זיך אָנהאַלטן נאָר ביי אַן אויסגעדריוול־טן יידישן פּאָדים אין סאָוועטישן ים — אויך זיי זיינען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אָפּגרונט. אַפילו שרייבן קאָמו־ניסטישע פּראָקלאַמאַציעס קעגן יידישן פאָלק, נאָר מיט יידישע שריפט, אַפילו דאָס איז זיי פאַררעכנט געוואָרן ווי נאַציאָנאַליזם און קאָנטער־רעוואָלוציע. אין קיין אָרט און אין קיין צייט איז ניט געווען אַזאַ גייסטיקער צוזאַמענברוך פון דער אידיי „אַ ייד אין דער וועלט", ווי דאָס איז געשען אין דעם לאַנד פון אינטערנאַציאָנאַליזם.

עס איז אַ געשיכטלעכער פאַקט, וואָס האָט אין זיך עפּעס ווי אַ מיסטעריעזן רמז: די רעאַקציע קעגן יידישער צופּאַסונג איז שטענדיק געווען אַזוי גרויס, ווי דער ווילן זיך צוצופּאַסן; אין די ערטער און צייטן, וו דער ווילן איז זיערגאַנגען צו פולער אַסימילאַציע, איז אויך די רעאַקציע געקומען אין אַ טאָטאַלע פאָרם. יידן האָבן געוועלט האַר־מאָניע און סאָלידאַריטעט מיט זייער אַרום. אַ דור, צוויי האָט זיך עס איינגעגעבן, טיילוויז, צו דערצילן. און דאַן איז אומעטום געקומען אַ קעגנערשאַפט, אַ קאַטאַקליזם, וואָס האָט צוריק אַוועקגעשטעלט יידן אַליין, אין דרויסן פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, אַן אַרויסגעשטויסענער פרעמדער קערפּער — אָדער נאָך ערגער. לודוויג בערנע, דער חבר פון היינריך היינע, האָט עס געזאָגט, שוין יאָרן נאָך זיין שמד: „אַ טייל באַשולדיקן מיר פאַר דעם וואָס איך בין אַ ייד, אַ טייל פאַרגיבן עס מיר, און אַ טייל לויבן אַפילו דעם חאָזיקן פאַקט, אָבער אַלע דערמאָנען עס מיר; קיינער קען זיך ניט באַפרייען פון פילן עס". די דאָזיקע טראַגעדיע איז די יידישע מיסטעריע, וואָס האָט אין אַ גרויסע מאָס צוגעהאָלפן דעם קיום פון יידישן פאָלק.



מען זאָגט עס און מען זאָגט עס איבער בסדר: די צוויי מאָנומענטאַלע געשעענישן אין אונדזער צייט, וועלכע האָבן געענדערט דעם גאַנג און גורל פון יידישן פאָלק, דאָס זיינען דער חורבן בית ישראל אין אייראָפּע און דער אויפקום פון מדינת ישראל אין ארץ ישראל. ביידע געשעענישן האָבן אויך פענאָמענאַלע באַגלייט־דערשיינונגען און אויסווירקונגען. דריי אַזעלכע זיינען די גרונטיקסטע אין דער געביטענער סאָציאַלער, פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער סטרוק־

טור פון יידישן פאָלק.

ביזן חורבן פון די יידישע קהילות אין אייראָפּע איז דאָס פאָלק באַשטאַנען פון אביונים און דלפנים. די יידישע אָרעמקייט איז אָפט געווען פאַרדעקט, פאַרשטילט מיט פרומער באַשיידנקייט, ווי אַ ווייסער שבתדיקער טישטוך, וואָס פלעגט פאַרדעקן דעם אָרעמען יידישן טיש; ווי די באַלעבאָסטע, וועלכע האָט אונטערגעהייצט דעם אויוון מיט שפּענדלעך, כדי די שכנות זאָלן זען אַז אויך פון איר קוי־מען גייט אַ רויך, און צוגעשטעלט קאָכן טעפּ וואַסער, כדי קיינער זאָל ניט אָנען, אַז אין דעם הויז פעלט אויף שבת. יידן האָבן געקענט פאַרשטילן זייער דלות — אָבער מיט דעם איז דער דלות ניט געוואָרן קלענער. מענדעלע האָט דאָס פאָלק אָנגערופן „קבצנים", כל ישראל איין קבצן און דער גאַנצער בית ישראל איין קאַבצאַנסק. דאָס זיינען גע־ווען ביטערע ווערטער, מיט שפּאָט, מיט באַליידיקונג, וואָס האָט אויפגעשריען פון ווייטיק, און געוויס אויך פון ליב־שאַפט. אָבער פישקע דער קרומער איז ניט געווען דער פּראָטאָטיפּ פון יידישן מענטשן. ער איז נאָר געווען דער קרומער שפּיגל פון אַן איינגעבויגענעם פאָלק, אויף וועמען עס האָט געדריקט דער ביטערער גלות און דער יאָך פון דלות. פון אונטער דער איינגעבויגענער פּלייצע האָט אָבער געבליצטיקט אַ יידישער מענטש — ליכטיקער און שטאָל־צער ווי זיין גאַנצער אָרום, מיט אמונה, מיט גלויבן, מיט קולטור, מיט חינוך פאַר זיינע קינדער, מיט אידיאַלן און מיט גרייטקייט פאַר מסירת נפש, און מיט האָפענונג, פאַר זיך, פאַר זיין נאַציאָנאַלן ווידערויפקום, און אויך מיט גלויבן פאַר דער וועלט, וועלכע האָט אים געהאַלטן אין באַליידיקונג, אין איזאָלירטקייט. די יידישע מאַסן זיינען נאָר פיזיש געווען צעבראָכן און סאָציאַל געווען דלפנים. אין די אַלטע היים־ערטער האָט די פּאָליטישע מאַכט און די סאָציאַלע סטרוקטור זיי ניט געלאָזט אויפהייבן זיך פון דער אָרעמקייט. אין די נייע ערטער האָבן די יידישע מאַסן ביז דער לעצטער צייט זיך נאָך ניט געהאַט איינגעבויט, נאָך ניט געהאַט קיין צייט און קיין כוח אויפצוקומען.

אָט דער סאָציאַלער בילד האָט זיך געביטן — אויף ניט צו דערקענען אים. יידן געהערן היינט, אומעטום, אין אַלע זייערע וווין לענדער, צום מיטל קלאַס, צום העכערן מיטל קלאַס און צו נאָך העכער. נישטאָ קיין איין יידישער ישוב, אונטער אַלע סאָציאַלע סטרוקטורן, ווו די מערהייט יידן זאָלן ניט געהערן אויף די העכערע שטאַפּלען פון סאָ־

ציאַלן לייטער; אומעטום געהערן זיי צו די פּראָוויסגייערס אין דער עקאָנאָמיע, מיט פּיאָנערישאַפט אין דער ווירט־שאַפט, און זיי שניידן, נאַטירלעך, די פרוכטן פון עקאָנאָמישן אויפשוווּנג, ניט ווייניקער ווי אַנדערע בירגער פון די געגעבענע לענדער. דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געבוי פון יידישן פאָלק האָט זיך אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר אַזוי געביטן, אַז עס וועט באַלד זיין שווער אפילו צו שילדערן די טיפע טראַגיק פון יידישער אָרעמקייט מיט אַ דור צוריק — און געוויס צו גלויבן, אַז אַזוינס איז געווען, אין דער ביטערער פאָרם ווי דאָס איז געווען, ווי אַ טייל פון עלטערן דור געדענקט עס נאָך פון אייגענעם לייב און לעבן.

דער זעלבער האַסטיקער און קאַרדינאַלער געענדער־טער פּראָצעס איז אויך פאָרגעקומען אין געביט פון וועלט־לעכער קולטור. יידן זיינען ניט געווען אויף דער נידעריק־סטער מדרגה, פּראָפעסיאָנעל, אין וועלטלעכער בילדונג, ווי זיי זיינען עס יאָ געווען סאָציאַל־עקאָנאָמיש. זייער דראַנג צו בילדונג און די וואָרצלען אין קולטור, וואָס זיי האָבן געהאַט, היסטאָריש, האָבן געבראַכט אַלע ווענט, אַלע פאַרצוימונגען, און זיי האָבן זיך דורכגעריסן אַלע פּראָצענט־נאָרמעס, אַלע סעלעקציעס, אַלע שטרויכלונגען וואָס מען האָט געלייגט פאַר יידן צו דערגרייכן וועלטלעכע בילדונג. אָבער די באַגרענעצונגען פאַר יידן צו וועלט־לעכן וויסן, פון אַלע רעזשימען, אין די לענדער וווּ דאָס רוב יידן האָבן געלעבט, זיינען געווען אומגעהויערע. אויך אין דעם פאַל איז שוין היינט זייער שווער, אָדער טאַקע אומעגלעך, צו שילדערן, וויפל האָרעוואַניע, באַליידיקונגען און שפיכות דמים יונגע יידן האָבן געדאַרפט אויסשטיין כדי אַריינקומען אין אַ לערן־אַנשטאַלט מיט אַ דור, צוויי צוריק. פאַרן היינטיקן דור איז עס שוין גאָר שווער צו באַנעמען און גלויבן, אַז דער וועג צו בילדונג האָט אָפט טאַקע אויך געפירט צו שמד. שווער פאַר אַ יונגן יידן צו פאַרשטיין אָן אַ פאַרטייטש — און אָפט אפילו אויך מיט אַ פאַרטייטשונג — שלום עליכם'ס „כלימינאַזיע" (גימ־נאַזיע) זיין בלוטיקער שפּאַס, וואָס איז געווען מער בלוטיק ווי שפּאַס. שלום עליכם האָט „געשפּאַסט", אָבער די גרויסע טראַגעדיע וועגן דעם איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן — און עס וועט שוין ווייזט אויס קיין מאָל ניט געשריבן ווערן, אין אַ קינסטלערישע פאָרם; עס וועט בלייבן נאָר אין כראָ־ניק, אין געשיכטע, ווייל דער פינאַל פון מזרח אייראָפּע־

אישן ייִדנטום, דער היטלעריסטישער ייִדן־אויסראָט, האָט פאַרשטעלט און פאַרשאָטנט אַלע פריערדיקע טראַגעדיעס פון ייִדישן לעבן דאָרטן במשך די קאַרגע טויזנט יאָר.

אין אין דור האָבן ייִדן „פאַרפלייצט" די שולן, אוני־ווערסיטעטן און אַ סך פרייע פּראָפעסיעס. און ווידער: דאָס געשעט אין אַלע לענדער ווו ייִדן לעבן, אונטער אַלע באַ־דינגונגען און אָרדנונגען, אויך אין יענע לענדער ווו זיי ווערן נאָך אַלץ טראַקטירט אומגלייך אויף געוויסע געביטן. דער פּראָצענט פון ייִדישע תלמידים שטייגט אַריבער, אומעטום, זייער פאַקטישע צאָל. און דאָס זעלבע אויך וואָס שייך לערער אין שולן און פּראָפעסאָרן אין אוניווערסי־טעטן. (מיר האָבן געפרעגט אַ סטודענט אין האַרוואַרד אוניווערסיטעט: וויפל ייִדישע סטודענטן זיינען דאָ פאַראַן? האָט ער געענטפערט מיט אַ זיסן הומאָר, און, דערפאַר, מיט הומאָריסטישער איבערטרייבונג: עס איז מיר לייכטער צו אויסציילן די ניט־ייִדן).

אַ טייל ייִדן אומעטום זוכן שוין אַ וועג צו אַרויס פון די אַלגעמיינע שולן, צו בויען אייגענע לער־אַנשטאַלטן, אויך פאַר וועלטלעכער בילדונג, כדי די אַלגעמיינע שולן זאָלן ניט אונטערשווענקען דעם לעצטן ביסל נאַציאָנאַלן אינהאַלט און אָנהאַלט, און אויך דאָס קענען זיי טאָן אין אַ סך לענדער.

אין דאָס רוב לענדער איז העכערע בילדונג ניט נאָר מעגלעך, נאָר אויך פריי, ווי פאַר אַלע בירגער פון געגע־בענעם לאַנד. אין איין דור — אַ קולטורעלע רעוואָלוציע, וואָס איר אויסווירקונג וועט ערשט קומען, צום בעסערן, ווייל עס איז אויפגעקומען אַ פרייער ייִדישער מענטש, מיט וויסן און וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן.

די מאַטעריעלע און גייסטיקע טראַנספאָרמאַציע פון ייִדישן מענטשן איז אַ פּראָדוקט פון דער געביטענער וועלט, פון דעם פּאָליטישן קלימאַט, וואָס איז אַנגעשטאַ־נען אין דער וועלט נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה. אָבער ניט די סיבות אינטערעסירן אונדז איצט און דאָ, נאָר די פאַקטן און דאָס אויך נאָר אין זייער אויסווירקונג צו ייִדן. אַזוי קומען מיר צו די דריטע ביטונג אין ייִדישן לעבן. און אָט די ענדערונג איז ניט קיין סטרוקטורעלע, ווי די ערשטע צוויי, נאָר זי בייט דעם עצם מהות פון גלות און פון ייִדישן פאָלק אין גלות. מיט אַנדערע ווערטער: עס איז שוין ניט קיין פראַגע וועגן אַ געביטענע סיטואַציע, וואָס גיט פריי־הייט און גלייכהייט און ענדערט די פיזיאָנאָמיע, מאַטערי־

עלע און גייסטיקע, פון יידן אין גלות — נאר חער גלות גופא איז געבליבן געוואָרן. און דאָס איז דער פאַקטאָר פון אַ וועלט אָן אַנטיסעמיטיזם, און אַזאַ איז היינט די וועלט. נאַטירלעך, אַז דאָ מוז מען זיך גלייך צואיילן צו באַוואָר־ נען: עס פעלן אויך היינט ניט קיין אַנטיסעמיטן, איינצעלנע און גרופן, וואָס זייער שנאה דרינגט אַרויס פון ביזווילי־ קייט, פון קראַנקהאַפטיקייט, אָדער פון וועלכע ניט איז אינטערעסן. אָבער אַנטיסעמיטיזם ווי אַ פאַקטאָר, באַזירט ווי אַ „לערע" און אויסגעפירט אַחער אפילו געשטיצט פון אַ מאַכט, דאָס איז היינט ניט פאַראַן, אין קיין אָרט ניט, איך קיין לאַנד ניט, פון קיין רעזשים ניט. און דאָס — וואַרפט כמעט אָן אַ פחד אויף געוויסע יידן . . . ווי וועט מען בלייבן יידן אָן פאַרפאָלגונגען? מיר שטייען, וואָס אָן אמת, פאַר אַ גרויסן עקזאַמען אין חער געשיכטע פון פאָלק. עס איז צום ערשטן מאָל אין פופצן הונדערט יאָר, אַז עס איז אַ וועלט אָן אַקטיוון יידן־האַס. און מען מעג אַפילו גיין אַ טראָט ווייטער, וואָס אויך דאָס איז אמת: פאַראַן אַ סך פאַרשטענ־ דעניש פאַר יידן היינט, פאַר די דורכגעגאַנגענע יידישע לייַדן און פאַר די נאַציאָנאַלע יידישע אַספּיראַציעס.

די סיבות, פאַר וואָס דאָס אַלץ איז געשען אין אונדזער צייט, זיינען פאַראַן, און אַזוי ווי די מאָטיוון פאַר דער ביי־ טונג קענען זיך שוין ניט ענדערן, אַזוי קענען זיך ניט בייטן מער די פאַקטן — געוויס ניט אין דער פאָרויסזעבאַרער צייט. און דערפאַר, מיינט עס, אַז דאָס יידישע פאָלק אין אונדזער צייט געפינט זיך אין גאר אַ נייער לאַגע, וואָס האָט נישט קיין פאַרגלייך אין דער געשיכטע פון פאָלק — ווי דער גאַנג פון דער איצטיקער צייט האָט ניט קיין פאַר־ גלייך אין דער געשיכטע פון דער וועלט. און דאָס שטעלט אַוועק יידן פאַר דער „איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן", פאַר נייע פאָרמען, נייע אידייען, נייע מיטלען פאַר פאָלקס־ דערהאַלטונג.

די מאַטעריאַליסטישע פאָרמולירונג פון סאָציאַליס־ טישע דענקער זאָגט, אַז „דאָס זיין באַשטימט דעם באַ־ וווסטזיין", וואָס מיינט אַז די מאַטעריעלע, פיזישע עקזיס־ טענץ באַווירקט, אָדער באַשטימט אידייאישע קאָנצעפּטן און פאָרמירט דעם גייסטיקן גאַנג פון מענטשן, פון אַלע מענטשן, אין אַלע צייטן. און געוויס איז די פאָרמולירונג ריכטיק, ווען די ענדערונגען, וועלכע זיינען געקומען אין געבוי פון יידישן לעבן, זיינען אַזעלכע גרונטיקע, ווי די דריי אויף וועלכע עס איז דאָ אָנגעוויזן געוואָרן, און אַלע

שייכותדיקע ענדערונגען, וואָס אַט די דריי פּראָדוצירן כסדר. דערפֿאַר איז די תּפֿילה פֿון „חדש ימינו כּקדם“, פֿאַר המשך פֿון ייִדישן לעבן „ווי געווען“, אַ תּפֿילת שוא, אַ ניט ערנסטע און ניט באַרעכטיקטע תּפֿילה, ווי דאָס זאָגט די גמרא (ברכות, נד): „הצועק לשעבר הרי זו תּפֿילת שוא“, ווער עס וויל צוריקגיין צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, וויל די אומיגלעכקייט. מען קען דאָס ייִדישע לעבן נאָר ווייטער בויען אויף די אַלטע פֿונדאַמענטן, אויף די שטיינער און מאַטעריאַלן וועלכע זיינען שטאַרק און גוט — אָבער דער בנין מוז זיין אַ נייער, מיט אַ נייער אַרכיטעקטור און — לאָמיר זיך שוין האַלטן ביי דעם משל: אַ בנין וואָס טורעמט זיך אַרויף צו הויכקייטן, געצוים און פֿריי, מיט ברייטע טירן און געעפֿנטע, ליכטיקע פֿענצטער צו דער גאַס אַרויס. נאָר אין אַזאַ בנין וועט קענען הויזן דאָס איציקע פֿאָלק ישׂראל, און זיינע קינדער זאָלן ניט וועלן אַנטלויפֿן פֿון טאַטע־מאַמעס שטוב . . .

די איזאָלאַציע וועט זיינען איצט איינגעפֿאַלן. פֿאָרמעל געוויס איינגעפֿאַלן. דער מאָדערנער, קולטורעלער ייִד דאַרף פֿון ערגעץ ניט אַוועק און אין ערגעץ ניט קומען. ער האָט שוין פֿאָרמירט, צום גרעסטן טייל, זיין לעבן אַזוי ווי ער פֿירט זיך: מיט נאַטירלעכער אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פֿאָלק, וואָס ווערט נאָר זעלטן מאַניפֿעסטירט, און ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מענטש אין אַ פֿרייער געזעלשאַפֿט — אויב ער ווערט ניט דיקטירט אָדער געצווונגען צו זיין אַנדערש. אַט דער נאָרמאַלער ייִד, נאָרמאַל אין זיין מענטשלעכקייט, וואָס פֿילט ניט קיין אַנטיסעמיטיזם, דער ייִד וואָס וויל זיך ניט באַוווּסטזיניק אַסימילירן, ווייל ער דאַרף עס נישט און ווייל ער שעמט זיך ניט צו זיין אַ ייִד, אָבער, אין דער זעלבער צייט, ווייס ער אויך ניט מיט וואָס און פֿאַרוואָס ער זאָל אויסדריקן און באַזונדערש אַקצענטירן זיין ייִד־אָנגעהעריקייט — אַט דעם ייִדן קען מען ניט רופֿן אַסימילאַטאָר. ער איז עס ניט. ער איז אַ דערווייטערטער ייִד, און דאָך ניט קיין אַסימילאַטאָר, ווי מען האָט דעם דאָזיקן באַגריף פֿאַרשטאַנען דורך אַלע ייִדישע דורות. ער איז דער סאַמע נאָרמאַלסטער ייִדישער מענטש, וואָס איז ווען געווען אין גלות. ער וויל זיין אַ ייִדישער מענטש אָן קאָמפּלעקסן, אָן איבערלעכער געשפּאַלטנקייט. און צייטנווייז זעט עס אויס אַזוי, ווי מיר, ייִדיש נאַציאָנאַל־באַוווּסטזיניקע, „פֿאַרגינען אים ניט“ די דאָזיקע נשמה־רואיקייט און מיר זוכן כּסדר אים אויפֿצורודערן. מיר

זיינען ניט צופרידן און מיר פאַרלאַנגען פון אים באַוווסט־זיניקע ייִדישע אָנגעהעריקייט. ניט נאָר ער זאָל זיך ניט שעמען מיטן פאַקט פון ייִדישן געבורט, נאָר אויך אַקטיוו פּלעגן און וועלן ממשיך זיין די ייִדישע אָנגעהעריקייט זיינע. אָבער — אין דער זעלבער צייט האָבן מיר ניט פאַרן דאָזיקן נייעם ייִדישן מענטשן קיין פּראָגראַם, מיר ווייסן ניט וואָס, קאָנקרעט, וואָלטן מיר געוואָלט ער זאָל טאָן, ווי זאָל זיך אויסדריקן זיין ייִדישע שייכות, אויף אַן אַלגעמיין נאַציאָנאַלן אופן. ער זאָל ניט „פּראָוועגען" זיין יחיד׳ישע, אינדיווידועלע ייִדישקייט, דורך דעם וואָס ער שעמט זיך ניט צו דערקלערן אַלס ייִד — וואָרום אַזאַ ייִדישקייט קען אויך ניט אָנהאַלטן, — נאָר ער זאָל וועלן זיך איינשליסן אין דער נאַציאָנאַלער ראַם. פאַר דעם ייִדן האָבן מיר ניט קיין נייע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, וואָס זאָל זיין גוט פאַר דער נייער תקופה. וואָס מען האָט זיינע אַלטע תרופות — וועלכע דער נייער ייִד קען ניט און וויל ניט פּראַקטיצירן אין דער נייער צייט. מיר האָבן ניט קיין אידיאָישן צוגאַנג צום אינטעליגענטן ייִדישן מענטשן, אידייען וואָס זאָלן זיין ראַציאָנעל, אָבער וועלכע זאָלן אויך אינספּירירן, דערוואַרעמען, באַגייסטערן. דאָס געשעט דערפאַר, ווייל מיר האָבן נאָך ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די היינטיקע רעוואָלוציאָנער־געענדערטע באַדינגונגען אין דער וועלט און אין ייִדישן פאָלק.



ווען מען זאָל דאַרפן געבן אַ נאַציאָנאַלן „דעוויז" פאַרן סעקולערן ייִדן אין גלות, וואָלט מען עס געקענט אויסדריקן אין איין וואָרט. זכור! דאָס איז טאַקע דער תמצית פון דער ייִדישער קולטור־געשיכטע. שוין די תורה האָט אין גע־דענקען געזען די גאַראַנטיע פאַרן נאַציאָנאַלן לעבן פון פאָלק. מען דאַרף ניט זוכן ווייטער ווי אין די עשרת הדיב־רות, די צען געבאָט. שוין דאָ איז אויסגעקריצט געוואָרן דער ערשטער נאַציאָנאַלער „געדענק", זכור את יום השבת לקדשו". די אַנדער ניין געבאָטן זיינען דריי אמונה׳דיקע און זעקס הומאַניטאַרע, און קיינע פון זיי האָט ניט דעם „געדענק"־אָנזאָג. (די מאָטיווירונג פאַרן געזעץ פון שבת־רו איז, נאַטירלעך, ווי דאָס רוב אָנזאָגן פון דעם מין אין דער תורה, אוניווערסאַל און אַ מעטאַפיזיש. אָבער דער עצם געבאָט איז אַ נאַציאָנאַלער און דערמיט אונטערשיידט ער

זיך צו די אַנדערע ניין).

פֿאַראַן צוויי גרונטיקסטע נאַציאָנאַלע אָנזאָגן אין דער תורה. איינס אַזאַ איז ווי אַן אַקס, אַרום וועלכער עס באַוועגט זיך די אור־געשיכטע פֿון פֿאָלק ישׂראל: „געדענק אַז דו ביסט געווען אין לאַנד מצרים“. אָט דער „זכור“ גייט אַדורך ווי אַ רעפֿריין דורך דער גאַנצער תורה. געדענק עס, שטענדיק, אומעטום, אין אַלע באַדינגונגען און ביי אַלע געלעגנהייטן, אין גלות, ווי אין אייגן לאַנד, ביים באַהאַנדלען אַ פֿרעמדן און ווען דו אַליין ביסט אַ פֿרעמדער אין פֿרעמדע לענדער. דער צווייטער קלאָרער געדענק־אָנזאָג איז אויך אַ נאַציאָנאַלער פֿונדאַמענט: „זכור את אשר עשׂה לך עמלק“. דאָ איז אַפֿילו פֿאַראַן דער אָנזאָג (שמות יז, יד׳) צו פֿאַרשרייבן עס אין היסטאָרישן ספֿר (תורה). דאָס קומט געוויס צו לערנען, אַז פֿאָלק איז זכרון. מען איז אַ ייִד ווייל מען געדענקט. ייִדן האָבן ניט געהאַט קיין געפֿיל פֿאַר אויסשפּרייטונג, פֿאַר איינעמען די וועלט אין דער ברייט, טעריטאָריעל אָדער גייסטיק, ווי דאָס האָט געהאַט דער קריסטנטום, אָדער דער איסלאַם. ייִדן האָבן געהאַט די וויזיע פֿון מרחק, פֿון לענג, פֿון געשיכטלעכן גאַנג. און אויף דעם געשיכטלעכן גורל־וועג האָט דער ייִד געפֿירט זיין לעבנס־בוכהאַלטעריע. ער האָט געהאַט אַ שאַרפֿן חוש פֿאַר געשיכטע, גרויס פּיעטעט פֿאַרן פֿאַרשריבענעם וואָרט. „פֿאַרשרייב עס דיר אין אַ בוך“. „נעם אַ גריפֿל און פֿאַרקריץ“. אַלץ מוז געדענקט ווערן, כּדי זאָלסט קענען דערציילן דיינע קינדער, ביזן סוף פֿון די דורות.

מען קען געוויס פֿרעגן: וואָס מיינט עס? רעדוצירן גאַנץ ייִדיש לעבן צו אַ היסטאָרישער בוכהאַלטעריע! „מען וויל דאָ מאַכן פֿון ייִדן עפּעס אַ פֿאַרבאַנד פֿון היסטאָריקער“? ניין און ניין. אָבער וויסן איז דער יסוד פֿאַר מעשׂים. עס קענען זיין מעשׂים אָן וויסן. אָבער דאָס טויג ניט. אָבער וויסן אַליין איז שוין אויך טאָט. און מיר לעבן אין אַ וויסן־דאָרשטיקער צייט. אמת, דער דראַנג איז בעיקר פֿאַר פּראַקטישן וויסן. געשיכטע קען ניט פֿאַרעכנט ווערן פֿאַר אַזאַ. אָבער עס איז אויך אמת, אַז דער מאָדערנער ייִד האָט מער וויסן־ווילן וועגן זיין אָפּשטאַם און פֿאָלקס־גאַנג, ווי דאָס איז ווען ניט איז פֿריער געווען. און אויך די כּלים צו וויסן זיינען היינט פֿאַראַן מער ווי ווען־ניט־איז פֿריער. מיר ריידן וועגן אינטעליגענטן ייִדישן מענטשן, וועלכער האָט אַ פֿונדאַמענטאַלן אינטערעס אין קולטור בכלל. מצוות־מעשׂיות קען מען אויפֿן דאָזיקן ייִדן נישט „אָנוואַרפֿן“. ער

וויל זיך באַפרייען, האָט זיך באַפרייט פון טייל ספּעציעלע יידישע התחייבות'ן. ער זעט ניט פאַר דעם קיין נויטווענדיקייט. די גייסטיקע און נאַציאָנאַל איינגעשאַפטן פון אַלע פעלקער ווערן איצט אָפּגעשוואַכט. די וועלט גייט, אַדאַנק דער טעכנאָלאָגיע, צו קולטור־אויסבייטונג און קולטור־שותפות. די נאַציאָנאַלע איינגעאַרטן פון יעדער פאָלק באַקומען איצט אַ זייער באַגרענעצטן ווירקונגס־קרייז. און דאָס איז ביי פעלקער וועלכע לעבן אויף זייער ערד, אין אַן אייגן פיזישער פאָלקס־ראַם, מיט אַלע אַטריבוטן פון פאָלקישקייט, אַנהייבנדיק מיט אַן אייגענע שפּראַך. די יידישע לעבנס־ראַם אין גלות, דאַקעגן, איז אינגאַנצן אויפגעבראָכן. אפילו ביי יידן וואָס האַלטן נאָך אָן אַ קולטור פּלוראַליזם, איז דער יידישער חלק שוין אויך ניט מער ווי אַ שאָטן. דאָס דאָמינירנדיקע איז די אַלגעמיינע קולטור פון אָרט. קומט מען אָבער און מען זאָגט: מיר זיינען היסטאָריש יידן, און מיר ווילן באַוווּסטזיניק עס זיין. דאָס קען דער מאָדערנער ייד פאַרשטיין. פּסיכאָלאָגיש, ווייסן מיר, וויל יעדער מענטש זיין אויסנאַמלעך. גיט מען דעם יידישן מענטשן אַ יחוס־סערטיפיקאַט. דו ביסט אַ ייד, ווייל דו טראָגסט אין באַוווּסטזיין דריי טויזנט יאָר געשיכטע. און אַלץ איז ביי אונדז פאַרשריבן. און אַלץ דאַרף זיין אין אונדזער זכרון. און גרויסע געשיכטלעכע דאַטעס פון פאָלק דאַרפן, נאַטירלעך, געפינען אַ פאַסיקע פאָרם אָפּגעצייכנט צו ווערן, פון דער יידישער משפחה און פון גאַנצן יידישן קאָלעקטיוו. דאָס איז שבת און ימים טובים, פרייד טעג און טרויער דאַטעס. תורה און תלמוד, תפילה און ליטעראַטור, רעליגיעזע ליטעראַטור און וועלטלעכע, העבּרעאיש און יידיש, יידישע וויסנשאַפט און יידישע קונסט. אַלץ דאַרף געפינען אַן אָרט אין דער יחוס־קייט פון אַ יידישן מענטשן. וואָס און וויפל דער יידישער מענטש וועט נעמען דערפון, וויפל ער וועט מקיים זיין, וואָס ער וועט אַרויסהייבן, וואָס ער וועט האַלטן פאַר עיקר און וואָס פאַר אַ ביינאַך — דאָס איז פאַר יעדער איינעם אינדיווידועל צו באַשטימען. אָבער יעדער ייד, באשר הוא ייד, דאַרף האָבן אַ ראַציאָנאַליסטישן ענטפער פאַר זיין ייד־זיין: ער איז אַ גליד פון אַ גרויס היסטאָרישן קאָלעקטיוו, וואָס הייסט יידיש פאָלק. ער טראָגט מיט זיך אַ ירושה פון דריי טויזנט יאָר ציוויליזאַציע. ער איז ניט דער ערשטער און וויל ניט זיין דער לעצטער. דערפון קומט נאַטירלעך אַ ווילן פאַר דער עקזיסטענץ פון קאָלעקטיוו און אַ פאָרם (וועלכע דאָס זאָל ניט זיין) פאַר

גאַראַנטירן זיין ווייטערדיקן לעבן. היסטאָרישע יידישקייט מיינט פולע יידישקייט, גאַנצע יידישקייט. עס מיינט גאָר־נישט אויסשליסן, קיין זאַך ניט אַוועקוואַרפן, אַלץ ווערן וויסן און געדענקען, ווייל דאָס גיט יעדערן אין פאָלק באַ־זונדער מענטשלעכע חשיבות. די מאָטאָ פאַר אַזאַ גאַנג וואָלט געקענט זיין: ווייס אַלץ און נעם פאַר דיין היינטיקן לעבן וואָס איז נוצלעך און גוט און שיין און צוגעפאַסט פאַר דיין היינט. דאָס איז ניט קיין לייכטע יידישקייט. עס איז נאָר אַלטער וויין אין נייע כלים. און געשיכטע איז די גרעסטע מענטשלעכע דראַמע. און ווייל דער וואָס איז איג־נאָראַנט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט בלייבט שטענדיק אַ קינד, און מוז זיך פילן אומזיכער, אָן וואָרצלען. „פאַרגעסן" נאַציאָנאַלע פאַרגאַנגענהייט קען האָבן די זעלבע פסיכישע אויסווירקונג ווי דאָס אונטערדריקן דעם פערזענלעכן באַ־וווסטזיין. נאָר געשיכטע דאַרף לערנען, אָבער ניט קאָנט־ראָלירן און ניט איינצאַמען דאָס לעבן און דעם פראָגרעס.

פאַנדיט נעהרו האָט אַריינגעשריבן אין זיין צוואה:

. . . און אַ הויפן פון מיין אַש זאָל מען אַריינוואַרפן אין גאַנגעס, דעם טייך וואָס איז אַ סימבאָל פון אינדיעס דורות'דיקער קולטור און ציוויליזאַציע. הגם איך האָב זיך באַפרייט פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון אינדיעס טראַדיציע און מנהגים; הגם איך וויל זיין פריי פון אַלץ וואָס האַלט צוריק די אַנטוויקלונג פון גוף און פון גייסט, — האָך וויל איך ניט איבעררייסן מיטן געשיכטלעכן עבר פון אינדיע. איך בין שטאָלץ אויף אינדיעס גרויסער ירושה, און וויל, באַ־וווסטזיניק, זיין אַ רינג אין דער קייט, וואָס ציט זיך, אומ־אונטערבראָכן, פון אינדיעס גרויסער פאַרגאַנגענהייט ביז היינט. אָט די קייט וויל איך ניט איבעררייסן און איך זוך אינספּיראַציע אין דער געשיכטע פון אינדיע.

דאָס זיינען קלוגע און ריכטיקע געדאַנקען, וואָס זיינען זייער שיין פאָרמולירט.

די יידישע געשיכטע אין אונדזער צייט איז דערגאַנגען צום סאַמע שאַרפסטן קלימאַקס, און עס איז ניט מיגלעך צו גיין צוריק; דער גרויזאַמער עבר לאָזט ניט גיין צוריק, און ליכטיקער עתיד רופט פאָרויס. נאָך מיידאַניק און נאָכן אויפקום פון דער יידישער מדינה איז ניט מיגלעך ממשיך זיין דעם וועג פון די זיידעס. אויב אַפילו דאָס וואָלט געווען מיגלעך, — וואָלט קיינער דאָס ניט געדאַרפט ווען. באַ־זונדערס יונגע מענטשן האָבן געמוזט גייסטיק רעוואָלטירן. וויל אַ יונגער מענטש פירן אַ פולע נאַציאָנאַל־יידישע

עקזיסטענץ — און דאָס קען נאָר געשען אין ארץ ישראל — איז דער וועג אָפן. אַלץ וואָס מען דאַרף איז אַ פּאַסטפּאָרט און הוצאות הדרך — צוויי זאַכן וואָס דאָס רוב יידישע מענטשן האָבן דורות לאַנג ניט געהאַט און היינט האָבן עס דאָס רוב יידן. און היינט האָבן יידן דאָס וויכטיקסטע, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט: אַ לאַנד וואָס וויל אויפנעמען, וואָס גאַרט אויפצונעמען יידן. און דאָס רוב יידן אין די פרייע לענדער, וועלכע ווילן בלייבן אין זייערע וווין־ערטער, קענען אויפהאַלטן אַ געאָרדנטן קהילה־לעבן און איינהייטן זייערע יידישע אידענטיטעט אין וועלכער מאָס זיי ווילן עס. אָבער ריין אָביעקטיוו מוז יידיש לעבן אין גלות האָבן באַגרענעצונגען, אַפילו אין בעסטן און פרייסטן גלות. עס האָט אַלע מאָל געהאַט באַגרענעצונגען, אַפילו ווען יידן האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט זיינען זיי כסדר שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון אַרום. און געוויס מוז דאָס זיין אַזוי אין אַ היינטיקער, פרייער מענטשלעכער געזעלשאַפט — און אַלע ווילן דאָך אַז עס זאָל זיין אַזאַ געזעלשאַפט און אַז עס זאָל זיין קעגנזייטיקע השפּעה און יידישע אָפּלערנונג פון אַרום און מען זאָל אויפנעמען דאָס וואָס איז גוט און שיין.



דער היינטיקער יידישער מענטש וואָלט געקענט און געדאַרפט קריגן אינספּיראַציע צו אַקטיוון יידישן לעבנס־ווילן אין אַ פולע מאָס פון דער אויפגעקומענער יידישער מדינה. די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, דער פּאָליטישער ציוניזם, איז געווען, לויט הערצלס אויסדרוק „די מדינה אונטער־וועגס״. און די „מדינה״ האָט געשטאַרקט און באַגייסטערט אַ גרויסן טייל פון פאָלק אין די לעצטע צוויי דורות. פאַר דער יוגנט איז דער פּאָליטישער ציוניזם און די חלוצ׳ישע אַרבעט אין ארץ ישראל געווען אַ נאַציאָנאַלער לעבנס עליקסיר. עס האָט אויפגעהייבן דאָס פאָלק, און באַזונדערש זיין יוגנט, פון שפלות. עס האָט געמוטיקט, געשטאַרקט, אַריינגעבראַכט ראָמאַנטיזם און גלויבן. עס איז געווען ווי אַ לייכטורעם אין אַ פינצטערן ים פאַר אַ שיף וואָס ראַנגלט זיך ערב אונטערגאַנג. דער ציוניזם איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט. עס איז געוויס געווען אויך אַ פּראָדוקט פון דער צייט, אָבער באַשטראַלט מיט וווּנדערלעכער וויזיע, מיט גרויסע מעשים. עס איז געווען אַן אַרויסקום פון טיפע אידעאַלן. אַן אַלטער חלום פון אַן אַלט פאָלק.

אַ געוואַגטע אונטערנעמונג, באַזעלט מיט חכמה און מיט מעשים. דער ציוניזם קען פאַרגליכן ווערן צו אַ כישוף׳דיקע פאַריינגערונגס אָפּעראַציע — פאַר אַ גאַנץ פאָלק.

ביזן חורבן פון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום איז די יידישע עקזיסטענץ געווען פון די גרויסע וועלט־וואונדער, וואָס האָט געפּלעפּט פיינט און פריינט און אונדז אַליין. אַלע גרויס־גייסטיקע מענטשן האָבן אָנגעוויזן אויף דעם פּלא פון יידישן קיום, אַ וואונדער וואָס האָט באַגייסטערט פריינט און געשראָקן שונאים. הרב קוק און מאַרק טווין האָבן גערעדט אין איין לשון, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז אַלץ איז שטערבלעך, נאָר ניט יידיש פאָלק. פאַראַן געווען שכל׳דיקע ראיות פאַרן יידישן קיום. אָבער נאָך אַלע לאָגישע באַווייזן בלייבט עס פאָרט אַ טיפער סוד, יידישער לעבן און איבערלעבן. און דער יידישער קיום־סוד רופט אַרויס באַגייסטערונג און מיסטעריעזע שרעק. און ווי טיף עס איז דער וואונדער־סוד פון יידישן איבערלעבן, אַזוי גרויס — אויב ניט נאָך העכער — איז דער יידישער ווידעראויפקום אין ארץ ישראל.

די „מדינה אונטערוועגס“, וואָס האָט געבראַכט צום אויפקום פון דער יידישער מדינה, האָט געראַטעוועט די יידישע פאָלקס־עקזיסטענץ. אָבער די יידישע געשיכטע, צוליב איר זעלטענע ספּעציפיטעט, האָט מאָדנע קאַפּריזן. גראָד נאָכן אויפקום פון דער מדינה האָט ציוניזם, ווי אַן אידייע און, במילא, ווי אַ באַוועגונג, פאַרלאָרן איר יוגנט־כוח און איר רייץ. אויך דאָס איז אַ פּראָדוקט פון דער צייט. די געענדערטע צייט און דער געביטענער אויסזען פון יידיש לעבן אין די פרייע לענדער האָט אונטערגעשלאָגן די וואָרצלען פון ציוניזם. די צי־קראַפט פון ארץ ישראל דורך אַלע דורות איז נישטאָ היינט. נישטאָ דער נאַציאָנאַלער גלימער, וואָס איז געווען איינגעטוליעט אין אמונה און משיח׳ישער בענקשאַפט פון רעליגיעז־מיסטישער ראָמאַנ־טיק. דאָס קען ניט זיין ביי עמאַנציפּירטע יידן אין אַ מאַטעריאַליסטישער וועלט. עס איז אויך נישטאָ, אין דער דעמאָקראַטישער וועלט, די שטויס־קראַפט, וואָס האָט געהאָלפן דעם ציוניזם צו ווערן אַ פּאָליטישע באַוועגונג; די שטויס־קראַפט פון פאַרפאָלגונגען. 80 פּראָצענט, און אפשר מער, יידישע מענטשן זיינען שוין געבוירן געוואָרן אין פולשטענדיקער פרייהייט. זיי קענען ניט דאָס יידישע לעבן פון מזרח אייראָפּע, וווּ עס האָט זיך אויסגעוואַרעמט דער שטאַרקסטער נאַציאָנאַלער יידישער לעבן אין גלות,

ווו עס איז אויך געבוירן געוואָרן דער ציוניזם, און ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער בלוטיקער פינאַל פון גלות, ווי מיר האָבן אים געקענט. די יונגערע יידישע דורות נעמען אויף דעם אויסראָט פון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום ווי אַלע נאָרמאַלע מענטשן: ווי אַ פינצטערע, ברוטאַלע העגענעראַציע; ווי אַ ליקוי חמה פון ציוויליזאַציע, ווי אַ קאַטאַסטראָפע, אַ מאָראַלישע העקאַדענץ, ווו דער אומגייסט האָט אויף אַ וויילע — און נאָר אויף אַ וויילע — געקראָגן די איבערהאַנט. זיי גלויבן אָבער אַז די שטייגנדיקע ציוויליזאַציע און דער אַלגעמיינער פּראָגרעס קענען פאַרזיכערן, אַז אַזוינס זאָל זיך ניט ווידערהולן. די פריי־געבוירענע יידן גלויבן, מיט אַלע און ווי אַלע נאָרמאַלע מענטשן, אַז אַזוינס וועט מער קיינמאָל ניט געשען. די וועלט איז טאַקע נאָך ניט פריי פון ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם. אָבער אַז מען וויל — און דער גרעסטער טייל פון פאָלק וויל — קען מען מיט רעכט מינימיזירן די אַנטיסעמיטישע מאַניפעסטאַציעס וואָס זיינען נאָך פאַראַן; מען קען זיי דערקלערן ווי פאַראיינצלטע אויסברוכן פון קראַנקהאַפטע אַוואַנטוריסטן; ווי אַ נאַטירלעכער איבערבלייב פון היטלעריזם, פון זיינע צעשלאָגענע רעשטלעך, וואָס גייסטערן נאָך האָפנונגסלאָז אַרום אין דער וועלט.

דער אויפקום פון מדינת ישראל האָט אויך פאַרזיכערט פיזישע עקזיסטענץ, פאַר די יידן וועלכע דאַרפן עס, וועלכע זיינען פיזיש באַדראָט. דאָס האָט אויך באַרואיקט דעם געוויסן פון די וועלכע זיינען אַליין ניט באַדראָט. במילא זיינען אַפילו פאַרשוואונדן די נעגאַטיווע פאַקטאָרן ווי סטימולאַטאָרן צו באַוווסטזיניקער, אַקטיווער ייד־דערהאַלטונג. דער אויפקום פון ישראל האָט געראַטעוועט דעם יידישן פאָלק, דורך פאַרזיכערן זיין ווייטערדיקן געשיכטלעכן גאַנג. גלייכצייטיק האָט אָבער די מדינה, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט זיין, „פאַרלייכטערט“ צו ווערן אַפּאַטיש צו נאַציאָנאַלער יידישער עקזיסטענץ. דער פרייער ייד האָט ערשט איצט זיך דערזען, אין די לענדער ווו ער לעבט, ווי אַ פרייער מענטש.

מדינת ישראל האָט און שאַפט שוין איצט גענוג יידישקייטס ווערטן — פאַר זיך. זי האָט גענוג יידישע גייסטיקייט. פאַראַן אין ישראל תורה, יידישער וויסן, אידעאַליזם און עס קריסטאַליזירט זיך אַ יידישע ציוויליזאַציע. פאַראַן אָפּלאַכערס פון דעם „נאַציאָנאַלן משוגעת“ אין „זוכן היסטאָרישע שערבלעך“, די אַרכיאָלאָגישע

אויסגראַבונגען, וואָס זיינען געוואָרן אין ישראל מער ווי אַ ספּעציאַליטעט פאַר וויסנשאַפטלער. אָדער די תנ״ך־פאַר־מעסטונגען, וואָס זיינען געוואָרן אַ „נאַציאָנאַלער ספּאָרט״. אויב אַפילו די אַפּלאַכערס זאָלן זיין גערעכט, איז עס פאָרט אַ שיינער „ספּאָרט״, און אויך אַ זייער פּאַסיקער פאַרן עם הספר. און דורכן „משוגעת״ פון גראָבן זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט ווערט דאָס פאָלק אין ישראל פאַרבונדן מיטן רייכן עבר. יעדער געפונענער שערבל, און געוויס די מגילות און בריוו, גיבן אַ געפיל פון שטאָלץ, ווייזט אויף גייסטיקן און נאַציאָנאַלן המשך. אָבער דאָס אַלץ איז געראָדט געוואָרן, אַז מען לעבט טאַקע אין אייגן לאַנד, מען רעדט דעם אייגענעם לשון, מען שטיצט זיך אויפן אייגענעם כוח, מען באַאַרבעט אייגן ערד — און אויב דערצו „שפּילט״ מען זיך נאָך מיט תנ״ך און מען גראָבט זיך אין יידישער פאַרגאַנגענהייט, — בויט מען אַ באַנייטע יידישע ציוויליזאַציע. אָבער פאַר די יידישע מאַסן, וואָס לעבן אין און מיט אַ פרעמדער קולטור, איז תנ״ך־פאַרמעסטונג, אַפילו תנ״ך־וויסן, אַ קנאַפּע תרופה פאַר וויטאַלער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונג. העברעאיש איז ניט און ווערט ניט דאָס לשון הייגט פון מאַסן־יידן אין גלות, עס איז ניט זיין וועלט און ניט זיין ספּאָרט. פאַר דעם ניטיקט זיך אייגן ערד, נאַציאָנאַלע לופט, וואָס דער ייד אין גלות האָט ניט — און מען קען עס ניט באַשאַפן קינסטלעך.

עס קומט אויך צו דער פאַקט, אַז די קולטור, וואָס ישראל האָט, איז ניט פאַר עקספּאָרט. ניט זי פּראָדוצירט אַזאַ אַרטיקל וואָס זאָל זיין גוט פאַרן „מאַרק״ און גלות, ניט זי וויל עס גאָר אַרויסשיקן. פאַראַן נאָך „בטלנים״ וואָס עסק׳ן זיך מיט „בויען בריקן״ צווישן ישראל און דעם יידנטום אין גלות. אָבער דאָס פאָלק אין ישראל איז ניט אינטערעסירט דערמיט, וויל עס ניט, איז גלייכגילטיק צו דעם — און דאָס מוז, באַטירלעך, ווערן שטאַרקער. ווען עס וועט אָפּפאַלן די פּאָליטיש־מיליטערישע שפּאַנונג אַרום ישראל (און מיר האָפן דאָך אַלע אַז דאָס וועט געשען); און ווען ישראל וועט קומען צו עקאָנאָמישער סטאַביליטעט, אַז זי זאָל ניט דאַרפן אָנקומען מער צום יידנטום אין גלות, דאַן וועלן אויך די גייסטיקע „טראַנספּאָרטן״ זיך אָפּשטעלן. קומט אויס, אַז וואָס שטאַרקער ישראל וועט ווערן פיזיש, אַלץ שוואַכער וועט ווערן איר גייסטיקער בונד מיטן גלות.

פאַראַן אַ גאָר וויכטיקער פאַקטאָר הייגט, וואָס פאַר־קניפּט ישראל־יידן צו יידן אין גלות — אַ פאַקטאָר וועלכן

מען פאַרזעט: משפחה׳דיקע פאַרבינדונג. דער אַלטער ישוב אין ארץ ישראל, און געוויס די ניי־געקומענע פון אייראָפּע, האָבן שטאַרקע בלוט־פעדים, משפחה־קרובה׳שאַפט מיט יידן אין גלות. חוץ לזה איז נאָך פאַראַן, מיטן מזרח אייראָפעאישן טייל אין ישראל, געמיינשאַפט פון שפּראַך, יידיש, פון אָפּשטאַם־זכרונות, געמיינזאַמע נעמען, זיטן און מנהגים. דאָס אַלץ וועט, אין אַ דור, צוויי, ווערן פאַרגעסן. און דער פרייער ייד אין ישראל וויל דאָך לעבן ווי אַלע פרייע מענטשן אין דער וועלט. ער האָט די זעלבע שטרעבונגען ווי מענטשן אומעטום. ער געניסט פון דער זעלבער אַלגעמיינער קולטור, און וויל זיין אַ שותף צו איר. הוץ העברעאיש לערנט ער אויך אַ וועלט־לשון, און דאָס איז נאַטירלעך און גוט. ער לייענט די זעלבע ביכער ווי דער ניט־ייד און ווי דער ייד אין דער פרייער וועלט. ער זעט די זעלבע פילמען און טעאַטער פאָרשטעלונגען, געניסט פון זעלבן פראָגרעס און וויל זיך, און דאָס לאַנד, איינפעדעמען אין גאַנג פון דער טעכנאָלאָגישער צייט הייַנטיקער. ספּעציפיש איז פאַר אים נאָר די נאַטירלעכע נאַציאָנאַלע לופט וואָס ער אָטעמט, — און דאָס קען מען קינסטלעך ניט באַשאַפן פאַרן יידן אין חוץ לארץ. טאָ וואָס וועט פאַרבינדן, ספּעציעל, יידישלעך, דעם נייעם יידן אין ארץ ישראל מיט דעם יידן אין גלות? עס בלייבט נאָר איינס: רעליגיע. אָבער דער מצב פון רעליגיע הייַנט איז אַזאַ (ווי מיר ווילן עס באַלד ווייזן), אַז עס איז ניט קיין געווג שטאַרקע פאַרבינד־שנור. און אויף וויפל דאָס איז יאָ, באַדייט עס, אַז דער ייד אין גלות וועט האָבן מער שייכות צום יידן אין מאה שערים, ווי צו דעם אין נהלל. שוין הייַנט זייַנען מיר עדות ווי מאה שערים און וויליאַמסבורג פון ניו־יאָרק און גייטסהעד אין ענגלאַנד (ערטער וווּ עס לעבן עקסטרעם פרומע יידן) ריידן דעם זעלבן לשון (טאַקע אָפט אויך אין שפּראַך, יידיש), בשעת רוב ציוניסטן האָבן שוין ניט קיין געמיינזאַמע שפּראַך, ניט פּאַקטיש און ניט אידייאיש, מיט יידן אין ישראל. אמת, עס וואַקסט אויך אַ נייער טיפ תורה־ייד אין ישראל, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון די נייע, מאָדערנע ישיבות אין לאַנד. אָבער ווען מען קוקט זיך צו נענטער צו אָט דעם נייעם רעליגיעזן ייד אין ישראל, זעט מען באַלד איין, אַז ער האָט מער אינערלעכע שייכות צום פרייען יידן אין ישראל גופא, ווי אַפילו צום פרומען יידן אין גלות. דער רעליגיעזער לעבנסדרך פון דעם יונגן פרומען ישראלי האָט באַקומען אַ נייע

פּאַרב, אַ נייע ווענדונג, וואָס רופט זיך איבער מיט רבי עקיבאַ'ן, אָבער גאָר ווייניק מיטן דרך פון בעל שם טוב און ר' ישראל סאַלאַנטער.

דער ייד אין גלות, אין אַלע זיינע שאַטירונגען, וועלטלעכע און פרומע, קען ניט דערוואַרטן קיין דירעקטע גייסטיקע השפעה און וועג־ריכטונג פון ישראל, ווי אחד העם האָט געמיינט אַז עס וועט געשען. ישראל איז שוין היינט ניט אינטערעסירט אין דעם, און מאָרגן וועט זי געוויס ניט האָבן קיין געדולד און אינטערעס עס צו טאָן. און ניט אַלץ וואָס ישראל וויל נאָך היינט אפילו געבן דעם ייד אין גלות — וויל דער נייער ייד נעמען. ניט אַלץ קען ער אויך נעמען. די באַדינגונגען זיינען אַנדערע. און די צייט שאַפט אַ גייסטיקע און פּאַקטישע צעשיידונג צווישן דאָס לאַנד ישראל, די בירגער פון ישראל און די „ברידער" יידן אין גלות. דער ייד אין גלות בלייבט אָן דירעקטער גייסטיקער הילף פון ישראל, אָנגעוויזן אויף זיך אַליין.

מען מעג אָננעמען מיט זיכערקייט, אַז רעליגיע וועט נאָך אַלץ שפּילן ביי יידן אַ גרויסע ראָל, אויך ווי אַ נאַציאָנאַלער פּאַקטאָר — און יידישע רעליגיע איז, אין איר תוך, נאַציאָנאַל. רעליגיע האָט, ווי אַ מיסטישע און פונדאַמענטאַלע לערע, אַ סך פּנימער. וועלן אַ סך היינטצייטיקע יידן געוויס געפינען אין איר נייע פאָרמען, צוגעפּאַסטע צו דער צייט. אָבער עס זעט זיך ניט, אַז דאָס קען זיין דער וויטאַלער כוח פאַר פאָלקס־דערהאַלטונג, ווי דאָס איז געווען דורך אַלע דורות ביז איצט.

אין אַלע יידישע דורות איז געווען דער באַוווסטזיין, אַז עס איז אַ זכות צו זיין אַ ייד. וואָס שווערער עס איז געווען צו טראָגן די לאַסט פון ייד־זיין, אַלץ שטאַרקער האָבן יידן געפילט די אויסנאַמלעכקייט זייערע. טאַקע אין דעם ליידן גופא האָבן יידן געפונען אויסדערוויילטקייט, די אמונה, אַז פאַרן צער וועט קומען שכר. די טרערן ווערן „ערגעץ" געזאַמלט אין אַ זילבערנעם בעכער, דער בעכער וועט אַמאָל פול ווערן, און דאַן וועט זיין די נחמה אַזוי גרויס, ווי טיף עס איז געווען די פּיין. אַלע יסורים זיינען נאָר פּרופונגען אויפן וועג פון לייטערונג, אַז דאָס פאָלק זאָל ווערט זיין צו ווערן אַ ליכט פאַר זיך און פאַר אַלע פעלקער. דער גע'רודפ'טער יחיד האָט דערמיט זיך אַריינגעוועבט אין דער נצח־קייט פון יידישע דורות, ווי אַ טיילכעלע פון אַ גרויסן קאָלעקטיוו. יעדער ייד איז געווען אין מצרים, אַזוי האָט מען אים געלערנט דאַרף ער פילן

— און אַזוי האָט ער געפּילט; ווער אַליין איז באַפרייט געוואָרן פון מצרים, ער איז געשטאַנען אונטערן באַרג סיני, און אין אים איז פאַראַן דער עצם פון אַלע פאַרגאַנגענע דורות. אַזוי אויך קען ער זיין אין אַלע צוקונפטיקע יידישע דורות. אָט דער באַוווסטזיין איז נישטאָ מער. דער עמאַנצי־פּירטער ייד, ווי דער מאָדערנער מענטש בכלל, איז אַ סקעפּ־טיק און אַן אינדיווידואַליסט. דער היינטיקער ייד פילט ניט דעם זכות אין דעם וואָס ער איז אַ ייד, און ער דערוואַרט ניט קיין שכר פאַר דעם. זיין פאָלקס־שייכות איז בעיקר אַ ביאָלאָגישע און אָפט אויך אַ פּאַסיוו־רעליגיעזע; עס מיינט, מען איז אַ ייד, ווייל מען געהערט צו אָט דער רעליגיעזער גרופּע, אָבער די אָנגעהעריקייט ביים רוב דריקט זיך אויס דערמיט, וואָס מען געהערט ניט אָן צו אַן אַנדער רעליגיע.

פאַרן היינטיקן יידן איז איינגעפאַלן די פיזישע ראַם, אין וועלכער יידן האָבן געלעבט פאַר זיך, במילא איז אויך אויסגעהערט געוואָרן די גייסטיקע לופט, וועלכע יענע ראַם האָט באַשאַפן און איינגעהאַלטן. אָבער אַז מען וויל היינט צוריקגעווינען דעם יידישן מענטשן — איז עס דאָך ניט כדי צוריקצוברענגען אים אין דער אַלטער ראַם, נאָר אין יידיש־גייסטיקער אַטמאָספערע. גייסט איז אַ צו אידעלע מאַטעריע מען זאָל עס קענען „זען“. עס לאָזט זיך דערקענען און דעפינירן נאָר דורך קאָנקרעטע מעשים. אידעאַלן אַנטפּלעקן זיך דורך טאַטן. אמונה דאַרף מצוות. איז דאָס פּראָבלעם אין דעם, וואָס מיר פאַרמאָגן נאָך ניט קיין נייעם לבוש, קאָנקרעטע פאָרמען פאַר דער אַלטער יידישער גייסטיקייט.

רעליגיע פאַרנעמט אַלץ אַ גרויסע ראָליע אין דער וועלט. אָבער אירע גלויביקע שפּיצן זיינען אָפּגעבראָכן, פון אַלע רעליגיעס. יידישע רעליגיע איז אויסגעפּרובירט ווי אַ נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס־כוח. עס איז עכט. עס איז באַ־זירט און אַלט, ווי אַלט עס איז יידיש פאָלק. אָבער „יידיש־קייט“ היינט — אפילו פאַר געוויינלעכע פרומע יידן — איז שוין ניט די פעסטע מויער אין דער אייזערנער בריק, ווי דאָס איז געווען דורך לאַנגע דורות. און אויך די יידישע רעליגיעזע פּראַקטיק איז היינט שוין ניט קיין איינהייטלעכע, וואָס פאַרבינדט, נאַציאָנאַל אפילו, דאָס גאַנצע פאָלק.

אויב „צוריקגיין“ צו רעליגיע — קען עס נאָר געמאָלט זיין צום סאַמע תוך, צום קערן פון איר פילאָסאָפישע לערע. אָבער אַזוינס קען זיין גוט נאָר פאַר יחידים. רעליגיע ווי אַ מעטאַפיזישע לערע, אָן טאָג־טעגלעכע מצוות מעשיות, האָט נישט קיין האַפט און קען געוויס ניט זיין קיין גאַראַנטיע

פאַר פאָלקס קיום. הערפאַר זיינען מיר עדות פון אַ בייע דערשיינונג: די יידן וואָס זיינען פאָרמעל, אָדער אַפילו באַוווּסטזיניק פאַרבונדן מיט רעליגיע, טוען עס היינט אויף אַ סעקטאַנטישן אופן. יידישע רעליגיע איז אַלעמאָל געווען אַן אַלגעמיין נאַציאָנאַלער קנין און שוץ־וואַנט. ניט איצט. היינט זיינען די רעליגיעז־אָנגעהעריקע צעטיילט לויט גרופּן, חעגאָמינאַציעס, אָדער כיתות. פאַראַן אָרטאָדאָקסן און קאָנסערוואַטיוון און רעפאָרמער. און אין די באַזונדערע כיתות איז אויך ניט פאַראַן קיין איינהייט. פאַראַן אָרטאָ־דאָקסן ביי די רעפאָרמער און רעפאָרמער ביי די אָרטאָ־דאָקסן. אַזוי קען מען נאָך גאַנץ גוט אויפהאַלטן רעליגיע, אָבער אַ נאַציאָנאַל־צעמענטירנדיקער פאַקטאָר, פאַרן גאַנצן פאָלק, איז עס ניט. נאָר אַפילו אַזוי, אין סעקטאַנטישקייט, נעמען אַלע גרופּן צוזאַמען אַרום נאָר אַ קליינעם טייל פון פאָלק, און דאָס אויך נאָר אָפּיציעל. עס זעט זיך ניט אַז פּראַקטיצירנדיקע רעליגיע זאָל צוריק ווערן דער דאָמי־נירנדיקער פאַקטאָר אין יידישן לעבן; עס זאָל אַרומנעמען דעם גרעסטן טייל פון פאָלק, אים געבן איינהאַלטס־כוח און צוזאַמענהאַלטונג. איך הער סעקולערער וועלט און פרייער געזעלשאַפט האָט רעליגיע פאַרלאָרן אָט דעם כוח, ווי אַ מאַסן־אויסדרוק. ראַציאָנאַליזירטע רעליגיע, אָן מיסטיציזם, אָן טיפער אמונה און אָן ראָמאַנטיק; רעליגיע אָן פּראַקטיק, וואָס ניט זי פאָדערט און ניט זי לייגט אַרויף האַרבע פליכטן; אַזאַ פאָרמעלע אָנגעהעריקייט צו רעליגיע, ווי מען זעט עס היינט, האָט די ווערט פון אָנגעהעריקייט צו אַ קלוב. און נישטאָ אַזאַ "קלוב" וואָס זאָל ווערן אַ פאָלקס קנין, פאַר וועלכן מענטשן זאָלן גיין אויף מסירת נפש.

דורך לאַנגע יאָרהונדערטער איז די רעליגיעזיטעט געווען אַ פּראָדוקט פון ספּעציפישן יידישן לעבן. די רעליגיעזע הנהגה איז געווען אַ פּראָדוקט פון "שטעטל" און דאָס שטעטל־לעבן האָט באַשיצט די רעליגיעזע הנהגה. אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט אַ נוסח, וואָס איז געוואָרן אַ לעבנס־פיר און אָט דער לעבנס־פיר גופא איז געוואָרן רעליגיע. דאָס פיזישע לעבן אין איינענעם תחום האָט אויס־געווירקט און באַשטימט די גייסטיקע תחומים. די פאָרמען, ווי מען האָט אויסגעהיט די דינים, הלכות, האָבן זיך גוט אַריינגעפּאַסט צו אַ לעבנס־אַרט וואָס איז געווען אָפּגעזונ־דערט און זיך באַוועגט פּאַמעלעך. אָבער אָט די ביידע זאַכן עקזיסטירן נישט מער. דאָס אַלגעמיינע לעבן באַוועגט זיך מיט אַ פאַנטאַסטישן אימפּעט. בעיקר איז עס צו

פֿאַרדאַנקען דער טעכנאָלאָגיע און אַנדערע פּראַקטישע וויסנשאַפֿטן. אָבער דאָס האָט זיך, נאַטירלעך, אויך אויסגעווירקט אויף אַלע געביטן פֿון מענטשלעכן לעבן און אינטערעסן, אויך אין די גייסטיקע וויסנשאַפֿטן, אַפֿילו אין די ריין אַבסטראַקטע, אין אַלע צווייגן פֿון דער ליטעראַטור, אין פֿילאָזאָפֿיע און רעליגיע. און דער פֿרייער ייִד — פֿיזיש פֿריי — טראָגט זיך אויף ראַשיקע צייט־פֿליגלען, צוזאַמען מיט אַלע מענטשן. די אָנגענומענע רעליגיעזע פֿאָרמען קענען, דערפֿאַר, מער ניט צוזאַמענהאַלטן דעם ייִדישן מענטשן אין אַ נאַציאָנאַלע איינהייט. די פֿאָרמען זייִנען איינגעפֿאַלן צוזאַמען מיט די איזאָלאַציע ווענט, — וואָס קיינער וויל ניט צוריק אויפֿשטעלן.

ווען מײַן דור איז געבוירן געוואָרן זײַנען געווען צוויי מיליאָן ייִדן אין צפֿון אַמעריקע. הײַנט זײַנען פֿאַראַן זעקס און אפֿשר מער. (עס וואָלט געווען נאָך מער, ווען אַ גרויסער טייל וואָלט זיך ניט אויסגעמישט און פֿאַרשוווּנדן געוואָרן). לויט דעם זעלבן חשבון וועלן זײַן ווייניקסטנס צען מיליאָן ייִדן אין אַמעריקע אין 50 יאָר אַרום. אויב זיי וועלן ווײַטער בויען שולן, לויטן טעמפּאָ ווי ביז ניט לאַנג צוריק, קאָמיוניטע צענטערס, מיט ישיבות, חדרים און טאָג־שולן, וועט דאָרטן אפֿשר זײַן אַ גלות מיט אַלע פּיטשעווקעס. איז דאָס טאַקע וואָס מען וויל? ייִדן האָבן עס קיינמאָל ניט געוואָלט. ייִדן האָבן געבויט שולן על תנאַי — ביז משיח וועט קומען. און אַ וווּנדערלעכער חזיון פֿון די חכמים האָט אויסגעמאָלן, אַז בתּי כּנסיות פֿון גלות וועלן אַריבערפֿליען קיין ציון, ווען די גאולה וועט קומען . . . ייִדישע הײַזער האָט מען געבויט איבערלאָזנדיק אַ שוואַרצן פֿלעק — אַ זכר לחורבן. נאָר ניט פֿאַרגעסן. ווײַל ייִדיש לעבן האָט אין קיין גלות, אויך ניט אין דעם „גוטן“, זיך געוואָלט איינבירגערן. אין מצרים איז יעקב געקומען „לגור בה“, צו איבערוואַרטן, ניט להשתקע, ניט זיך אײַנוואָרצלען. און אויף פּוילן האָבן ייִדן קלוג געטײַטשט פּה לין, צו איבערנעכטיקן דאָ, אָבער ניט ווערן קיין שטענדיקע תּושבֿים. דורכן גאַנצן גלות האָט דאָס פֿאָלק געלעבט גײַסטיק איבער דער צײַט און ווײַט פֿון דעם אָרט פֿון פֿיזישער וווינשאַפֿט; עס האָט ניט געהאַט קיין „דאָ“ און קיין „איצט“; עס האָט געלעבט מיטן געשיכטלעכן עבר און מיט דער בענקשאַפֿט צום עתיד, מיטן זכר און זכּרון פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרגאַנגענהייט און מיט דעם הייסן ווילן צום אויפֿקום פֿון פֿאָלק אין דער צוקונפֿט.

ווייל מען אַז אַמעריקע, דער פרייסטער און גרעסטער ייִדישער קיבוץ אין דער ייִדישער געשיכטע, זאָל ווערן אַ פּה לין, אַ גשר? ווייל מען אַז וועלכער ייִדישער קיבוץ אין דער פרייער וועלט, זאָל זיין נאָר אַן אכסניה? ניטאָ קיין בר דעת וואָס וויל עס; ווייל דאָס איז ניט רעאַליסטיש און ניט מיגלעך צו דערוואַרטן. טאָ ווי וועלן מיליאָנען מענטשן מסדר, און אין אַלץ, פאַראוואָנען שבת פאַר זיך?! ייִדן פרייע, עמאַנציפּירטע, אינטעליגענטע, איינגעוואָרצלטע אין אַלגע־מיינעם לעבן, אין דער שפּראַך, קולטור, קונסט, געזעל־שאַפט, אינדוסטריע, טעכניק, קאָמערץ און וויסנשאַפט. אַט אַזעלכע ייִדן — און אַזעלכע ווייל מען דאָך זיי זאָלן זיין — וועלן אַ גאַנצן לעבן האַלטן אין שרייען „אני שלמה", מיר זיינען ייִדן, מיר זיינען אָפּגעזונדערט און אַנדערש — אין אַלץ, אין טאָג־טעגלעכן לעבן?! נאָר אַ פאַנטאַזיאָר אָדער אַ שוטה קען גלייבן אַז דאָס איז מיגלעך — און אפילו נויטיק — היינט, ווען ייִדן וואַרטן ניט אויף משיחן, און ווען מיליאָנען ייִדן אין די פרייע לענדער ווילן בלייבן דאָרטן ווו זיי זיינען. דער „המבדיל בין ישראל לעמים" איז אין גלות געווען אַן אַרויסגעצוווּנגענער און אַן אמונהדיקער. מען האָט געמוזט זיין אַנדערש און מען האָט געוואָלט זיין אַנדערש, ווייל געווען די טיפע אמונה, אַז ייִדן זיינען אַנדערש. איצט, — על כל פנים צום מאָמענט, און אין די פרייע לענדער — איז ניטאָ דער צוואַנג און עס איז אין ערגעץ ניטאָ די אמונה. „הבדלות וקדושת" גייען צוזאַמען. דער גלויבן, אַז ייִדן זיינען אַ הייליק פאָלק, האָט זיי אויס־געטיילט און אָפּגעטיילט. אָבער „אם אין תורה, הבדלה מנין", אויב עס איז ניטאָ קיין אמונה אין דער קדושה׳דיי־קייט פון ייִדישן לעבן, קען אויך ניט זיין קיין הבדלה, קיין שאַרפער פונאַנדערטייל.

די ייִדישע געשיכטע איז אַריבער אַ תהום פון בלוט און פון טויט און עס קען ניט זיין קיין צוריק. און ווער עס וויל אַנהייבן פון דאָרטן ווו מען האָט זיך אָפּגעשטעלט — זאָל ער. מען דאַרף אַזעלכע ניט זיין מקנא. לאָמיר מודה זיין, ניטאָ וואָס זיך צו שעמען: עס איז שווער געווען צו הייבן דעם קול קעגן די, וועלכע האָבן נאָך דער מלחמה ניט געוועלט אויסטאָן זייער אנוסים־מאַסקע און זיי זיינען געבליבן אין דער פרעמד; ייִדן וועלכע האָבן זיך אויסבאַ־האַלטן אין דער מלחמה אויף דער „אַרישער זייט", גע־לעבט פאַרשטעלט ווי קריסטן, און האָבן נאָך דער מלחמה ניט געוואָלט קומען צוריק. אויב זיי האָבן עס געטאָן צוליב

פּחד — דאַרף מען האָבן דרך ארץ אויך פאַר מענטשלעכן פּחד. און אויב זיי האָבן עס געטאָן מיט רעוואָלט — טאָ איז עס געוויס זייער רעכט. נאָר דער אמת פרומער, יראת שמים׳דיקער ייד, וואָס פרעגט קשיות און פאַרענטפערט זיי אויף זיין דרך, נאָר ער האָט אַ רעכט צו זיין היינט, ווי ער איז געווען נעכטן. אָבער די יידישע געשיכטע קען ניט ממשיך זיין איר גאַנג, ווי געווען. זי טאָר עס ניט צוליבן נעכטן, און זי קען עס ניט צוליבן היינט און מאָרגן. מוזן קומען ענדערונגען, שאַרפע ווי אַ קייזער שניט. און די ענדערונגען קומען, זיי זיינען שוין פאַראַן.

דער אינטעליגענטער יידישער מענטש בלייבט אין יידישן תחום, לויט זיין אייגענעם איינזען. ער שטאָלצירט ניט מיט זיין ייד־זיין, אונטערשטרייכט עס ניט און שטעלט עס ניט אַרויס ווי אַ פאָן. ער לעבט ווי ער וויל, אָדער, ריכטיקער, וויל לעבן ווי ער קען. די מאַטעריעלע פּראָבלעמען און פאַרגעניגנס פאַרנעמען היינט ביים מענטשן דאָס רוב פון זיין צייט און פון זיין ענערגיע. דער ווילן צו דעם איז אַלעמאָל געווען, אויך ביים יידישן מענטשן, הגם אַ סך באַמיען זיך עס צו פאַרלייקענען. ניט געווען זיינען נאָר אַזוי גרויס די אָנשטרענגונגען צו באַקומען די מאַטעריעלע פאַרגעניגנס, און אויך ניט די מיגלעכקייטן עס צו דער־גרייכן. (און קען זיין, אַז איינס איז געווען אָפּהענגיק פון צווייטן: וויבאַלד די מיגלעכקייטן זיינען ניט געווען אַזוי אָפן, זיינען די אָנשטרענגונגען ניט געווען אַזוי שאַרף). דאָס וואָס מען רופט היינט „גייעג נאָך ווילטאָג“ איז אויך אַ גייעג צו פּראָגרעס — געטריבן פון פּראָגרעס גופא. און דער יידישער מענטש איז אין אָט דעם טעכנאָלאָגישן און סאָציאַלן פּראָגרעס־פּראָצעס אַ מיטשעפער און קאָנסומענט. בלייבט אים, ווי אַלע אַנדערע מענטשן, וויניק צייט און ווילן פאַר פּראָבלעמען וואָס דריקן ניט צו ווערן געטאָן אָדער זיך פאַרנעמען מיט זיי. קומען אָבער טעג און געשעענישן וואָס פאָדערן זיין אַקטיווע ייד־אידענטיפיקאַציע, צו שמחות אָדער צו טרויער — איז ער דאָ. און אָפט אויך וואַרט ער ניט מען זאָל אים רופן — ער קומט אַליין.

איז דאָס אַ יידישקייט מינימום שבמינימום? קען זיין. אָבער עס איז דאָס איינציקע וואָס מען קען היינט דער־וואַרטן, וואָס קען זיין, לויט דער אַלגעמיינער און יידישער צייט. און אויב מען זאָל דער יידישקייט געבן אַ קולטור־היסטאָרישן יסוד, אין יידישער געשיכטע און יידישן ווילן, וועלן יידן לעבן און עקזיסטירן, ווי מענטשן, מיט באַוווסט־

זיניקער אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. און פון דער צווייטער זייט וועט זיין מדינת ישראל, אַ שטאַרקע און שלומדיקע, ווי עס איז היינט דער טיפּסטער ווילן פון יעדער יידן. און אַהין וועט כסדר גיין אַן אימיגראַציע, פון אַלע לענדער, פון יונגע אידיאַליסטישע מענטשן, און פון אַזעלכע וואָס ווילן לעבן אַ פולן יידיש נאַציאָנאַלן לעבן.

אין פופציק יאָר קענען אַלע קנייטשן און קנופּן אין דער יידישער פּסיכיק ווערן אויסגעגלייכט און אויסגעגליעט. די פּאַקטישע נאַציאָנאַלע נאָרמאַליזאַציע וועט ברענגען אויך נייע גייסטיקע נאָרמעס און אַ געזונטע באַלאַנסירונג. די שאלה איבער אַלע שאלות איז נאָר: האָבן יידן צו זייער דיספּאָזיציע אַזעלכע רואיקע יאָרן? אויב עס זיינען ניטאָ אַזעלכע, — זיינען אַלע רייד און פּלענער איבעריק. ווייל די געשעענישן וועלן אַליין טרייבן און יאָגן און קערעווען, ווי ביז איצט. אָבער אַך און וויי, אַז אונדזערע קינדער, אָדער זייערע קינדער, זאָלן דאַרפן ווידער אָנהייבן דעם זעלבן גאַנג און גורל און גזר. אויב אָבער — ווי מיר האָפן — די יידישע געשיכטע איז געקומען צו אַן איבערברוך, און פאַראַן פופציק יאָר פון רו — טאָ אַזוי ווייל און גוט. און ווויל און גוט צו די, וואָס ווילן מאַכן אַ סוף צום גאַנג, וואָס האָט ניט געבראַכט דאָס יידישע פאָלק ניט קיין גליק און קיין מנוחה און ניט קיין טרייסט, נאָר לייד און טרערן, בלוט און אומקום.

די יידישע געשיכטע איז דערגאַנגען צו אַ סוף פּסוק, צום סאַמע תהום — און ווויל צו די, וואָס האָבן געהאַט דעם כוח און דעם ווילן אָנצוהייבן שרייבן אַ ניי קאַפּיטל אין דעם געשיכטע־ספר פון עם הספר. דער דאָזיקער נייער קאַפּיטל, אָדער טאַקע באַנייטער ספר, ווערט געשריבן אין ארץ ישראל, ווו עס האָט זיך אָנגעהייבן פאָרמירן אַ באַנייטע יידישע געזעלשאַפט; גרונטפעסטיקט אויף די גרויסע יידיש־מענטשלעכע יסודות, אָבער ניי אין די פאָרמען, פריי אין גייסט, אַריינגעפלאָכטן אין דער צייט, כדי זי זאָל קענען זיין ליכטיק פאַר זיך אַליין און אַ מאַגנעט פאַרן נייעם יידן פון די לענדער אין גלות. און נאַציאָנאַל איז דער אינטערעס און די זאָרג וועגן יידן אין גלות נאָר אויף אַזוי פיל אַקטועל און וויכטיק, אויף וויפל דער ייד אין די לענדער פון גלות שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעזערוואַר פון כוח און מוח פאַר מדינת ישראל. ווייל נאָר מדינת ישראל איז די היסטאָרישע באַלאַנסירונג פון דער פאָלקס־מאַרטירעלאָגיע, און נאָר די מדינה גיט הערלעך צו דער

געשיכטלעכער טראַגיק, און נאָר מדינת ישראל קען פאַר־
זיכערן הײַנט דעם קיום פון עם ישראל, אַז אויך דער
רעזערוואַר זאָל קענען און װעלן עקזיסטירן, מיטן אַרויס־
בליק צו דער נײַער יידישער געשיכטע, װאָס קען אויפגיין
אין ארץ ישראל.

פֿאַר וואָס זײַנען ייִדן ניט געוואָרן קיין גרויס און שטאַרק פֿאָלק — אין גלות? די שאלה איז ניט אַזוי משונה׳דיק, ווי עס מעג זיך אין פֿלוג דוכטן.

אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער וועלט האָט מען אײַנגענומען מענטשן און לענדער מיט צוויי וועגן: מיט אַ גלויבן און מיט אַ שווערד. אָפֿט זײַנען טאַקע בײדע כּוחות געקומען צוזאַמען; מען האָט געבראַכט די אמונה אויפֿן שפּיץ פֿון פֿייל אָדער באַיאָנעט. אַמאָל איז די אמונה פֿאָראויסגע־גאַנגען די אַרמיי — און אַמאָל פֿאַרקערט. רעליגיע און שווערד זײַנען געווען די הויפּט פֿאַקטאָרן וועלכע האָבן באַשאַפֿן פֿעלקער, באַהערשט לענדער, אײַנגענומען וועלטן. (דער פֿיזישער כּוח איז געבליבן ביז הײַנט דער דאָמינירנ־דיקער פֿאַקטאָר. רעליגיע איז פֿאַרביטן געוואָרן מיט פּאָליטישע פּלאַטפֿאָרמעס און סאָציאַלע סיסטעמען).

מיט זיבן הונדערט יאָר צוריק זײַנען נאָך ניט געווען קיין אײנע פֿון די אײראָפּעאישע פֿעלקער, וועלכע דאָמינירן די הײַנטיקע וועלט. רוסלאַנד האָט נאָך ניט עקזיסטירט. אין דײַטשלאַנד האָבן געווילדעוועט קריגערישע שבֿטים. אין גאַנץ ענגלאַנד זײַנען געווען דרײַ מיליאָן מענטשן, צוזאַמענ־געלאָפֿענע פֿון פֿאַרשיידענע ראַסן. פֿראַנקרײַך האָט זיך ערשט אַרויסאַנטוויקלט פֿון די וויקעלעך, ווי אַ וואַסאַל פֿון דער רוימישער אימפּעריע. אַלץ וואָס די דאָזיקע לענדער האָבן פֿאַרמאָגט קולטורעל איז געווען דאָס ביסל רעליגיע; די אָנהייב אײַנבירגערונג פֿון קריסטנטום. און דאָס איז געווען פֿאַרווילדעוועט, מער געצן־דינסט ווי טעאָלאָגיע: אַ שילד פֿאַר מאַכט און מלחמה. רעליגיע האָט מער געהעצט ווי געלײַזט פּראָבלעמען און באַרויִקט געמיטער. און דאָס ביסל רעליגיע איז אויך געקומען פֿון דער פֿרעמד — אַזש פֿון ירושלים.

אין דער זעלבער צײַט זײַנען שוין די זין פֿון ירושלים געווען אָן אַ לאַנד, אָבער אַ פֿאָלק. דער צונויפֿקום פֿון אַ מנין ייִדן ערגעץ זוו האָט געהאַט מער נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער, ווי דאָס לאַנד אין וועלכער זיי זײַנען געווען פֿרעמדע.

ווען די הײַנטיקע פֿירנדיקע פֿעלקער פֿון דער וועלט האָבן געשטעלט זייערע ערשטע נאַציאָנאַלע טריט, זײַנען

שוין ייִדן לאַנג געווען צום צווייטן מאָל אין גלות. ווען אַט די פעלקער האָבן אָנגעפאַנגען צונויפשטעלן אַן אייגענעם אלף בית און גיין אין חדר, האָבן ייִדן שוין ניט געהאַט געבויג אָרט ווו אַוועקצושטעלן זייערע ספרים. די ערשטע און קלענסטע קהילות אין מערב און מזרח אייראָפע זייַנען געווען מער נאַציאָנאַלע אייַנהייטן, ווי די פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. די דאָזיקע קהילות זייַנען געווען שפּליטערן פון אַ פאָלק, מיט אַ פונאַנדערגעוואַקסענע קולטור. און דאָך — זייַנען ייִדן געווען אין גלות ביי אָט די פעלקער. פאַר ייִדישע אויגן, און איבער זייערע קעפ (סימבאָליש און פאַקטיש) זייַנען אויפגעקומען מדינות און אימפעריעס. פון שבטים זייַנען געוואָרן פעלקער. פאַרוואָס האָבן ייִדן זיך ניט אַרויסגעשלאָגן צוריק צו דער ליכטיקער שייַן? פאַרוואָס זייַנען ניט אויפגעקומען אין זיי די כוחות צו באַנייען צוריק אַ נאָרמאַלן נאַציאָנאַלן לעבן?

די דאָזיקע שאלות מעגן קלינגען רעטאָריש. מען האָט שוין אַזוי פיל געלערנט און איבערגעלערנט ייִדישע געשיכטע, אַז יעדערער מיינט, אַז ער האָט דעם תירוץ אויף די שאלות. און דער אָנגענומענער תירוץ איז: צרות, פיין, רדיפות, פאָגראָמען. אָבער דאָס איז אַ פאַרענטפערונג, ניט קיין ענטפער. די מענטשלעכע געשיכטע ווייס אויך פון אַנדערע פאַקטן: אַז גראָד ליידן האָט אויסגעצייטיקט רעוואָלט. און וואָס גרעסער עס זייַנען געווען די ליידן — פלאַמיקער דער ווידערשטאַנד. ביי ייִדן האָבן די ליידן באַשאַפן נאָר ווידערשטאַנד, אָבער ניט קיין רעוואָלט. די פיין האָט גערייצט דעם ווילן איבערצוטראָגן, אָבער ניט צו אַראָפוואַרפן פון זיך די פייניקער; באַפרייען זיך פון ליידן, אָבער ניט פון די סיבות. דעם ענטפער אויף דעם, פאַרוואָס ייִדן האָבן זיך ניט אויטאָעמאַנציפירט, אויף אונדזער הייַנטיקן לשון, דאַרף מען זוכן טיפער. דער ענטפער אַז די יסורים פון גלות האָבן ניט געלאָזט אויפהייבן דעם קאָפּ — איז קיין ענטפער ניט. דורך דער לאַנגער געשיכטע פון גלות זייַנען אויך געווען צייטן פרייַע פון פאַרפאָלגונגען. און עס זייַנען געווען פראָספערירנדיקע קהילות, אויך אונטערן קריסטנטום, ווי גאָר אין אָנהייב אין רוים, שפּעטער אין די נידערלענדער, אין שוועדן, און נאָך שפּעטער אין ענגלאַנד, און אויך אין אַ טייל פון דייטשלאַנד. אונטערן איסלאַם, אין שפּאַניע און אין טערקיי, האָבן ייִדן געלעבט עטלעכע הונדערט יאָר אין פולער רואיקייט. עס דערציילט לייִדי מערי וואָרטלעי מאָנטאַגו, אין 1717:

די יידן אין טערקיי האָבן אַ סך מאַכט. זיי האָבן אַ סך פּריווילעגיעס. זיי ווערן געמשפּט דורך זייערע אייגענע געריכטן, לויט זייערע אייגענע געזעצן. צוליב דער פּוילקייט פון די טערקן זיינען זיי, די יידן, די אָנפירער פון מסחר אין דער גאַנצער אימפּעריע. יעדער פּאַשאַ האָט אַ יידן, וואָס איז זיין „האָם דעאַפערס". זיי זיינען מעדיצינער, אָנפירערס און איבערזעצערס פאַר אַלע פירנדיקע פּערזענליכקייטן אין לאַנד. פאַראַן צווישן זיי זייער רייכע.

אויב מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז דאָס איז געזען געוואָרן מיט אומפּאַרטייאישע אויגן, ענדערט עס אויך ניט דעם פאַקט, אַז עס איז מיגלעך געווען צו זען אַזוי, און, במילא, איז עס כאָטש טיילווייז אמת.

אין אַ סך ערטער זיינען געווען יידישע פינאַנסיסטן, באַראַטערס פון מלכים און פּרינצן. געווען אין אַלע צייטן יידישע אויסנאַמלעכע מעדיצינער, פילאָסאָפן, פּאָעטן. זיי איז ניט פרעמד געווען די וועלט. זיי האָבן גוט געקענט און פאַרשטאַנען די פּאָליטישע געשעענישן און סאָציאַלע וועגן פון זייער צייט. און זיי האָבן ניט פאַרוואָרפן זייער יידיש־קייט. זיי האָבן זיך געקלאַמערט צו דער יידישער רעליגיע, געווען די מנהיגים פון זייערע קהילות, אויפגעהאַלטן און געפלעגט לשון קודש און געשאַפן אין לשון קודש פּראַקטיקע ווערק, שטודיעס אין דיקדוק, פילאָסאָפיע און שירה. אפילו שפּינאָזאַ, שוין נאָך זיין פאַרטריבן ווערן פון יידישן תחום, האָט געטראָגן אין זיך מיסטישע געפילן און צוקומפט־וויזיעס וועגן דער שפּראַך פון תנך. אַזוי אויך האָבן יידישע קאָראָפייען געשאַפן אין לאַטיין און אין די קולטור־שפּראַכן פון זייער צייט — סיי יידישע ווערק, סיי אַלגעמיינע, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן קאָנטיק איינגעווירקט אין גאַנג פון ציוויליזאַציע. און געווען אין אַלע דורות יידישע טרוימער, זעערס און גרויסע מנהיגים.

וואָס שייך רעליגיע — האָבן יידן עס געהאַט מער ווי גענוג. זיי האָבן דערמיט איינגעטיילט — דורכן קריסטנטום און דעם איסלאַם — 80 פּראָצענט שטח פון דער וועלט וועלכע זיי האָבן געקענט. דער ערשטער עיקר פון יידנטום, די אמונה אין איין גאָט, האָט געפונען אָרט אויף אַלע קאָנטינענטן. אָבער פאַר יידן גופא, די לעבעדיקע טרעגער פון אָט דער אמונה, איז ניט געווען קיין אָרט. פאַרוואָס האָבן יידן ניט געקענט העראָבערן די הערצער און מוחות פון מיליאָנען מענטשן פאַר דער עיקר־אמונה, לויט זייער באַגריף?

עס איז קוים טויזנט יאָר זינט דער קריסטנטום האָט זיך איינגעבויט אין אייראָפּע ווי אַ מאַכטיקער פאַקטאָר. פאַרוואָס האָבן יידן ניט באַווירקט און געקערעוועט די קירך געגנטער צו זיך? אַז דאָס איז געווען טעאָרעטיש מיגלעך האָט באַוויזן די רעפאָרמאַציע, וואָס איז געקומען מיטן לוטעראַניזם, אין אָנהייב פון זעכצענטן יאָרהונדערט. די רעפאָרמאַציע האָט איינגעבראָכן די קאָנסערוואַטיווע יסודות פון קאַטוליציזם — גייענדיק, אין תוך, צום מקור פון יידנטום. ווו די רעפאָרמאַציע האָט זיך פאַרקערעוועט שפּעטער באַזונדערש אין לוטערס האָס קעגן יידן — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך און אַ שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג. אָבער אין סאַמע אָנהייב האָט געוויס געקענט זיין אַן אָרט פאַר יידישער באַווירקונג אויף דער דאָזיקער באַוועגונג. בעיקר אָבער קומט עס צו לערנען, אַז יענע צייט איז געווען רייף פאַר רעליגיעזע רעוואָלוציעס און איינווירקונגען — און טאַקע אין גייסט פון יידנטום. אָבער יידן האָבן אַזוי ווי זיך ניט אינטערעסירט וועגן אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט און מיט דער ווירקלעכקייט.

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער רעפאָרמאַציע ווייזט עס נאָך קלערער. 20.000 איינוואוינער האָט געהאַט זשענעווע, ווען יאָהאַנעס קאַלווין האָט דאָרטן געפּרעדיקט זיין אינטערפּרעטאַציע פון דער רעפאָרמאַציע. אין אַ האַלבן יאָרהונדערט איז דער קאַלוויניזם געוואָרן אַ וועלט־רעליגיע — אין דער אַלטער און נייער וועלט.

פּראַקטיקעס און שולן, וועלכע האָבן זיך געבויט אויף די גייסטיקע ווערטן פון יידנטום, האָבן דעראָבערט מיליאָנען מענטשן. נאָר יידן זיינען געבליבן זייטיק און אויסגעשטעלט צו בלוטיקע פאַרפאָלגונגען.

דאָס איז געווען אַן עפּאָכע ווען רעליגיע האָט געשפּילט די דאָמינירנדיקסטע ראָליע. זי האָט באַשאַפן די הייניטיקע פעלקער אין אייראָפּע, צעמענטירט לענדער — און זיי צעטיילט. אונטער דער פאָן פון רעליגיע האָבן דאַן מאַרשירט אַלע אַרמייען. מענטשן זיינען געווען וויליק זיך צו קוילענען אין רעליגיעזע מלחמות, אין קריסטנטום גופא. און אַנטקעגן דעם צעשפּליטערטן קריסטנטום איז געשטאַנען דער איסלאַם — דער צווייטער צווייג פון גייסטיקן יידנטום. אָבער יידן האָבן ניט געפונען קיין מנוחה און קיין אָנהאַלט איןביידע מחנות און אין קיין איין טייל פון די מחנות. זיי האָבן ניט „אויסגעשפּילט" דעם מזרח קעגן מערב, דעם קריסטנטום קעגן איסלאַם, אָדער פאַרקערט, כדי געפינען אַ רואיקן

אַנהאַלט. און זיי האָבן אויך ניט פּרובירט אַליין זיך דער־שלאָגן מיט זייער אמונה צו מיליאָנען מענטשן — און ווערן אַ וועלט רעליגיע, ווי דאָס איז מיגלעך געווען. וואָס לוטער און צווינגלי און קאַלווין, די פּאַטערס פון דער רעפאָרמאַציע, האָבן געקענט טאָן, האָבן יידן, מיטן כוח פון זייער ירושה־אמונה, געוויס געקענט. יידן זיינען געווען פאַרפאָלגטע און געיאָגטע. אָבער אַזוי זיינען אויך געווען די ערשטע קריסטן, און די ערשטע לוטעראַנער — און וועמען ניט? מענטשן זיינען קאָנסערוואַטיוו צו אידייען. און דער פּרימיטיווערער מענטש געוויס. און אין באַצוג צו רעליגיע — איז דער יסוד קאָנסערוואַטיזם. דאָ ווערט אַ שאָטן פון אַ בייעם געדאַנק אויפגענומען מיט פאַרדאַכט, און אויב מיגלעך — מיט אַ האַק, מיט חרם אָדער אינקוויזיציע. אָבער יידן האָבן אין אַ דער רייפער צייט פאַר רעליגיעזער אַגיטאַציע און איבערצייגונג ניט פּרובירט אַפילו עפענען אַ טיר צו דער וועלט.

דער ענטפער אַז יידן האָבן קיין כוח ניט געהאַט איז נאָר אַ האַלבער אמת. אַז מען האָט כוח אַזוי פיל צו ליידן פּאַסיוו פאַר דער אמונה, ווי יידן האָבן עס באַוויזן, וואָלטן זיי געוויס געהאַט כוחות צו ווערן אַקטיווע אַגיטאַטאָרן פאַר זייער גלויבן. געפעלט האָט יידן ניט קיין כוח און ניט קיין חכמה, נאָר דער איינציקער פאַרבאַדינג פאַר יעדער מענטש־לעכער אַקטיוויטעט: אַן אָרט. ווייל אַ גייסטיקע רעוואָלוציע צי אַ פיזישע, פון אַ רבים צי פון אַ יחיד, דאַרף האָבן פאַר יעדער מין אַקטיוויטעט — אַן אָנשפּאַר אויף דער ערד. אַ מענטש, ווי אַ בוים, ווי אַ פלאַנץ, מוז האָבן אַ שטיקל פרייען ערד־שטח, וואָס זאָל געהערן אים, ער זאָל האָבן פון וואַנעט אַרויסצוואַקסן. דער אַרכימעדישער זאָג איז דער ערשטער כלל פאַר מענטשלעכער עקזיסטענץ: גיב מיר אַן אָנשפּאַר אויף דער ערד און איך וועל איבערקערן די וועלט. אָבער יידן האָבן ניט געהאַט אָט דעם פרייען, ערדישן אָנשפּאַר.



איידער מיר האָבן זיך נאָך צוגערירט צו דער ערשטער שאלה, האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אַ צווייטע פראַגע: און פאַרוואָס האָבן טאַקע יידן ניט געקענט געפינען קיין שפּאַן אָנשפּאַר אויף דער וועלט? אַ קליינער בלעטער אין דער געשיכטע פון די לעצטע טויזנט יאָר ווייזט, אַז אויך

די דאָזיקע פראַגע איז גאָר ניט אַזוי היפּאָטעטיש, ווי עס קען זיך דוכטן אויפן ערשטן בליק.

אַפילו מיט פינף הונדערט יאָר צוריק איז די וועלט נאָך געווען צעטיילט און איינגעטיילט ווי היינט. אַפילו די באַזעצטע לענדער זיינען געווען שטאַרק אונטערבאַפעל־קערט. אַ גרויסער טייל פון אייראָפּע איז נאָך געווען אַן אורוואַלד. פירשטן און קריגער האָבן געכאַפּט און פאַרכאַפּט, באַזעצט און באַהערשט. קעניגלעכע דינאַסטיעס זיינען ערשט אויפגעקומען. נאַציאָנאַליטעטן האָבן זיך געהאַלטן אין פאָרמירן. די שפּראַכן פון די היינטיקע קולטור־פעלקער האָבן נאָך געזוכט אַן אלף בית. יידן האָבן געבראַכט מיט זיך אַלע גייסטיקע סימנים פון אַ נאַציע: קולטור, רעליגיע, שפּראַך. און אַלע דריי נאַציאָנאַלע סימנים האָבן באַגייס־טערט די מענטשן פון גייסט אין אייראָפּע. דער אָפּשיין פון דער אונטערגעגאַנגענער יידישער קולטור אין ארץ ישראל האָט דאָך איצט געהאַלטן אין איינעמען אייראָפּע. די רעליגיע וואָס איז געקומען פון אַלטן ארץ ישראל איז געוואָרן די רעליגיע פון די נייע מלוכות און אויפגעקומענע פעלקער. אין לשון פון אַלטן ארץ ישראל האָבן זיך געשפּיגלט די בעסטע גייסטער. ווער עס האָט נאָר פאַרזוכט פון העברעאישן לשון־קוואַל (ווי דער האָלענדער — און אפשר איז ריכטיקער צו זאָגן וועגן אים: אייראָפּייער — עראַסמוס, ווי דער שפּאַניער מיכאַעל סערוועטוס, ווי דער ענגלענדער טאָמאַס מור, ווי דער דייטש יאָהאַנעס רויכלין, און, שפּעטער, אויך יאָהאַן הערדער, כדי צו ברענגען נאָר די סאַמע באַקאַנטסטע ביישפּילן), האָבן עס שוין געשאַצט אַזוי הויך ווי לאַטיין — און דערצו נאָך היילִיק.

געפעלט האָט יידן די פּראַקטישע נאַציאָנאַלע סימנים און דער פּאָקטישער כוח: ערד און שווערד. אָבער אָט האָבן יידן דאָך געזען ווי אַלע ווילע קומט אויף אַ שטאַרקער, אַ פּיראַט, אַ רויבער, אַ העלדישער קריגס־מאַן שמידט אויס אַ שווערד און נעמט איין וועלטן. יידן זיינען געווען קלוג און דערפאַרן, מיט אַ קולטור און מיט לעבנסווילן, מיט אַ נאַציאָנאַלער געשיכטע פון מלכים און גיבורים. און דאָס אַלץ האָט געלעבט וואָך אין זייער בלוט און זכרון. אָבער עס האָט זיך ניט געפונען צווישן זיי אַ האַנט, וואָס זאָל נעמען פייל און בויגן — ווען דאָס איז נאָך געווען די קריגס־אַמוניציע — צו פאַרכאַפּן און באַהערשן אַ שטיקל ערד, פאַר די רעשטלעך פון אַ לעבעדיקן פאָלק. דאָס איז ניט געווען אַ פּראָדוקט פון שוואַכקייט, אָדער אַ פעלן פון

מיגלעכקייטן. אַ טיפֿערער מאָטיוו האָט זיך דאָ געמוזט אויסווירקן.

אַפֿילו מיט פֿיל הונדערט יאָר צוריק איז די וועלט נאָך געווען פֿריי און אָפֿן פֿאַר באַהערשן איר. אַ העלפֿט פֿון גלאָבוס, אויף דריי קאָנטינענטן, איז נאָך געלעגן אין פֿאַרבאָרגעניש פֿון אונדזער ציוויליזאַציע. אָבער מענטשן האָבן שוין געוווּסט צו זוכן די וועגן אַהין. אויך יידן זיינען געווען צווישן די זוכערס — און געפֿינערס. אין דער שול פֿון הענרי דעם נאַוויגאַטאָר זיינען געווען יידישע אַסטראָ־לאָגן און קאַרטאָגראַפֿערס. זיי האָבן געצייכנט די וועלט־מאַפּעס, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט וואַסקאָ דע גאַמאַ און קאָלאָמבוס. יידן זיינען געווען צווישן די געוואַגטע ים־פֿאָרערס. זיי האָבן זיך באַטייליקט אַקטיוו אין די עקספּעדיציעס צו געפֿינען נייע ים־וועגן און וועלטן. עס לאָזט זיך שיקן די השערה, אַז קאָלאָמבוס איז אַליין געווען אַ ייד. זיין לאָזן זיך איבערן אומבאַקאַנטן ים איז ניט געווען כדי געפֿינען גאָלד פֿאַר פֿערדינאַנד און איזאַבעלאַ — נאָר צו געפֿינען אַ לעבנס־אָרט פֿאַר זייערע קרבנות, זיינע ברידער, די אַנוסים, די פֿאַרפֿאָלגטע יידן. האָט דאָך קאָלאָמ־בוס אַזוי פֿאַרשריבן אין זיין טאָגבוך:

> אין דעם זעלבן חודש אין וועלכן זייער מאַיעסטעט האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפֿעל, אַז אַלע יידן זאָלן פֿאַרטריבן ווערן פֿון דעם קעניגרייך און אירע טעריטאָריעס, אין דעם זעלבן חודש האָבן זיי מיר געגעבן דעם באַפֿעל צו אונטערנעמען מיין עקספּעדיציע אויף אויסגעפֿינען אַ נייעם וועג צו די אינדיעס.

איז אין דעם דאָזיקע צוזאַמענברענגען ביידע געשע־ענישן ניט פֿאַראַן קיין אָנדייטונג, אַז ביידע געשעענישן האָבן פֿאַר אים טאָקע אַ טיפֿע שייכות? און אפשר מעג מען דאָ אַרויסלייענען אַפֿילו אַ שטילע איראָניע, אָדער טאָקע אַן אָנווונק, אַז די צווייטע געשעעניש, די עקספּעדיציע פֿון דעם באַהאַלטענעם יידן, וועט לייזן די ערשטע געשעעניש, די פֿאַרטרייבונג פֿון די אָפֿענע יידן.

אין אָט דער זעלבער צייט האָבן יידישע באַנקירן און סוחרים געהאַנדלט מיט דער וועלט אַריבער די ימים. געהאָלפֿן איינשטעלן פֿאַרבינדונגען מיט ווייטע מדינות. שעקספּיר דערציילט, אַז שיילאָק האָט געפֿירט מסחרים מיט ענגלאַנד, אין טריפּאָלי, אינדיע, עגיפּטן און מעקסיקאָ. אָבער דער קלאָרסטער באַווייז, אַז יידן האָבן געקענט די וועלט און ניט מורא געהאַט פֿאַרן ים, זיינען די

פאַרטריבענע יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. צווישן שמד און פאַרטרייבונג האָבן אַ סך יידן אויסגעוויילט דעם אָפענעם ים. אָן אַ פּאָרט, אָן אַן אַנקער־אָרט, האָבן טויזנטער זיך געלאָזט שווימען, אַלט און יונג, איבערן אָפענעם ים. זיי האָבן געזוכט דעם וועג קיין האָלאַנד און צפון אַפריקע, אין האָפנונג צו געפינען רו, אַ מקום מנוחה — אָבער ניט כדי איינצונעמען, הערשן און באַהערשן אַן אַלטן אָרט אָדער אַ נייעם וועלט־טייל. דאָס האָבן די פאַרפאָלגטע ים־פאָרערס ניט געוועלט, פּונקט ווי יידן האָבן עס ניט געטאָן פריער, פאַרן גירוש, און ניט שפּעטער, אין בעסערע באַדינגונגען. עס האָט זיי אויף דעם ניט געפעלט קיין מוט און קיין כוח, ניט קיין פאַנטאַזיע און ניט קיין וויסן. געפעלט האָט זיי — ווילן. (אַן אויסנאַם איז געווען די לעגענדאַרע געשטאַלט דוד הראובני, 1524, און זיין פּלאַן. ער האָט געוועלט באַפרייען ארץ ישראל און באַפרייען יידן — אויף אַ נאַטירלעכן וועג. אויף דעם האָט ער געוועלט אויסשפּילן די קירך קעגן טערקיי, קעגן איסלאַם. ער האָט פאַרשטאַנען דעם פּאָליטישן גאַנג פון דער צייט. און ער האָט אויך פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון שווערד. זיין טראַגישער סוף איז ניט קיין באַווייז, אַז די אידיי איז געווען אומלאָגיש. פאַרקערט: זיינע ערשטע הערפאָלגן זיינען אַ באַווייז, אַז מיגלעך איז עס געווען).

דער ווילן צו איינעמען און באַהערשן האָט יידן געפעלט, ווייל זייערע לעבנס־אינטערעסן האָבן זיך שוין לאַנגע יאָר־הונדערטער געפונען אין דער ספערע פון גייסט.

דער איסלאַמישער היסטאָריעזאָף איבן־כאַלדון ווייזט אָן אויפן פאַקט, אַז נאָר נידעריקערע קולטורן זיינען געווען די איינעמער פון לענדער און באַהערשער פון מדינות; נאָמאַדן שבטים וואַרפן זיך אין מלחמה, לאָזן זיך אויף בלוטיקע עקספּעדיציעס, צו באַהערשן מיטן שווערד.

יידן זיינען באַלד ביי זייער צעשפּרייטונג אין גלות שוין געווען איבער־ציוויליזירט; זיי האָבן שוין געהאַט מער ווי גרונטיקע אידייען און קולטור־פאַרמעגן. און וואָס ווייטער זיי זיינען געגאַנגען אין דער וועלט — אַלץ מער האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט באַרבאַריזם, ניט נאָר און ניט דווקא אין באַציאונג צו זיי. דער ייד אין אייראָפּע איז געווען אַ גייסטי־קער אָאַזיס אין אַ מדבר. איינעמען, פאַרכאַפּן, באַהערשן — אויף דעם זיינען זיי שוין געווען צו ציוויליזירט. אַזאַ עלעמענט, מיט אַן אורבאַניזירטן לעבנס־פיר, מאַכט ניט קיין רעוואָלוציעס פון דעם מין. האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין

זייער קולטור־ירושה, זיך פֿאַרגראָבן אין ספרים, אין מחשבה, אין פּאָעזיע, אין פּאַטאַליזם, אין מיסטיק, אין חלום וועגן אַ וועלט וואָס דאַרף און וועט קומען — פֿון גרויסער אַלמענטשלעכער גאולה. אויף דעם האָבן די צרות צוגע־האָלפֿן; די יסורים פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען זיינען געוואָרן אַ סימן און אַ באַווייז פֿאַר די־אָ אידיאַלן. זיך צו פֿאַרמעסטן מיטן אַרום, צו ווערן אַזוי ווי די פּייניקער, ווי די באַרבאַרן פֿאַרכאַפּערס און בלוטיקע־קריגער, איז שוין געווען אונטער דער יידישער ציוויליזירונג.

די יידישע קהילות אין אייראָפּע האָבן געקוקט מיט שרעק און פֿאַרוווּנדערונג אויף דעם וואָס די באַרבאַרן טוען מיט דער אימיטירטער יידישקייט. זיי האָט נאַטירלעך געשראָקן און אָפּגעשטויסן דער געצן־דינסט, וואָס די קירך האָט אַריינגעפּירט אין דער יידישער אמונה. און וואָס טיפֿער די קירך איז געגאַנגען אין אייראָפּע — אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צומישונג פֿון די אָרטיקע קולטן. וואָס מער די קירך האָט זיך דערווייטערט געאָגראַפֿיש פֿון ירושלים, אַזוי האָט זי זיך אויך דערווייטערט גייסטיק פֿון יידנטום. אין דער זעלבער צייט אָבער איז אין יידנטום אָנגעגאַנגען אַ פּונקט פֿאַרקערטער פּראָצעס: וואָס מער יידנטום האָט זיך דערווייטערט, אין אָרט און אין צייט, פֿון ארץ ישראל — אַלץ מער רוחניותדיקער איז געוואָרן די אמונה; וואָס מער יידנטום איז אַוועק אין צייט און שטח פֿון דער אייגענער ערד — איז אויך די אמונה געוואָרן ווייניקער ערדיש.

יידן האָט זשעניִרט און געשראָקן די מגושמדיקייט, וואָס די קירך האָט אָנגעטאָן דעם מאָניזם, די אמונה אין איין גאָט. זיי האָבן אויך געזען ווי די קירך ווערט אַ שותף, און אָפט טאַקע אַליין אַ אָנצינדער פֿון „הייליקע" מלחמות און סתם בלוט־פֿאַרגיסונגען איבער פֿעלקער און לענדער, און דערווייטערט זיך אַלץ מער פֿון איר יידישן שורש.

אָבער אָט האָט זיך פֿאַרענדיקט דער מיטלאַלטער. עס איז אָנגעשטאַנען די צייט פֿון רענעסאַנס אין איטאַליע און פֿון רעפֿאָרמאַציע אין דער רעליגיע אומעטום. לוטער און קאַלווין, צווינגלי און נאָקס, די גרויסע רעפֿאָרמאַטאָרן און קעמפֿער קעגן דער קאַטוילישער קירך, האָבן געוויס געמוזט האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די יידישע קהילות אַרום דעם ריין און ראָן. ליידער זיינען די דירעקטע ידיעות פֿון אָט דער תקופֿה, אין אָנהייב זעכצנטן יאָרהונדערט, זייער שוואַכע אין יידישע מקורות. מיר ווייסן מער, פֿון יידישע

קוהאלן, וועגן די גוטע האפנונגען, און נאך מער אויסווירקונ־
גען, וואס דער רענעסאנס האט געהאט פאר טייל יידן. אבער
ווי עס האט געווירקט דער לוטעראניזם, די רעפארמאציע,
אויף די יידישע מנהגים, דאס ווייסן מיר ווייניקער. דער
אויפקום פון אזא כוח אין קריסטנטום גופא, קעגן רוים,
האט געוויס ארויסגערופן א שטארקן אפקלאנג, און אפשר
אויך האפנונגען צווישן די צעשפרייטע יידישע קהילות. אין
אנהייב האט דאך אויסגעקוקט ווי די רעפארמאציע פירט
צוריק די קירך צו איר יידישן מקור. זי הייבט ארויס בעיקר
תורת משה; קעמפט קעגן סימבאלן און בילדער און דעם
גאנצן מיטאלאגישן אנוווקס און אומלאגישע דאגמעס אין
דער קירך. דאס האט געמוזט ארויסרופן פארטייעטע
האפנונגען ביי א סך יידן, אז עפעס ענדערט זיך, גרונטיק,
אויך לטובת זיי. אבער אזעלכע האפנונגען האבן לאנג ניט
געקענט אנהאלטן און אויסהאלטן. באלד גלייך האבן די
יידן געמוזט איינזען און זיך איבערצייגן, אז די פראטעסטאנ־
טישע רעפארמאציע איז ניט בעסער ווי די קאטוילישע
קירך אין איר האס קעגן יידן — און אפשר ערגער נאך.
(ווייל לוטער האט שוין ניט געקענט בכלל פארשטיין
פארוואס יידן זאלן איצט ניט אננעמען דעם רעפארמירטן
קריסטנטום). און וואס שייך די לערעס פון דער נייער
קירך — זיינען זיי נאך ווייטער פון יידנטום ווי דער
קאטוליציזם. ווייל איצט איז שוין ביי יידן געווען א לאנג
איינגעבירגערטע אמונה, אז די תורה קען מען ניט לערנען
נאר ווערטלעך; אז אזוי לערנען טאר מען איר ניט. צו תורת
משה איז געווען דער אויסטייטש פון תלמוד. די קאטוילישע
קירך בעמט טאקע ניט אן דעם תלמוד, קעמפט קעגן אים.
אבער די קירכן־פאטערס טייטשן איין די תורה, אויף זייער
אופן. דאקעגן די רעפארמאציע האלט זיך נאר ביים ווארט
פון תורת משה — און דאס, הערשפירן יידן, איז נאך
ערגער. פון אזא רעליגיע מוזן יידן לויפן מער. און אט טאקע
זעען די יידישע קהילות ווי די פאטערס פון דער רעפאר־
מאציע ווערן אליין — אינקוויזיטארן. און אין די פוס־טריט
פון דער רעפארמאציע קומט אויף דער נאציאנאליזם —
מיט דער ברכה פון דער פראטעסטאנטישער רעפארמאציע.
און דער אויפקומענדיקער נאציאנאליזם איז ניט ווייניקער
גרויזאם, ווי עס איז די קירך. איז ניט קיין וווּנדער אז יידן
שרעקט דער עצם געדאנק פון שטאטלעכער מאכט. זיי
האלטן זיך עלטער און קליגער און קולטורעלער פון אט
דעם גאנצן בלוטיקן קנויל, פון רעליגיע באזירט אויף

נאַציאָנאַליזם, איינגעצוימט אין לאַנד - גרענעצן, וועלכע מען דאַרף כסדר באַשיצן מיט פייער און שווערד. דאָס זיינען יידן שוין איבערגעקומען. זיי האָבן עס שוין אַלץ געהאַט. איצט זיינען זיי עלטער און קליגער. אַזאַ רעליגיע און אַזאַ נאַציאָנאַליזם איז פאַר אָנהייבערס אויף דער וועלט־אַרענע. יידן בענקען נאָך פרייהייט, וואָס הייסט גאולה — אויסלייזונג, פאַר זיך און פאַר דער גאַרער וועלט. און אויף דעם — דאַרף קומען משיח. און אויף דעם — דאַרף מען וואַרטן, האָפן און ליידן.



דעם קאַמף וואָס יידן אין גלות האָבן יאָ געפירט, כסדר, איז געווען פאַסיווער ווידערשטאַנד, באַגלייט מיטן געפיל פאַר מסירות נפש און קידוש השם. די גייסטיקע פירער אין גלות האָבן שטאַרק געלויבט דעם דאָזיקן וועג פון ווידער־שטאַנד, אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן פאַרפאַסט אַ תפילה און אַ ברכה, וואָס עס דאַרף זאָגן אַ גייער אויף קידוש השם. דער גאַנג אויף קידוש השם איז יידן „געווען לייכטער" ווי דער וועג פון פיזישן ווידערשטאַנד. ווייל דעם דאָזיקן געפילס־צושטאַנד האָבן זיי מיטגענומען פון ארץ ישראל, אפשר לויטן פאַרבילד פון די לעצטע קעמפער אין דער מסדה (מצדה) פעסטונג. די פאַרשפילטע גיבורים האָבן דאָרטן אויסגעקליבן קידוש השם. און דער וועג פון מסדה האָט געהאַט אַ טיפן עכאָ אין פאָלק דורך אַלע דורות, ווי עס זאָגן עדות אויף דעם גענוג פאַקטן אין דער יידישער געשיכטע.

דער אָפּשיין פון מסדה־גייסט האָט זיך אויסגעדריקט, אפשר, אויך אין אויסערלעכע לעבנס־פאָרמען. ווו האָבן יידן אין אייראָפּע גענומען דעם מאָדעל פאַר זייערע שולן? ביט אַלעמאָל זיינען זיי אַן אויסדרוק אָדער אַ קאָפּיע פון דער אַרכיטעקטור פון זייער צייט. אין דער ווילנער שטאָט שול און אין דער „על תנאי" (געבויט אויף אַ תנאי, ביז משיח וועט קומען) שול אין פּראַג קען מען זען קלאָרע סימנים פון מסדה. אַזעלכע „צייכנס" האָט מען געקענט געפינען אין כמעט דאָס רוב שולן פון אַלטע קהילות, אין אַלע טיילן פון אייראָפּע. די צייכנס זיינען אין זייער געבוי — ווי אַ פעסטונג. געוויס איז דאָס געווען אַ פּראָדוקט פון דער נויטווענדיקייט, פון דערפאַרונג, זיך צו שיצן, אויסבאַ־האַלטן, בשעת אַן אָנפאַל. אַ טייל פון אַט די שולן האָבן

טאַקע געדינט דעם צוועק — און אַמאָל אויך מיט דערפאָלג. אָבער פון וואַנען האָבן ייִדן געלערנט די דאָזיקע „אַרכי־טעקטור" — אפשר פון מסדה, פון ביתר, פון יודפת, פון די פעסטונגען אין ארץ ישראל. ווייל, אין גרונט, האָבן זיי פּרובירט פאַרזעצן אין גלות די זעלבע דרכים אין זייער נאַציאָנאַלן קאַמף, — ווייל זייער ציל איז געווען דער זעלבער, ווייל זיי האָבן זיך געזען, און זיך געפירט, ווי ממשיכים פון יענער פאָלקס־מלחמה. און דערפאַר איז טאַקע אויך אָפט געשען, אַז ווען די באַלאַגערער אויף די שולן האָבן ניט נאָכגעלאָזן, האָבן די באַריקאַדירטע נאָכגעטאָן דעם ביישפיל פון די מסדה־העלדן. זיי האָבן אומגעבראַכט זייערע קינדער און זיך. זיי האָבן עס געטאָן אין וואַרעמס און אין שפייער. זיי האָבן עס געטאָן אין אַ באַריקאַדירטע שול אין גלות, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פעסטונג אין ארץ ישראל. זייער קאַמף איז געווען דער זעלבער. אַזוי האָבן ייִדן אָפט געפילט. און דערפאַר האָבן זיי אויך גענוצט אָפט די זעלבע מעטאָדן — ווי באַזיגטע קעמפער, ווי אַ פאָלק אין געפאַנגענשאַפט.

דאָס געפיל פאַר קידוש השם איז שטאַרק געווען, די לעגענדע פון חנה ושבעה בניה האָט מער צעפלאַקערט די פאַנטאַזיע ביי ייִדן אין אַלע דורות, ווי די העלדנשאַפטן פון די חשמונאים. דער קידוש השם פון רבי עקיבא האָט געהאַט אַ טיפערן עכאָ ווי זיין קאַמף ביים זייט פון בר כוכבא. שלמה מולכא איז געבליבן אַ קדוש און שבתי צבי אַ פאַלשער משיח און פאַרעטער, הגם ביידע האָבן, אין גרונט, געוועלט דאָס זעלבע. אָבער מולכא האָט געהאַט כוח זיך אַוועקצוגעבן פאַר זיין אמונה, איז ער געבליבן אַ קדוש. דאָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך פאַר מענטשן, וואָס האָבן נאָך געפירט אַן אייגן נאַציאָנאַלן לעבן, טאַקע אַזאַ וועלכן זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך פון זייער ווייטן היימלאַנד; דאָס איז געווען פאַרשטענדלעך פאַר מענטשן, וואָס האָבן זיך געפילט אין געפאַנגענשאַפט, און געוואַרט אויף אַ נייע מלחמה, צווישן גוג און מגוג, ווען עס וועט קומען זייער משיח, בן־יוסף, און וועט מנצח זיין. איידער עס וועט קומען משיח בן־דוד, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו מלחמות, מוז נאָך קומען משיח בן־יוסף, וואָס וועט באַזיגן די ייִדישע פיינט, העלפן ייִדן אין זייער רעוואַנש־מלחמה. אַזוי טראַכטן ניט קיין מענטשן וואָס זיינען געקומען זיך איינלעבן אין אַ נייַ לאַנד, און ווילן נאָר דאָ אָפּהיטן די מצוות פון גאָט פון זייערע עלטערן. אַזוי טראַכטן קריגס־

לייט אין געפֿאַנגענשאַפֿט, וואָס ווייסן, אַז זיי מוזן איינהייטן זייער נאַציאָנאַלן שטאַלט, הגם זיי קענען ניט הייַנט נאָך אַרויס אין אָפֿענעם צוריקשלאָג, אין פֿיזישן פֿאַרמעסט. זיי מוזן אָבער זיך האַלטן צוזאַמען און וואָס מער איינהייטן זייערע היימישע לעבנס־פֿאָרמען. דאָס וואָס דער פֿייַנט האַלט זיי צוזאַמען, הגם אין ענגשאַפֿט, איז פֿאַר זיי אַ גרויסע מעלה. נאָר אַזוי קענען זיי אויפֿהאַלטן די אייגענע אַטמאָספֿערע, וואָס זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך; נאָר אַזוי קענען זיי איינהייטן דעם חלום און די בענקשאַפֿט, און אויך די פֿיזישע כּוחות, אויף אויסלייזונג פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט.

ווען ייִדן האָבן גערעדט וועגן זייער מצב, באַשריבן און באַוויינט אים, ווערט כּסדר באַנוצט דאָס וואָרט „געפֿאַנגענשאַפֿט". דאָס איז ניט געווען קיין באַקלאָגן זיך, נאָר, פֿאַרקערט, אַ שטאָלצער אָנזאָג, ניט אויפֿצוהערן בענקען, גלויבן, וואַרטן אויף גאולה.

די קינות און תּפֿילות האָבן ניט געבעטן אַז דאָס שלעכטס זאָל זיך אָפּשטעלן, און זיי זאָלן קענען לעבן רויִק אויף די ערטער ווו זיי געפֿינען זיך. דאָס רובֿ אין עיקר קינות און תּפֿילות, די וואָס זייַנען געשאַפֿן געוואָרן נאָך פּאָגראָמען, עלילות דם, איבערפֿאַלן און פֿליִדערונגען — האָבן אַלץ געהאַט איין פֿאַרלאַנג: צוריקערונג צום אַלטן לאַנד. אַפֿילו ווען די לייַדן זייַנען ניט געווען דירעקט קיין נאַציאָנאַלע, ווי אינקוויזיציעס אָדער קרייצוגען, אָבער ייִדן האָבן אַלצאיינס געהאַט איין ווילן — דעם נאַציאָנאַלן. דאָס איז נאַטירלעך פֿאַר מענטשן, וואָס פֿילן זיך אין געפֿאַנגענשאַפֿט און זייַנען זיכער, אַז עס איז נאָר אַ פֿראַגע פֿון אַן ענדערונג אין דעם כּוחות־צושטאַנד, און זייערע אַרמייען וועלן ווידער אָפּהאַלטן אַ זיג — געוויס דעם גרויסן נצחון אין לעצטן קאַמף . . .

אין דער רעליגיעזער ליטעראַטור זייַנען ייִדן גאָר ניט געווען אין באַזונדערע לענדער. די דאָזיקע אַלע גלות־לענדער האָבן געהאַט אין שם הכּולל, אַן אַלגעמיינע באַצייכנונג: גלות אדום. איין קייסער איז זייער שלעכט, דער צווייטער איז ערגער. אָבער די אַלע באַזונדערע מלוכות האָבן, אין נאַציאָנאַלן ייִדישן חשבון, איין פּנים: זיי זייַנען דער דריטער (און לעצטער) ייִדישער גלות, אדום.

אַזוי לאַנג ווי די פֿעלקער, צווישן וועלכע ייִדן האָבן געלעבט, האָבן ניט געהאַט קיין וועלטלעכע ווירדיקע קולטור, האָבן ייִדן אַראָפּגעקוקט אויף זיי, ניט מיט פֿאַראַכטונג, נאָר מיט באַדויערן. ווייל זיי האָבן געהאַט צו די

פעלקער דעם זעלבן געפיל, ווי צו יענע געצן דינער, וואָס האָבן זיך געפונען אין שכנות פון ארץ ישראל. זיי האָבן אויך אָפּט איבערגעטראָגן זייער גאַנצע פאַרשטעלונג, און אַפילו פשוטע באַציאונג צו די „ביינע" פעלקער אין אייראָפּע, ווי זיי וואָלטן געווען די פעלקער דערמאָנטע אין די נביאים. און יידן האָבן געשאַצט זייערע אונטערדריקער מיט די מאָסן פון תנ״ך, ווי נאַציאָנאַלע שכנים, מיט וועלכע זיי זיינען אין מלחמה־צושטאַנד; די פעלקער ביי וועלכע זיי זיינען אין גלות האָבן עס פאַרכאַפּט זייער לאַנד. דאָס איז געווען אַזאַ זעלטענע תחבולה, אויפצוהאַלטן לעבעדיק דעם נאַציאָנאַלן זכרון, בילדעריש עכט; שפּייזן דעם נאַציאָנאַלן פאַרדראָס און דעם נאַציאָנאַלן צאָרן און דעם פלאַמיקן ווילן באַפרייט צו ווערן. ווייל דער נאַציאָנאַלער אומגליק האָט זיך ניט אָפּגעשפּילט ערגעץ ווייט, ווייט, אין צייט און אין אָרט. די מלחמות, קאַמפן, מסירת נפש, די נאַציאָנאַלע גלאָריע (אויסגעמאָלן אין די העלסטע פאַרבן) און דער נאַציאָנאַלער חורבן (געמאָלן מיטן שווידערלעכסטן געיאָמער) — דאָס אַלץ איז געשען אָט ערשט און אָט דאָ. צייט און אָרט ווערן רעלאַטיוו. אַלץ — שפּילט זיך אָפּ אין צוויי דימענסיעס, דאָרטן פון אַמאָל און דאָ פון היינט רעפלעקטירן איינס אויפן צווייטן. וואָס פאַראַ וווּנדערלעכער דערציאונגס־סיסטעם, צו האַלטן לעבעדיק און וואַך די נאַציאָנאַלע פאַרלאַנגען!

דערפאַר טאַקע זיינען יידן אין אַלע צייטן געווען גרייט זיך צו לאָזן נאָך יעדער רוף, וואָס האָט זיך געקליידט אין אַ משיחישן אָנזאָג. און אויב דער „משיח" האָט פאַרפירט, אָפּגענאַרט, איז עס נאָך ניט געווען קיין באַווייז, אַז מען דאַרף זוכן נאַרמאַלע מיטלען, זיך צו באַפרייען מיט אייגענע כוחות. ווייל דער ווילן איז געווען יידישע און אַלמענטשלעכע גאולה, קען עס דאָך ניט קומען אַנדערש, ווי נאָר מיט איבערנאַטירלעכע קרעפטן — און נאָר אַזאַ באַפרייאונג, אַ משיחישע, האָט אַ זין און אַ ווערט. דערפאַר אויך ווען איינציקע זעערס, צעפּיבערטע טרוימער האָבן זיך געלאָזן אַליין קיין ארץ ישראל — איז עס אַלץ געווען אין ווילן און אין גלויבן צו דערנענטערן דאָס קומען פון משיחישער גאולה. מיט אָט דער פאַרשטילטער האָפנונג איז אַפילו דער רמב״ם, דער ראַציאָנאַליסט, געקומען קיין ארץ ישראל. דער זעלבער טרוים האָט געמאָניעט ר׳ יהודה הלוי, ווען ער האָט זיך געלאָזן אין הייליקן לאַנד. דאָס זעלבע ר׳ משה חיים לוצאטא און דער רמב״ן. אין זעלבן גייסט זיינען

געקומען קיין ארץ ישראל די תלמידים פון ווילנער גאון, אזוי איז אויך געווען די כוונה אין די עליות פון חסידים, די תלמידים פון בעש״ט. ר׳ נחמן בראצלאווער האָט דורכ־געמאַכט אַ לעבנס־געפערלעכע נסיעה קיין ארץ ישראל. אָבער אַז ער האָט דאָרטן ניט געפונען משיחן, האָט ער זיך באַלד געלאָזן צוריק, טראַכטנדיק געוויס, אַז די צייט פון גאולה איז נאָך ניט אָנגעשטאַנען.

יידן זיינען שוין לאַנג געווען דערוויטערט פון אַ לעבן אויף ערד און אויך פון ערדישע פאָלקס־באַגריפן. זיי האָבן מער ניט געשטרעבט צו קיין סתם מלוכה, נאָר צו אַ מלכות שמים. אַזוי נאָר קען מען פאַרשטיין פאַר וואָס זיי האָבן ניט געזוכט דורך אַלע יאָרן פון גלות זיך אַריינצושפּילן אין אָרקעסטער פון פעלקער, דעראָבערן אַ לאַנד, אַ נייע, אָדער דאָס אַלטע, ארץ ישראל.

דער פּאָליטישער ציוניזם, וואָס איז אויפגעקומען אין דער נייער צייט, איז מיגלעך געוואָרן צוליב די צרות און פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך געשטאַרקט אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, און אויך צוליב דעם נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אויפגעקומען אין אייראָפּע. אָבער אַפילו אַזוי האָט נאָך אויך די ציוניסטישע באַוועגונג אַפּעלירט מיט אַ סך משיחישע סענטימענטן. און אויף וויפל זי האָט עס ניט געטאָן — האָבן גרויסע מאַסן פון פאָלק ניט געגלויבט אין דער פּראַקטישער און פּאָליטישער אַרבעט פון ציוניזם. ערשט ווען דאָס פאָלק איז אין זיין גרעסטער מערהייט געוואָרן סעקולער און עמאַנציפּירט, האָט עס אָנגענומען די נאַציאָנאַלע פאָרמען פון אַנדערע פעלקער. און דער גרויסער חורבן, וואָס איז געקומען איבערן פאָלק אין אייראָפּע, האָט אַרויפגעצוווּנגען די נאַציאָנאַלע סוּווערע־ניטעט, ווי דער איינציקער אויסוועג פאַרן קיום פון פאָלק, אין אַ וועלט פון פעלקערשאַפטן, אָפּגעטיילטע דורך נאַציאָ־נאַלע גרענעצן.

יעדע נייע אידייע קומט רעפאָרמירן, הגם דאָס לעבן אַליין, דער נאַטירלעכער צייט־גאַנג, איז דער שטאַרקסטער רעפאָרמאַטאָר. אָבער די צייט רעפאָרמירט אידייען עוואָלוציאָנער, בשעת נייע באַוועגונגען קומען צוואַילן, „אונטערשטופּן" דעם גאַנג פון געשיכטע — און עס ווענדן אין אַ באַשטימטער ריכטונג. אין דעם קולטור־געשיכטלעכן גאַנג פון יידישן פאָלק זיינען פאָרגעקומען בייטונגען, שטילע, און אויך באַוווסטזיניק־צוגעאײַלטע. אין דער פאָרמירונגס־צייט פון פאָלק ישראל זיינען די ענדערונגען, אָדער רעפאָרמעס, געמאַכט געוואָרן מיטן ווילן צו אויפבויען די אומה, דעם גייסטיקן מהות פון פאָלק, ווי דאָס ווערט דערציילט אין ספר דברים. שפּעטער זיינען ענדערונגען געמאַכט געוואָרן צו פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון פאָלק, אָבער זייער אָפט זיינען זיי אויך אויפגעקומען פון אַ סאָציאַל־מאָראַלישן באַדאַרף און טריב, שוין אין אָנהייב פון דער יידישער געשיכטע.

אויף ווי וויט די חכמי התלמוד זיינען געווען פּאָרויס־גייערס אין אַ סך אידייען, ווייזט איצט פּראָפ. יגאל ידין, לויט די ניי־געפונענע מגילות פון ספר ויקרא. די פּרושים, וועלכע ווערן דאָך כסדר באַצייכנט ווי קנאים, פון אַלע די וועלכע שטעלן זיך קעגן תלמוד, זיינען גאָר געווען מקילים, פאַרלייכטערערס. פּראָפ. ידין ווייזט אָן, מיט גרונטיקע אסמכתות, אַז די פּרושים זיינען געווען ליבעראַל, אַנטקעגן אַנדערע כיתות (שולן) אין יידנטום אין יענער צייט, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי אַ סך מער קאָנסערוואַטיווע פאָרמען, דינים. עס מיינט, אַז די פּרושים, און זייערע נאָכגייערס די חכמי התלמוד, האָבן אַריינגעבראַכט קאָנטיקע פאַרלייכטערונגען אין דעם אויסטייטש פון דער תורה.

די תורה איז געווען יסוד און סוד פון קיום האומה. דער אויסטייטש פון דער תורה איז אָבער כסדר געוואַקסן, זיך אַנטוויקלט. דאָס איז, לויט פאַרשיידענע מאמרים, געווען דער ווילן פון דער תורה גופא, אַז די תורה זאָל כסדר אויסגעטייטשט ווערן. דאָס איז געטאָן געוואָרן עוואָלוציאָנער, בהדרגה׳דיק. אָבער אָפטמאָל זיינען אויך אָנגעקומען רעוואָלוציאָנערע, שאַרפע ווענדונגען אין אויסטייטשן די

תורה. דער עצם גאָט־באַגריף האָט אין פֿאַרשיידענע צייטן געהאַט פֿאַרשיידענע אַנטפּלעקונגען. אַמאָל איז געלייגט געוואָרן דער דגש אויף איין אַטריבוט פֿון דער געטלעכקייט און אַמאָל אויף אַ צווייטן. נאָך מער איז אַזוי געשען מיט די הלכות. אַמאָל איז געלייגט געוואָרן מער געוויכט אויף די דינים בין אדם למקום (פֿון מענטש צו גאָט), און אַמאָל אויף די דינים וואָס דאַרפֿן רעגולירן די צווישנמענטשלעכע באַציִאונגען, די סאָציאַלע און עטישע געזעצן (בין אדם לחברו). אָט די פֿאַקטן האָט קיינער ניט פֿאַרלייקנט. פֿאַרקערט, פֿון די חכמי התלמוד ביז היינט ווערט כסדר אָנגעוויזן אויף דעם ווי אויף אַ געטלעכע מעלה פֿון דער תורה, וואָס אין איר געפֿינען זיך די פֿאַרשיידענע רעגולאַציעס, גייסטיקע און הומאַניטאַרע; און אַז מען מעג און מען דאַרף פֿון איר נעמען און אַרויסהייבן די הלכות, דינים, וואָס זיינען צוגעפּאַסט און נייטיק אין אַ געגעבענער צייט און אין באַזונדערע באַדינגונגען. אָבער אין אָט דעם גאַנג זיינען אויפֿגעהאַלטן געוואָרן צוויי גרונט־פּרינציפּן:

ביי אַלע מאָדיפֿיקאַציעס פֿון גאָט־באַגריף, אין דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פֿון דער יידישער אמונה, איז נישט אָפּגעלייקנט געוואָרן קיין איינער פֿון די געטלעכע אַטריבוטן, וואָס איז געווען אָנגענומען און הייליק ביי פֿריערדיקע דורות. אין אַ נייער צייט איז אונטערשטראָכן געוואָרן אַ נייע סובלימאַציע, אָדער מעלה פֿון דער געטלעכקייט, אָבער די פֿריערדיקע באַגריפֿן זיינען ניט נעגירט געוואָרן. אויב איינער, אָדער אַ גרופּע, האָט יאָ אָפּגעלייקנט די פֿריערדיקע אַקסיאָמאַלע באַגריפֿן, האָבן זיך אַזעלכע אויסגעשלאָסן (אָדער אויסגעשלאָסן געוואָרן) פֿון דער יידישער אמונה.

דער זעלבער אימפּעראַטיוו איז אויך געווען גילטיק אין באַצוג צו דער תורה. אין פֿאַרשיידענע צייטן האָט מען זיך שטאַרקער געקלאַמערט צו אַזאַ אָדער אַנדער טייל. דינים זיינען אַמאָל פֿאַרקוקט געוואָרן, ווען קלענערע מצוות האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ סך דבקות. צייטן און אומשטענדן האָבן געביטן דעם צענטער פֿון אויפֿמערקזאַמקייט פֿאַר די געבאָטן פֿון דער תורה. אָבער קיינמאָל האָט די יידישע רעליגיעזע אָנפֿירונג, אין קיין צייט, ניט סאַנקציאָנירט אַזעלכע האַנדלונגען אויפֿן חשבון פֿון די אַנדערע טיילן אין דער תורה; עס איז קיינמאָל ניט דערלויבט געוואָרן צו פֿאַרלייקענען אָט די דינים, מצוות פֿון דער תורה, וועלכע זיינען אין אַ געגעבענער צייט ניט

אָפּגעהיט געוואָרן מיט איפער. אויף דעם איז דאָ דער שטרענגען פאַרזאָג פון „לא תוסיף עליו ולא תגרעו ממנו", ניט אַראָפּנעמען און ניט צולייגן צו דער תורה (דברים יג,א), וואס וועגן דעם האָבן זיך איינגעשטעלט מיט דער גאַנצער קראַפט אַלע גדולים, אַלע לערנערס און טייטשער פון דער תורה אין אַלע צייטן. און אַזוי לאַנג ווי דאָס איז געשען, וווען די וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן באַזונדערע התלהבות פאַר איין טייל מצוות האָבן ניט פאַרלייקנט די אַנדערע, איז אַזאַ גרופּע, אָדער יחיד, געבליבן פולבאַרעכ־טיקט אין כלל פון ישראל.

דער צווייטער גרונט־באַדינג איז געווען, אַז יעדע „רעפאָרמירונג" זאָל אַרויסדרינגען פון דער תורה גופא און האָבן אַן אָנשפּאַר אין איר. נאָר די נביאים האָבן זיך ניט פאַררופן מיט ציטאַטן אויף תורת משה. אָבער חוץ די נביאים זיינען אַלע יידישע רעליגיעזע שאַפונגען פּירושים. דער תלמוד, דער רמב"ם, די ראשונים און אחרונים, אַלע תורהדיקע ספרים — זייער לערנונג איז אויסטייטשונג אין דעם „פרדס" (פשט, רמז, דרוש און סוד) פון תורת משה. די דאָזיקע אַרויסלערנונגען קענען, און מעגן, זיין געוואַגט, ניי, מיט שאַרפע ווענדונגען, אַפילו באַאיינפלוסט פון זייער צייט, אָדער פּראָוואָצירט דורך אַנדערע, ניט יידישע, פילאָזאָפישע און סאָציאַלע שיטות. אַזוי לאַנג אָבער ווי זיי געפינען אַ מקור־אָנשפּאַר אין דער תורה — און מעג עס זיין אויפן סאַמע קאָמפּליצירטסטן וועג — קענען זיי האָפן צו ווערן אויפגענומען ווי לעגיטים יידישע רעיונות אין שאַץ־קאַמער פון יידישער מחשבה. דאָס מיינט, אַז דער דין איז געבליבן דאָגמאַטיש, אָבער הער אינטעלעקטועלער אויסטייטש און עטישע אויסווירקונג פון דין האָט פּראָג־רעסירט.

אָפּהאַלטנדיק אָט די צוויי באַדינגונגען — און עס האָבן שטענדיק געמוזט זיין ביידע — זיינען אָנגעגאַנגען טיפע און גרויסע רעפאָרמירונגען אין יידישן לעבן. אַזוי זיינען געשען די גייסטיקע און פּאַקטישע וואַנדלונגען, אין דער אמונה, אין איר אייגענעם תחום, און אַזוי אין אירע אויסווירקונגען אויפן יידישן לעבן.

איז מיגלעך צו זאָגן אַז די היינטיקע יידישע רעפאָרם באַוועגונג, באַזונדערס ווי זי ווירקט זיך אויס אין אַמעריקע, האָט אויסגעהאַלטן די דאָזיקע צוויי היסטאָרישע יסוד־פּראָבעס? אירע אידיאָלאָגן פּרעטענדירן גאָרנישט אויף דעם. אָבער אין דער זעלבער צייט וויל די רעפאָרם

באַוועגונג זייִן — און איז — אַן אינטעגראַלער טייל פון פאָלק. זי האָט אַ שאַרפע פּראָטעסטיע באַטראַכט צו ווערן ווי אַ רעליגיעזע עדה, און אַזוי טאַקע ווערט זי אויפגענומען פון יידישן דעת הקהל. דאָס איז אַ נייע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע.



אחד העם האָט אַרויסגעבראַכט אַ געדאַנק קעגן רעפאָרמירן דעם יידישן דת. הערביי איז ער, אָבער, געווען פאַר דער נאַטירלעכער רעפאָרמאַציע. עס מיינט: אַלץ וואָס דאָס לעבן אַליין רעפאָרמירט, נאַטירלעך, אין גאַנג פון צייט, איז גוט. אָבער רעפאָרמירן מיט „כוח", דאָס שאַפן אַ באַוועגונג צו רעפאָרמירן דעם דת — דאָס האָט ער אָפּגעפּרעגט. (תורה שבכתב ותורה שבלב). אין אָט דעם געדאַנק ליגט ניט קיין סתירה. ווייל דאָס איז אין גייסטיקן דרך פון יידנטום. עוואָלוציאָנערע רעפאָרם — יאָ; צוואַיילן — ניט. וואָרן דאָס צוואַיילן מוז פירן צו אַ שאַרפן איבער־ברוך. און דאָס איז געשען מיט דער רעפאָרם באַוועגונג בשעת איר אויפקום. שוין מיטן נאָמען אירן האָבן געוויס די גרינדער געוועלט זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן מיט קיין שיטה און כיתה אין דעם מסורה'דיקן יידנטום; דער ווילן איז רעפאָרמירן, ענדערן, און מיטן טראָפּ אויף אַראָפּנעמען, מאַכן לייכטער, צופּאַסן צום הייַנטצייט, ניט נאָר די פאָרם, נאָר טאַקע דעם אינהאַלט. אָט דער דאָזיקער ווילן רופט זיך דירעקט איבער מיט דער עוואַנגעליסטישער רעפאָרמאַציע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט איר וויגעלע אין דייטשלאַנד, ווי די יידישע רעפאָרם באַוועגונג שפּעטער. און אויך יענע האָט געהאַט דעם ציל, ביי איר אויפקום, צו איבעררייסן מיטן טראַדיציאָנעלן גאַנג פון קריסטנטום. מיטן זעלבן גאַנג, און אונטער דער השפּעה פון דער קריסטלעכער רעפאָרמאַציע באַוועגונג, האָבן אויך די יידישע רעפאָרמאַנטן געפּריידיקט די עטיק פון רעליגיע, אָנשטאָט דער קאַנאָניזירטער דאָגמאַ. זיי האָבן אויפגעהערט זיך אָפּגעבן מיטן דין, מיט דער הלכה. רעליגיע איז פאַר זיי געוואָרן אַן אויסדרוק נאָר פון עטישע באַגריפן און מאָראַלישע לערנונגען, וואָס פאַרפליכטעט גאָר ניט צו אָפּהיטן די איינגעשטעלטע מצוות. אָבער די חכמים האָבן געלערנט, אַז כדי טאַקע אויפהאַלטן אַ מאָראַליש לעבן מוז מען אָפּהיטן די הלכה; ווייל די הלכה איז די ריכט־שנור

פאַר מאָראַל און עטיק. דער מענטש ווייס ניט וואָס איז גוט און וואָס שלעכט. „גוט" און „שלעכט" זיינען רעלאַטיוו. און מענטש האָט אויך נייגונגען, פניות, ער קען האַנדלען אונטער עפעקטן, במילא קען ער ניט זיין דער ריכטער ווי צו זיין מאָראַליש און ווען צו האַנדלען עטיש. מוז ער דאָס איבערלאָזן צום קאָדעקס פון געזעצן — די תורה.

ווען מיר זאָגן תורה, מיינען מיר ניט נאָר תורת משה. מיר מיינען אויך ניט דעם תנ"ך: תורה, נביאים, כתובים; מיר מיינען אויך תורה שבעל פה, דעם תלמוד. און דאָס דאַרף באַטאָנט ווערן, וואָרן אין דעם איז די מחלוקה. און דער תלמוד איז אַלעמאָל געווען דער אָנגרייפס־פעלד, פאַר אַלע סעקטאַנטישע מחלוקות וואָס זיינען אויפגעקומען אין און אַרום יידנטום. עס איז, אייגנטלעך, ניט געווען קיין איין באַוועגונג אַזאַ, וואָס זאָל נישט אָנגרייפן דעם תלמוד. דער אָנהייב קאַמף אויף דעם פעלד איז צווישן די פרושים און צדוקים. און פון דאַן אָן זיינען אַלע אַנדערע באַוועגונגען וואָס קומען אויף אין דעם שטח עכאָס, אָפקלאַנגען פון יענעם אידייען־געראַנגל. אַזוי איז געווען דער קריסטנטום, אַזוי די קאַראַימער, אַזוי די שפּעטערדיקע שבתי צבי באַוועגונג, די פראַנקיסטן. און אַזוי אויך די שטרעמונגען וואָס זיינען געבליבן אין יידנטום. דער ערשטער אָנגרייפס־פונקט פאַר זיי אַלע, פאַר וועמען שוואַכער, פאַר וועמען שטאַרקער, איז געווען דער תלמוד. אָבער זינט גלות בבל איז יידנטום — דאָס פאָלק פון תלמוד. דאָס איז די יידיש גייסטיקע פאָלקס־ירושה; נישט נאָר תורת משה, און געוויס ניט בלויז די נביאים — נאָר דער תלמוד. יידן, אַזוי ווי זיי זיינען איצט, מיט אַלע זייערע קען־צייכנס, מנהגים און פירונגען, האָבן זיך אויסגעפאָרמירט דורך די צוויי טויזנט גלות־יאָרן. און זייער שטאַרקסטער פאָרמיר־כוח איז געווען דער תלמוד, ווו עס געפינען זיך אַלע אָפּדרוק־צייכנס פון גייסטיקן יידישן אויסזען, מענטאַליטעט און כאַראַקטער.

די יידישע רעפאָרם באַוועגונג איז געקומען אין די פוסטריט פון די דייטש עוואַנגעלישע רעפאָרמאַטאָרן. זי האָט, אָבער, אויך געפונען אַן אָנשפּאַר אין די פריערדיקע יידישע באַוועגונגען, וואָס האָבן געקריגט אויף דער „שווערער האַנט" פון תלמוד, אויף די „אַרכאַישע" געזעצן און „סכאָלאַסטישע דאָגמאַס". און פונקט ווי די פריערדיקע כיתות, האָט אויך די רעפאָרם שיטה זיך אַ ווענד געטאָן צוריק, צו די עלטערע מקורות, בעיקר צו די נביאים. דער פראָגרעס איז, אַזוי צו זאָגן, געווען דורך אַ געשיכטלעכן

רעגרעס, אָנהייבן פון דאָרטן ווו יידן זיינען געווען מיט אַכצן הונדערט יאָר צוריק. אָבער אויך פון די עלטערע מקורות איז די רעפאָרם באַוועגונג געקומען בעמען נאָר יענע לערנונגען, וואָס האָבן אוניווערסאַליסטישע מאָטיוון, וועלכע זיינען אויך אָנגענומען אויסער דעם יידנטום: די אמונה אין געטלעכן אימפעראַטיוו און רעליגיע ווי אַ ראַם פון עטישע נאָרמעס.

כמעט אַלע באַוועגונגען וועלכע זיינען אויפגעשטאַנען צו קריגן קעגן תלמוד האָבן געהאַט אַ בשותפות׳דיקן שטריך: די אָפּלייקענונג פון אַ שעפערישן יידישן פאָלק. אָבער יעדע אַזאַ באַוועגונג האָט אויך געהאַט אירע ספּעציפישע מאָטיוון. וואָס זיינען געווען די מאָטיוון פון די יידישע רעפאָרם־פאָטערס אין אייראָפּע? חוץ דעם ווילן זיך צו באַפרייען פון די פּראַקטישע מצוות, איז אויך געווען אַן אידייאישער הויפּט־מאָטיוו: די רעפאָרם פאָטערס האָבן געלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ יידישע אומה, וואָס האָט ניט נאָר אַ בשותפות׳ע געשיכטע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס אויף להבא. די רעפאָרם־פאָטערס האָבן באַטראַכט יידן ווי די טרעגער פון סיני־אידיאַל, ווי די ברענגער פון דער אמונה אין איין גאָט; יידן זיינען די געבערער פון די נביאים און טרעגער פון זייערע אידיאַלן, און אין דעם האָבן יידן אַ מיסיע צווישן די פעלקער. אָבער די עצם שאַפונג פון תלמוד, און נאָך מער דאָס וועלן אָפּהיטן זיינע געזעצן, איז דאָך געווען דער אויסדרוק פון אַ שעפערישע יידישע נאַציע, וועמענס אַלע מעשים ווערן רעגולירט דורך פּראַקטישע געזעצן — אַ פאָלק, איין פאָלק. אָט דאָס איז געווען אַן אידיאָלאָגישער ווידערשפּרוך צו דער אידייאישער גרונטלערע פון דער רעפאָרם באַוועגונג.

דער תלמוד איז די איינציקע גרויסע יידישע שאַפונג, וואָס טראָגט דעם קאָלעקטיוון פאָלקס כאַראַקטער. תורת משה און דער גרעסטער טייל פון די נביאים ווערן אָנגערופן מיט נעמען פון יחידים. און די טיילן פון כתובים, וועמענס מחברים זיינען אַנאָנים, טראָגן אויך דעם חותם פון אַ יחיד אָדער אַ קליינע גרופּע צונויפשטעלערס, פאַרשרייבערס. אין תלמוד אָבער ברויזט דאָס לעבעדיקע פאָלק. דאָרט קומען צום אויסדרוק טעגלעכע פּראָבלעמען פון קאָלעקטיוו, אין זיינע פּראַקטישע טואונגען און באַדאַרפן. דעם אָפּקלייב פון די נביאים, וועמען אַריינצו־גלידערן פאַרן נאַציאָנאַלן פאַרמעגן, האָבן געמאַכט יחידים, די אינטעליגענץ, ווי די אנשי כנסת הגדולה. דעם תלמוד,

אָבער, בבלי און ירושלמי, האָט געשאַפֿן און סאַנקציאָנירט דאָס פֿאָלק גופֿא, גלייך פֿון אָנהייב, און נאָך מער דורך אַלע ווייטערדיקע דורות. במילא האָט יעדע אויפֿגעקומענע כיתה, וואָס האָט געוועלט אָפּנויגן פֿון פֿאָלק, אָפּגענויגט פֿון אָט דער פֿאָלקישער יצירה. און אַזוי האָט גלייך געטאָן, אויף אַ בולטן אופֿן, די אין דייטשלאַנד־אויפֿגעקומענע רעפֿאָרם־באַוועגונג, אין ווילן זיך אָװעקצוקערן פֿון טראַדיציאָנעלן, מסורהדיקן מאַסן־פֿאָלק און פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאָלקס־אמונה.

דאָס אָנהאַלטן זיך אין דער עטיק פֿון יידישן דת האָט ניט געקענט זיין קיין טרייסט פֿאַר איינגעוואָרצלטע אין דער יידישער הלכה. די אוניווערסאַל ־ מאָראַלישע בענקשאַפֿטן, וואָס געפֿינען זיך אין די נביאים, זיינען נישט אָנערקענט געוואָרן ווי געזעצן. זיי זיינען געווען שטרעבונ־גען, וואָס דאַרפֿן, און וועלן, פֿאַרווירקליכט ווערן אין אַ שפּעטערדיקע צייט, אין „אחרית הימים“, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער אמונה אין בית המשיח. אָט די ליכטיקע נביאים־וויזיעס זיינען אַלע מאָל געווען אַ כמו אוטאָפּיע, הגם אַ יסוד־אידיאַל אין יידישן פֿאָלק. אָבער דער עיקר פֿון פֿאָלק־עקזיסטענץ זיינען געווען די טאָג־טעגלעכע מצוות. דערפֿאַר האָט מען דעם תלמוד געלערנט, און די נביאים — נאָר אויף וויפֿל זיי זיינען ציטירט אין תלמוד. ווי אַ סעפּעראַטע איינהייט האָט מען ניט דערמוטיקט דאָס לערנען די נביאים, אַפֿילו זיך באַצויגן צו זיי מיט רעזערוו, ווי צו ספֿרים פֿון נסתר; ספֿרים וועמענס כוונות זיינען ניט געננוג פֿאָרמולירט און קענען, דערפֿאַר, אָפּנייגן די לערנער זייערע פֿון די מצוות מעשיות, וואָס איז דער עיקר פֿון יידישן דת, ווי דאָס האָט זיך אַרויסקריסטאַליזירט אין זיין היסטאָרישן גאַנג אַדאַנק דעם תלמוד. אָבער אויך אין די עטישע אידיאַלן און הומאַניסטישע סענטימענטן פֿון די נביאים האָבן די רעפֿאָרם־פּאָטערס געמאַכט אַ שטאַרקע סעלעקציע. זיי האָבן גענומען נאָר די אוניווערסאַליסטישע טיילן און פֿאַרקוקט די נאַציאָנאַלע. דערפֿאַר אויך האָבן זיי ניט געוועלט דערמאָנען אַפֿילו עטישע אידיאַלן, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין תלמוד. אויך די חכמי התלמוד האָבן דאָך אַרויסגעבראַכט גייסטרייכע עטישע חזיונות, בעיקר אויף לעתיד לבוא, ווי דאָס האָבן געטאָן די נביאים. אָבער די חכמי התלמוד האָבן כסדר אונטערשטראָכן דעם נאַציאָנאַלן ווידעראויפֿקום פֿון יידישן פֿאָלק, ווי דער סאַמע עיקר אין יעדע גייסטיקע און מאָראַלישע ווענדונג פֿון דער

וועלט. און די חכמי התלמוד האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דער בלייבנדיקער ייִדישער אַנדערשקייט, אַפילו באחרית הימים (ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין אַ צאָל מאמרים אין סנהדרין דף צ״ז און ווייטער — כדי אָנווייזן נאָר איין מקור — און אין אומצייליקע מאמרים אין תלמוד און מדרש). דערפאַר האָט די רעפאָרם באַוועגונג ניט געוועלט דערמאָנען אַפילו די הומאַניסטישע אידיאַלן, אויב זיי זיינען געבונדן מיט דער וויזיע פון געטלעכער גאולה פאַרן ייִדישן פאָלק. אין דעם פרט, פון ניט דערמאָנען דעם גלויבן אין געטלעכער גאולה פאַר דער וועלט באחרית הימים, האָט די רעפאָרם, אמת, זיך שאַרף אָפּגעגרענעצט פון קריסטנ־טום, — אָבער אַלץ מיטן אומווילן אויסצוזונדערן דאָס ייִדישע פאָלק און דערלאָזן אין אים נאַציאָנאַלע אַספּיראַצ־יעס.

דאָס פאַררופן זיך פון די רעפאָרם־פאָטערס אויף דעם טעאָלאָגישן יסוד פון דער ייִדישער רעליגיע (אמונה אין איין גאָט), און אויף דער עטיק פון די נביאים נאָר, האָט געמוזט אַרויסרופן אַ פחד ביים טראַדיציאָנעלן ייִדנטום. אין זייער פרעדיקן צוריקצוגיין איז געווען אַ בולטער ווילן פון אַוועקגיין; אַוועקגיין פון דער קלאָר פאָרמולירטער נאַציאָנאַלער ייִדישער רעליגיע, און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ טעאָלאָגיש־עטישע סעקטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט זייער שוואַכע פעדים צום היסטאָרישן ייִדנטום.



צו באַרעכטיקן אָט דעם פחד פון טראַדיציאָנעלן ייִדנטום איז אויך צוגעקומען דער סאָציאַלער פאַקטאָר. אַלע גרויסע באַוועגונגען — ניט נאָר ביי ייִדן — האָבן צוויי בולטע סימנים: זיי קומען אויף צווישן די מאַסן און פאַר זיי, צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון מאַסן. די דאָזיקע צוויי צייכנס האָט נישט געהאַט די רעפאָרם באַוועגונג ביי איר אויפקום. פונקט פאַרקערט: זי איז געבראַכט געוואָרן פון די אויבערשטע שיכטן און פאַר די דאָזיקע שיכטן. די רעפאָרם באַוועגונג איז געקומען פאַרלייכטערן די, וועלכע האָבן געהאַלטן אין אַוועקגיין און זיך אָפּרייסן פון ייִדישן פאָלקס לעבן. עס איז געווען די רעליגיע פאַר באַקוועמ־לעכקייט. נישט קיין מיסטישער פייער, נישט קיין טיפע איבערצייגונגען האָבן געבראַכט די רעפאָרם באַוועגונג. עס איז ניט געווען די אמונה, וואָס באַשאַפט דעם אידיאַל,

נאָר פאַרקערט: דער ווילן האָט געשאַפן די טעאָריע. אָט דער רעאַליזם איז אין זיך אַליין אַנטי רעליגיעז. ווייל רעליגיע, אין איר מהות, איז עמאָציע, וואָס זוכט זיך גרונטפעסטיקן אין לאָגיק — און ניט פאַרקערט. רעפאָרם האָט נישט אָפגעוואָרפן די טעאָלאָגיע, ווייל דאָס האָט איר ניט געשטערט אין אַ קריסטלעכע וועלט. זי האָט אָבער יאָ אָפגעוואָרפן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטן, וועלכע זיינען איר געווען לאַסטיק אין אַ פרעמדן אַרום. דערפאַר האָט זי געזוכט זיך דערווייטערן פון אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן און פון לעבנס־וועג וואָס איז אָנגענומען געוואָרן נאָכן פונאַנדערטייל צווישן יידנטום און קריסטנטום, און זיך האַלטן נאָר ביי דעם, וואָס איז געווען פאַר דעם דאָזיקן ריס. די רעפאָרם באַוועגונג איז ניט געקומען מאַכן שלום און געפינען רעליגיעזע רו אין זיך, נאָר מאַכן שלום און געפינען רו פאַר זיך צווישן די שכנים־פעלקער. עס איז ניט געווען קיין רעזולטאַט פון אינערלעכן טריב, נאָר פון אויסערלעכער נויטווענדיקייט. עס איז ניט געווען קיין רעוואָלוציע, נאָר אַ קאָמפּראָמיס. דערפאַר האָט זי ניט יגדיל תורה געווען, געשאַפן אַן אייגן נייעם רעליגיעזן נוסח, נאָר איר גאַנצער אויפטו איז געווען זיך צו באַפרייען פון דעם אָנגענומענעם נוסח. דערפאַר האָט די רעפאָרם באַוועגונג ניט אַפּעלירט צו די יידישע מאַסן, נאָר אַנטלאָפן פון זיי, — און די יידישע מאַסן האָבן געענטפערט מיטן זעלבן. וואָרום עס האָט ניט געקענט אַפּעלירן צו מאַסן אַ רעליגיעזע באַוועגונג וואָס איז ניט פאַרוואָרצלט אין טראַדיציע, וואָס האָט אויסגעשניטן פון אירע תפילות ירושלים און די אייביקע יידישע בענקשאַפט צו גאולה. דער יידישער מענטש האָט געדאַרפט אַ וואַרעמען, לעבעדיקן גאָט, ניט קיין קאַלטן צערעמאָנאַל; ער האָט געדאַרפט אַ לוי יצחק בערדיטשעווער, ניט קיין טעאָלאָגיע; ער האָט זיך גענייטיקט אין טאָג־טעגלעכע מעשים טובים, ניט אין סופער־הומאַניזם, פון וועלכע זיין גאַנצער אַרום איז געווען די גרעסטע אָפּלייקענונג; דער ייד האָט אויך געדאַרפט אַ וואַרעמען בית המדרש איוון, אַ בית המדרש ווו ער זאָל קענען אַריין מיט די שטיוול, ניט קיין טעמפּל פון נאָר אַ שטילע שמונה עשרה; ער האָט געדאַרפט אַ לעבעדיקן גאָט, צו וועלכן ער זאָל קענען זיך צוטולענען, זיך אויסצווויינען פאַר אים מיט אייגענע טרערן.

די מנהיגים פון פאָלק האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז נאָר קאָנסערווירונג פון דער אמונה, טראַדיציע, מנהגים קענען

אויפהאַלטן דאָס פאָלק אין אַזאַ ביטערן גלות, און יעדע רעפאָרמירונג שטעלט אין סכנה זיין עצם קיום. דער גאַנצער כוח אויסצוהאַלטן דעם גלות איז געקומען פון אָנהאַלטן זיך צו אַן איינגעשטעלטן, פאַרהייליקטן לעבנס־שטייגער און אין דער האָפנונג, אַז אַט דער שטייגער, אין זיין פולער גלאַנץ און פראַכט, וועט אויפשיינען מיט דער גאולה; און די באַנייאונג קען קומען נאָר דאַן אויב מען וועט איינהאַלטן און איינהיטן אין גלות דעם אייגענעם לעבנס־פיר און די פאַרהייליקטע אמונה. וואָלטן די מנהיגים פון פאָלק פריי צוגעלאָזן וועלכע אינדיווידואַליסטישע אָפּנייגונ־גען פון דער איינגעשטעלטער הנהגה, רעפאָרמען אַנשטאָט סיגים, פאַרצאַמונגען, וואָס זאָלן פאַרהיטן פון אַרומיקע איינפלוסן — וואָלט דאָס פאָלק שוין לאַנג געווען צעפאַלן אין סעקטעס, אָדער בכלל פאַרשווונדן. עס וואָלט געוויס ניט געקענט געשען דער באַנייטער אויפקום פון מדינת ישראל, ווייל עס וואָלט ניט געווען די דורכגעטראָגענע בענקשאַפט צו דעם. און מיגלעך זייער, אַז עס וואָלט שוין גאָר ניט געווען דאָס לעבעדיקע פאָלק פאַר אַ נאַציאָנאַלן רענעסאַנס.

די רעפאָרם באַוועגונג וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן אין אַמעריקע, אין ענדע פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז ניט געווען קיין פולע קאָפּיע פון דער רעפאָרם אין דייטשלאַנד. אין אַמעריקע האָט די רעפאָרם צובאַקומען אַנדערע שטריכן — פּאָזיטיווע. עס איז מיגלעך, אַז אַט די ווענדונג איז געקומען ווי אַן אידיאָלאָגישע נויטווענדיקייט פאַר דער באַוועגונג. אָבער מער וואַרשיינלעך אַז דאָס איז געשען צוליב אַ פּערזענלעכער איינשטעלונג, און די פּערזענלעכע איינשטעלונג האָט זיך אויסגעווירקט אויף דער באַוועגונג, — ווי דאָס איז אָפט דער פאַל מיט גרויסע געשעענישן. פירער פון דער רעפאָרם אין אַמעריקע זיינען געוואָרן פאָנען־טרעגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, און צווישן זיי אויך מלוכה־שאַפטלעכע ציוניסטן; ניט נאָר ציוניסטישע שטיצער, צוליב פילאַנטראָפּישע מאָטיוון, נאָר גלויבער אין אַ נאַציאָנאַלן יידישן צוריקער קיין ארץ ישראל — און אין אַלץ וואָס איז פאַרבונדן דערמיט: שפּראַך, נאַציאָנאַלע לעבנס־פאָרמען, „אָפּזונדערונג פון דער וועלט״. אַט דער גלויבן און אַקטיוויטעט פון רעפאָרם מנהיגים האָט געהאָט אין זיך אַ סתירה צום אויפקום און גאַנג פון דער רעפאָרם באַוועגונג. אָבער אַלע אידייען קריסטאַליזירן זיך דורך קאָנטראַדיקציעס.

עס איז געקומען דער אויסראָט פון מזרח אייראָפּעאישן ייִדנטום. די רעפאָרם אין דייטשלאַנד האָט געליטן אַ גייסטיקן חורבן — נאָך איידער אירע מיטגלידער זיינען פיזיש אומגעבראַכט געוואָרן. אָבער עס איז אַזוי געשען, אַז גלייך נאָכן חורבן האָבן גאָר אַ קאָנטיקער צאָל פון רעפאָרם ראַביים דערזען די רויע ווונדן פון די הייפלעך איבערגעבליבענע ייִדן אין אייראָפּע, און זיי האָבן אויך דערזען דעם איינציקן אויסוועג: אַן אייגענע מדינה אין ארץ ישראל. איצט האָט שוין קיין ייִד ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק אין דעם קאַמף פאַר אַ ייִדישע מדינה. די ראַביים, וועלכע זיינען געקומען צו זייערע מיטגלידער מיטן „לעבעדיקן״ גרוס — האָבן אויפגעטרייסלט הערצער. די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם איז שוין ניט געווען קיין פראַגע פון אידעאָלאָגיע — ניט אין ייִדנטום און ניט אויסער דעם ייִדנטום. אַלע אידעאָלאָגיעס זיינען געווען אויפגעטרייסלט פון ייִדישן אומקום. און די רעפאָרם באַוועגונג — האָבנדיק אייגענע ציוניסטישע פירער, וואָס האָבן פריער נאָר זעלטן און ווייניק אַפּעלירט צו דער אייגענער באַוועגונג — איז איצט געקומען צום ציוניזם ווי אַן אייגענע. און דער אויפקום פון דער ייִדישער מדינה האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין אַ סך אָנגענומען דרכים פון ייִדן און ייִדישע מיינונגען, איינשטעלונגען. אָבער די שאַרפסטע ענדערונג האָט דער מדינה־אויפקום געוויס געמאַכט אין דער רעפאָרם באַוועגונג — איר האָט עס צוריקגעבראַכט אין שויס פון נאַציאָנאַלן־ייִדנטום.

איצט איז די רעפאָרם באַוועגונג געוויס אַ פולער און גלייכער טייל אין ייִדישן פאָלק — נאַציאָנאַל. ווייל עס האָט זיך געענדערט איר נאַציאָנאַלע איינשטעלונג. עס איז הערביי אויך אָפּגעפאַלן דער סאָציאַלער מאָטיוו. נישטאָ הייגט די הונגעריקע ייִדישע מאַסן אין אייראָפּע, וואָס האָבן געזוכט טרייסט אין דער טראַדיציאָנעלער אמונה; די הלכה האָט אָנגעוואָרן דאָס גרויסע פאָלק וואָס האָט עס פרום אָפּגעהיט. ייִדיש פאָלק איז אַדורך זיין שאַרפסטן קאַטאַקליזם און דערגאַנגען צו אַ נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. אָבער גראָד די פרום־טראַדיציאָנעלע טיילן אין פאָלק האָבן ניט קיין שפּראַך צו פירן אַ דיאַלאָג מיט דער צייט. און עס איז אויך שווער צו דערוואַרטן אַזאַ דיאַלאָג פון אַ ייִדישקייט, וואָס האָט פאָרמירט איר הנהגה און געפונען שטאַרקייט אין איזאָלאַציע פון דער וועלט און אין פערזענלעכער מאָראַל. די ייִדישקייט האָט נאָך ניט גענומען קיין „שטעלונג״ צו

אַקטועלע פּראָבלעמען פון מדינהשאַפט, מאַכט, פּאָליטיק, מאָדערנע פּראָדוקציע, פרייע און אָפענע פאַרבינדונג מיט דער וועלט, קונסט, ליטעראַטור און דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון אַקטיוויטעטן אין וועלכע דער היינטיקער מענטש גיט אויסדרוק צו זיין לעבן.

די יידישע מדינה, וואָס איז היינט דער שטאַרקסטער פאַקטאָר אין יידישן לעבן, האָט געגעבן נאַציאָנאַלן סטאַטוס דער רעפאָרם באַוועגונג. די געוועזענע טעאָריע פון רעפאָרם, אַז יידן אין גלות זיינען נישט (געווען) קיין פאָלק, פאַלט זיך דאָ גאַנץ גוט צונויף מיט דער מיינונג פון אַ סך מדינה־טעאָרעטיקער — הגם נישט צוליב די זעלבע מאָטיוון. זאָס רוב פון די מדינה בירגער וואָלטן אויך געוועלט אָפּטיילן רעליגיע פון שטאַאַט — און אין דעם וואָלט רעפאָרם געווען דער סאַמע פאַסנדער שותף. אַזאַ שטאַאַטס־רעליגיע וואָלטן דאָס רוב אין דער מדינה אָנגענומען; עס מיינט אַלע די וואָס ווילן אַ רעליגיעז־שטאַאַטלעכע ראָם, ווי דאָס פירט זיך אין דער מערב׳דיקער וועלט. אַזעלכע רעליגיעזע שפּאַלטונגען זיינען כסדר פאַרגעקומען אין דער קריסטלעכער אייראָפּע, כדי צו שאַפן נאַציאָנאַלע קירכן, ווו די רעליגיע דינט די אינטערעסן פון שטאַאַט. איז אַזוינס מיגלעך ביי יידן? נאָרמאַל געזען איז דאָס נישט וואַרשיינלעך. דער גאַנצער אויסגאַמלעכער כוח פון יידן איז געווען אין דעם, וואָס רעליגיע איז געווען געקניפּט און געבונדן מיטן נאַציאָנאַלן לעבן און די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, אָבער אַלץ און אַלעמאָל אַזוי, אַז די רעליגיע איז געווען — אָדער געקעמפּט צו זיין — דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר, איבער דער מלוכה. נאָר אין דער שאַרף־געביטע־נער צייט היינטיקער זיינען ענדערונגען אומפאַרמיידלעך. וואָלט דער אָרטאָדאָקסישער טייל געפונען אין זיך די כוחות פאַר מיגלעכע פאַרלייכטערונגען, אין די ראַמען פון הלכה, וואָלט עס געקענט אוועקנעמען די שאַרפע קאָנקורענץ פון דער רעפאָרם באַוועגונג. אָבער אַזוי לאַנג ווי דאָס געשעט נישט, איז נאַטירלעך די מורא און דער קאַמף פון דער טראַדיציאָנעלער אָרטאָדאָקסיע אין ישראל קעגן רעפאָרם, אַזש ביז צוטיילן איר וויניקער רעכט ווי קריסטלעכע סעקטעס. ביידע צדדים שטייען ווידער פאַר אַ שווערן אידיאָלאָגישן וויכוח — און דאָס מאָל אַ סך אַן ערנסטערן, ווייל עס האָט אַ גוטע קאָנקרעטע באַזע: די יידישע מדינה.

באַמערקונג:

די דערציילונג וועגן עשו און יעקב, אין חומש, איז פול מיט שטאַרקן דראַמאַטישן שטאָף.

אין די חומשדיקע דערציילונג טאַקע אַן אָנווייז אויף דעם וואָס עס האָט זיך שפּעטער אָפּגעשפּילט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, איבער לענדער און קאָנטינענטן, און דורך הונדערטער יאָרן?

פון אַ היסטאָרישן חשבון איז געוויס וויכטיקער ניט דאָס וואָס איז געווען, נאָר דאָס וואָס עס איז געוואָרן; דער אַרויסקום, די שפּעטערדיקע געשעענישן, וועלכע האָבן צעטיילט די ברידער, באַגלייט פון שנאה, ליידן און פּיין. אָבער אונדז האָט פּאַרט טיף אינטערעסירט דער אָנהייב, די דערציילונג גופא, וועגן די צוויי ברידער, ווי מיר זעען זיי אין חומש, ניט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג. און וועגן אָט דעם אָנהייב ווערט דאָ דערציילט.

די דערציילונג גייט אין די פוסטריט פון חומש, פאַרפלאָכטן מיט אגדות און מדרשים, אָבער אַלץ מיט ליטעראַרישן פרייען אויסטייטש, און טיילווייז געשפּונען מיט פאָלקס־לשון. און מען דאַרף דאָ געוויס ניט זוכן קיין רעליגיעזע מיינונגען, טעאָלאָגישע אידייען און היסטאָרישן חשבון.

## א

**אלה תולדות, דאָס איז די געשיכטע פון עשו און יעקב, צוויי ברידער וועלכע האָבן זיך אויסגעוואַרעמט אין איין מוטער־לייב.**

**עשו איז געווען שטאַרקער, שוין ביים געבורט, האָט ער זיך אַרויסגעקראָגן דער ערשטער אין דער וועלט אַריין. יעקב, דער שוואַכערער, האָט זיך אָנגעהאַלטן ביים ברודערס פוס, ווייל מיט אייגענע קרעפטן האָט ער זיך ניט געקענט אַרויסראַנגלען.**

**די צווילינג־ברידער האָבן זיך געשפּילט צוזאַמען. זיי האָבן זיך ליב געהאַט זייער. אָבער ווען זיי זיינען אונטער־געוואַקסן, האָבן זיך אָנגעפאַנגען צעטיילן ביידנס וועגן. עשו**

איז אַוועק אַרבעטן. אים האָט געצויגן אין פעלד, צו פרייע ברייטקייטן. דערצו איז דער טאַטע קרענקלעך, נעמט דער בכור אויף זיך די לאַסט פון דער משפחה.

יעקב איז געווען אַ שטוב־זיצער. לייענט, לערנט, איז פאַרטראַגן אין דמיונות, און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ תם.

רבקה, די מאַמע, וואָלט געדאַרפט ליבהאָבן איר בכור, וואָס אַרבעט שווער און איז זיכער געהאַרכזאַם. אָבער רבקה איז געקומען פון אַ הויז ווו מען איז ניט געגאַנגען מיטן גלייכן וועג. איר ברודער, לבן, איז געווען אַן אָפּנאַרער, און זי, רבקה, איז געווען אונטערן ברודערס איינפלוס. דערצו איז רבקה געווען אַ שיינע זייער. און ווי אַלע שיינע מיידלעך איז זי געווען פאַרגלויבט אין זיך, שטאָלץ מיט איר חן, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף איר פּנים.

אַ שידוך האָט רבקה געטאָן ניט קיין גלייכן. עס איז געווען איר אייגענע שולד. אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט זיך באַוויזן אין איר שטעטל אַ פרעמדער מאַן. אליעזר איז געווען זיין נאָמען. ער איז צוגעפאָרן לעבן ברונעם, ווו די מיידלעך גייען אַרויס אין פאַרנאַכט שעפּן וואַסער. און ווי נאָר רבקה האָט אים דערזען, האָט זי זיך אַ שטופּ געטאָן פאָרויס פון צווישן אירע אַלע חבר'טעס. זי האָט זיך געוועלט אַרויסשטעלן מיט איר קלוגשאַפט, גאָר ניט ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייִדישע טאָכטער. אָבער איר דרייסטקייט איז גראָד געפעלן געוואָרן דעם פרעמדן מאַן. האָט ער איז געגעבן אַ מתנה אַ גאָלדענעם נאָזרינג. ווען רבקה האָט דערזען די מתנה, און די קנאה פון די אַרומיקע מיידלעך, איז זי אינגאַנצן צעחושט געוואָרן. זי האָט גערעדט ווי אַ וואַסער און אָנגעלויבט די אייגענע שטוב. און נאָך איידער דער פרעמדער האָט געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן, האָט רבקה אויפגעהויבן די באָרוועסע פיס און אַנטלאָפן. זי איז ניט געלאָפן צו טאַטע־מאַמען, ווי עס געהער צו זיין. זי איז געלאָפן גלייך צום ברודער איר, אַנזאָגן אים וועגן דעם גאָלדערנעם גליק, וואָס איר האָט געטראָפן. דערהערט לבן אַזאַ מעשה, לויפט ער אַנטקעגן גאַסט, וואָס איז געוויס אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד, כדי אַן אַנדער אכסניה אין שטעטל זאָל אים ניט אַרויסכאַפּן.

לבן ברענגט אַריין דעם גאַסט אין שטוב און אליעזר זעט אַז עס איז אַ באַלעבאַטישע היים. ער פּרובירט פאַרפירן אַ שמועס וועגן אַ שידוך, וואָס ער זוכט פאַר זיין האַר. דערהערט רבקה אַזאַ מעשה — שטייט זי שוין מיטן פּעקל אין האַנט, גרייט זיך צו לאָזן מיטן פרעמדן אין אומבאַקאַנטן

וועג. אליעזר איז מסכים זי זאָל פאָרן מיט אים אויף באַשויען דעם חתן, הגם געדאַרפט וואָלט זיין פאַרקערט, אַז דער חתן זאָל קומען אָנקוקן די כלה. און אָט איז שוין רבקה אויפן קעמל, און ווילד, אַוועקגעפאָרן — אָן אַ טרער און אָן אַ זייטגעזעגנט צו טאַטע־מאַמע. פאַר דער צוקונפטי־קער שנור פון אברהמען, פאַר די וועלכע דאַרף פאַרנעמען די מאַמע שרה׳ס אָרט, וואָלט געפּאַסט מער באַשיידנקייט און צוריקהאַלטונג. אָבער אַ שיינע מיידל, ווי רבקה איז, און אַ שטאַרק קאַפּריזנע, האָט זי ראָמאַנטישע חלומות. זי האָט געחלומט אַלעמאָל וועגן אַ פּרינץ, וואָס וועט קומען צורייטן פון אַ ווייט לאַנד און איר אַוועקכאַפּן אויף זיין ווייסן פערד — און אָט פאַנגען אָן אירע פאַנטאַזיעס פאַר־ווירקלעכט צו ווערן — לויפט זי. אָבער איר דערוואַרט אַן אַנטוישונג.

## ב

נאָך טעג פאָרן דורכן מדבר דערגייט דער קאַראַוואַן צו אַן אָאַזיס. פון ווייטן זעט מען שוין די שפּיצן פון קלויסטער און אויך דעם טורעם־דאַך פון בית המדרש.

עס איז פאַרנאַכט. יצחק איז אַרויס אין פעלד אויף אַ שפּאַציר. בייטאָג קען ער ניט פאַרלאָזן דעם געצעלט. די זון שטעכט אין די קראַנקע אויגן. זיין טאַטע, אברהם, איז אַ ייד אַ גבר. אַ קליינקייט אַ ייד זאָל האָבן אַ זון צו הונדערט יאָר — און אויך שפּעטער נאָך, מיט אַ צווייטע ווייב. ער הייבט זיך אויף פאַרטאָג, כעלות, לייגט טלית און תפילין, גייט אַנטקעגן אורחים, רודערט אַ וועלט. דער זון, אָבער, איז אַ קרענקלעכער. אים ליגט נאָך אין די ביינער די שרעק פון דער עקדה, ווען דער טאַטע האָט אים געפירט צו מקריב זיין פאַר גאָט. ער האָט שוואַכע אויגן. אויך דאָס איז אים געבליבן פון דער עקדה. ער איז געלעגן דאָן מיטן פּנים אַרויף, די האַלדז געשטרעקט אונטערן מעסער, און דער טאַטע זיינער האָט זיך ניט געאיילט, געקוקט אויף די אַרומיקע בערג, געוואַרט אויף אַ נס — דערווייל די זון האָט אַזוי געברענט אים אין די אויגן, איז אים קאַליע געוואָרן די ראיה. איז אים שווער צו אַריינקוקן אין אַ ספר ביינאַכט. זיין בעסטע צייט איז פאַרנאַכט, ווען די זון לאָזט זיך אַראָפּ. דאַן נעמט ער זיך שפּאַציר שטעקל און לאָזט זיך אַליין אין פעלד. איצט גייט ער אַריינגעטאָן אין מחשבות. די מאַמע איז געשטאָרבן. דער טאַטע האָט

זיך געגומען אַן אַנדער ווייב. ישמעאל, זיין געליבטער ברודער, איז פאַרטריבן ערגעץ. האָט ער ניט גאַנצע טעג מיט וועמען אומצובייטן אַ וואָרט. ער זינגט זיך איצט שטיל, מיט אַ טרויעריקן מנחה־ניגון: אוי אשרי יושבי ביתך, עס איז גוט צו זיצן אין שטוב, ווען מען וויל, אָבער איך זיץ גאַנצע טעג אין שטוב אַליין, ווייל איך מוז.

פון ווייטן דערטראָגן זיך טריט פון קעמלען. יצחק טוט אויס די בלויע ברילן, טוט אָן די ליכטיקערע שפּאַקולן, מאַכט אַ דעכעלע איבער די אויגן און וויל זען ווער עס קומט אָן. דערזעט אליעזר זיין באַלעבאָס, זאָגט ער צו רבקהן: אָט איז דער חתן. טוט רבקה אַ קוק אויפן אַלטן יידן און עס ווערט איר שלעכט. אַ ביסל וואַסער. זי חלשט. און אָט ליגט זי שוין אויף דער ערד, אַראָפּגעפאַלן פון קעמל. קוים וואָס מען דערמינטערט איר. אָבער אַ פאַרביסענע איז זי, וועט זי ניט פאָרן צוריק אַהיים, די חברטעס זאָלן ניט האָבן קיין נקמה אָן איר. און אַן אַריינקומעניש איז דאָ. אברהם איז אַ גביר אדיר. און יחוס איז אויך דאָ. און, צוריקגערעדט, יצחק איז אַ שטילער, און אַן עלטערער. מען זאָגט ער איז שוין אַ בן ארבעים. מן הסתם איז ער נאָך עלטער. וועט זי שוין דאָ טאָן וואָס זי וויל — גלייבט זי. קינדער האָבן מיט דעם אַלטן — זי טראַכט אפילו ניט דערפון. אָבער, ווי עס מאַכט זיך, און זי פאַרשוואַנגערט. ווערט זי אויפגערודערט. „למה זה אנכי״, דאָס פעלט מיר נאָך. זי געפינט זיך ניט קיין אָרט. לויפט צו דאָקטוירים. ווייזט זיך אַרויס: זי שוואַנגערט מיט צווילינג.

וואַקסן ביידע. דער ערשטער אַ שטאַרקער, דאָס פּנים רויט, די האָר רויט, די בלוטן קאָכן, און ליב האָט עס הייס, רויט און קאָכעדיק.

דער צווייטער איז דער מאַמעס אַ קינד. אייביק דאָס האַלט זיך ביי איר פאַרטוך. פאַרעט זיך אין קיך. דאָ וואַקסט דער מאַמעס אויסגעחלומטער פּרינץ פון איר מיידלשאַפט. ער איז אַזאַ שטילער, אַזאַ איידעלער, אַ ביסל אַ קרענקלע־כער, וואָס זוכט רחמנות ביי דער מאַמען — און וועט עס שפּעטער אויך זוכן ביים ברודער. האָט אים רבקה ליב.

## ג

עשו, וועלכער האָרעוועט שווער און ברענגט אַריין אין שטוב אַלץ וואָס ער פאַרדינט, געפינט ניט אין שטוב קיין דאַנק, קיין אָפּשאַצונג. די מאַמע לאָזט אים אויף די אויגן

ניט אַרויף. נעמט צו וואָס ער ברענגט אַריין — און שוין. אַ גוט וואָרט האָט זי ניט פֿאַר אים. און דער ברודער, וואָס פּיעסטשעט זיך פֿאַר דער מאַמען, איז אַן אינטעליגענט, שטייט אים גאָר ניט אָן צו ריידן מיט עשון. וואָס וועט ער זיך אַריינלאָזן אין געשפּרעך מיטן גראָבן פּליגל, וואָס קומט מיט פֿאַרבלוטיקטע הענט פֿון יאַגד. נאָר דער טאַטע פֿאַרשטייט עשו'ן, שאַצט אים אָפּ און האָט אים ליב זייער. יצחק פֿרייט זיך מיט דער מענלעכער גבורה אין זיין בכור. ווי יעדער שוואַכער איז ער באַגייסטערט פֿאַר שטאַרקייט. יצחק זיצט שוין גאַנצע טעג אין שטוב. אַפילו אויף זיינע פֿאַרנאַכטיקע שפּאַצירן קען ער מער ניט גיין. און ווען עשו קערט זיך אום פֿאַרנאַכט אַ היים, קומט ער באַלד אַריין מיטן ברייטן גוטנאָוונט צום קראַנקן טאַטן. יצחק וואַרט אויף אים. דער ריח פֿון פֿעלד, וואָס קומט אַריין מיטן זון, איז אים מחיה. מיט עשו'ן קען ער אויך אויסריידן אַ וואָרט. וואָרום יעקב באַוויזט זיך דאָך ניט. און די וויב — זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין איבעריקע ליבשאַפֿט פֿאַרן אַלטן מאַן. און איצט, אַז ער איז נאָך קראַנק אויך, האָט זי שוין אינגאַנצן פֿאַרלאָרן די געדולד פֿאַר אים. שמועסט יצחק מיט עשו'ן. פֿרעגט זיך נאָך ווי עס איז אים געגאַנגען דער טאָג, צי האָט ער עפּעס רעכטס געפֿאַנגען, און צי עס וועט זיין עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין, „כאשר אהבתי", ווי איך האָב ליב. וואָרום אַמאָל פֿלעגט די מאַמע, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל זי האָבן, מיר מאַכן מטעמים. אָבער היינט, ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין, בין איך גאַנצע טעג פֿאַרשמאַכט. פֿעדערט זיך עשו און טוט דעם רצון פֿון טאַטן. זיצן זיי און עסן צוזאַמען, אין טאַטנס צימער.

עס געשעט אָבער אַמאָל, אַז עשו האָט געהאַט אַ שלעכטן טאָג, ווי ס'מאַכט זיך ביי יאַגד־לייט. די הינט זיינען אַ גאַנצן טאָג געלאָפֿן, געשנאַפּט, געזוכט, אָבער די חיות האָבן אַוועקגעוואַנדערט אין אַן אַנדער אָרט. געווען אַ טריקעניש און זיי זיינען אַוועק זוכן וואַסער. עשו האָט עס פֿאַרגעסן און געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג אומזיסט. אָנגעגעסן זיך מיט שטויב, אָפּגעשלאָגן די פֿיס, און געקומען מיט ליידיקן. ער איז פֿאַרמאַטערט און פֿאַרביטערט. קומט ער אַ היים און געפֿינט דעם ברודער, ווי ער קאָכט פֿאַר זיך מיט דער מאַמען אַ יאַיכל. וואַרט ער אַז יעקב זאָל אים אָנבאָטן אַ לעפֿל געקעכץ, אָבער יענער מאַכט זיך אַפֿילו ניט ווויסנדיק. ער איז געוויינט אַז עשו זאָל נאָר אים געבן. ציט שוין עשו אַראָפּ די שעם היטל און בעט. זעסט דאָך

אַז איך בין אַזוי מיד, אַלע גלידער ברעכן מיר, זיי אַ ברודער, גיב אַ ביסל זופּ. ערשט דער תם איז גאָר אַ גאַנצער סוחר. ווילסט זופּ, ביסט הונגעריק, איז באַצאָל, אומזיסט טרינקט מען וואַסער. געקענט וואָלט עשו פרעגן: און אויף ווען. עמענס האָרעוואַניע לעבסטו! איך האָרעווע דאָך פאַר דיר אויך. אָבער עשו איז צו שטאָלץ אויף דעם, און מיט וועמען וועט ער זיך דאָ אַריינלאָזן אין וויכוחים, מיט אָט דעם כניאָק, וואָס האַלט זיך שטענדיק ביי דער מאַמעס פאָלע. זאָגט עשו: גוט, און וואָס, אַשטייגער, ווילסטו איך זאָל דיר באַצאָלן? ענטפערט יעקב מיט כיטרעקייט: גיב מיר די בכורה. זעט דאָך שוין עשו איין, אַז יעקב וואַרט אויפן טאַטנס טויט, אויף דער ירושה, וואָס געהער דאָפּלט צו אַ בכור, פאַרדריסט עס עשון זייער. ער האָט דעם טאַטן ליב און טוט אַלץ צו פאַרלענגערן זיינע יאָרן און באַשיינען זיין לעבן, און דאָ גאָר מאַכט יעקב שוין פּלענער זיך צו טיילן מיט דער ירושה. ענטפערט עשו — ליריש און פילאָזאָפיש: גוט, נעם די בכורה, וואָרום וואָס דאַרף איך עס, איך וועל דאָך אויך שטאַרבן, ניט נאָר דער טאַטע. און עשו וויל נאָך צוגעבן: איך יאָג זיך ניט נאָכן טאַטנס ירושה. און אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך זיך אַן עצה טאָן. איך האָב הענט, וועל איך אַרבעטן און פאַרדינען. אָבער דו, פוילער וואָס דו ביסט, טאַקע אַ רחמנות אויף דיר, אויב דער טאַטע און איך זאָלן דיר ניט געבן, וואָלסטו דאָך אויסגעגאַנגען פון הונגער. נעם די בכורה, האָב די ירושה, און זאָל עס דיר וווּיל באַקומען. אָבער יעקב שפּירט גאָר ניט עשו׳ס אומעטיקע, שטילע רייד, פון „אנכי הולך למות״, אַז דאָס קורצע לעבן אויף דער וועלט איז ניט ווערט דעם געקריג צווישן ברידער, און ער פאַרלאַנגט אַ שבועה, אַז עשו וועט האַלטן זיין צוזאָג. טוט עשו אַ ביטערן שמייכל און שווערט. ערשט דאַן גיט יעקב אים אַ ביסן ברויט און אַ טעלער לינדזן זופּ. עשו פאַלט צו אַ פאַרשמאַכטער, אַ טויט־הונגעריקער, און איז זיך מחיה.

אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט, הייבט ער זיך אויף און גייט אַרויס. ערשט יעקב קרימט אים נאָך מיט אַ לאַנגע צונג און רופט אים נאָך נעמען: „רויטער, אדומי דו״. אָבער עשו איז שוין געוווינט מען זאָל אים רופן זידל־נעמען. אַזוי באַלד ווי ער איז נאָר געבוירן געוואָרן און מען האָט דערזען זיין ברוסט מענערישע האָר, האָט מען אים געזידלט „עשו״, האָריקער. איז זאָל זיין נאָך אַ צונאָמען, ער וועט זיך שוין אויך וועגן דעם ניט קריגן מיטן ברודער.

## ד

אין לאַנד איז אָנגעשטאַנען אַ הונגער. עשו אַרבעט נאָך שווערער אַריינצובריינגען חיונה. דערווײַלע האָט דער טאַטע איבערגערעדט מיט אים, אַז עס איז שוין צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן תכלית, אויפשטעלן אַ משפּחה אַן אייגענע. „איך, ווי דו ווייסט, בין שוין ניט געווען קיין יונגערמאַנטשיק ווען איך האָב חתונה געהאַט. און זעסט דאָך, קיין גוטס איז דערפון ניט אַרויסגעקומען. און אַט ביסטו שוין אין מײַנע יאָרן, צייט חתונה האָבן". דער טאַטע עצהט אים ניט ער זאָל זיך זוכן זיין באַשערטע אין דער אייגענער משפּחה. געוויינט אַז ער איז אַריינגעפאַלן. הערט זיך עשו צו צום טאַטנס רייד און האָט חתונה. ווערט דער יאָך אויף אים נאָך גרעסער. וואָרום ער וועט דעם טאַטן ניט פאַרלאָזן. יעקב איז נאָך אַלץ אַ בחור. דער אינטעליגענט קען זיך ניט צוקלייבן, וואָרום די מיידלעך פון שטעטל געפעלן אים ניט. און געלט-גייציג איז ער אויך. ער זוכט נדן, ווי ער האָט געזוכט ירושה. אַלץ ער וויל זיך פאַרזי־כערן. ער לעבט נאָך אַלץ אויפן ברודערס פאַרדינסט, און די מאַמע קעכלט אים.

איינמאָל רופט דער טאַטע אַריין עשון. ער האָט געהערט וועגן אַ מעשה פון פאַרקויפן די בכורה. ער זעט טאַקע שוין ניט, און מען דערציילט אים ניט וואָס עס גייט אָן אין שטוב. די ווייב מיטן יונגסטן זון טוען אַלץ צווישן זיך, היבטער זיינע פּלייצעס. אָבער אַ בלינדן קען מען ניט אָפּנאַרן. ער פילט. ער שפּירט עס אויך פון עשו׳ס רייד, וואָס ווערן טרויעריקער פון טאָג, צוליבן טאַטנס קראַנקייט. און הגם עשו רעדט ניט, וויל דעם טאַטן ניט מצער זיין, פּרובירט יצחק אים טרייסטן. נאָר ער רעדט אַרום, אַז עשו זאָל ניט פילן, אַז ער ווייס עפּעס וועגן יעקב׳ס האַנדלונג. זאָגט ער צו אים: גיי, מיין זון, ברענג מיר עפּעס צו עסן, און איך וועל דיר בענטשן, איידער איך שטאַרב.

יצחקס אָנצוהערעניש איז אַ געווינג קלאָרע. מאַלע וואָס יעקב האָט אַרויסגענאַרט פון דיר אַ וואָרט וועגן פאַרקויפן די בכורה. איך בין גוזר מיטן וואָרט פון טאַטן, אַז אַזעלכע מסחרים וועלן ביי מיר אין שטוב ניט אָנגיין. דו ביסט מיין בכור. דיר וויל איך זען פאַרן טויט. דיר וועל איך בענטשן, ווי עס געהער פאַרן בכור, און דו וועסט פאַרמאַכן מיינע אויגן, מיט די זעלבע הענט וועלכע האָבן מיך דערהאַלטן

ביים לעבן.

עשו איילט זיך צו טאָן דעם טאַטנס ווילן. אָבער די מאַמע, וואָס אַזוי זיצט זי אָפּ גאַנצע טעג און פלאַטקעוועט ביי שכנים; מיר הערן ניט אַז זי זאָל וועגן אַריינגיין צום מאַן זיך נאָכפרעגן וואָס ער מאַכט — איצט אָבער, ווען יצחק רעדט מיט עשו׳ן, לייגט זי צו אַן אויער צום שליסל־לאָך. אין צימער איז זי ניט געווען, נאָר „ורבקה שומעת״, זי האָט אונטערגעהערט. און באַלד גלייך פאַרשפּינט זי אַן אינטריגע, אָפּצונאַרן דעם בלינדן מאַן אירן. זי לויפט און שמייעט. קוילעט ציגעלעך. שטעלט אויף אַ גאַנצע קאָמעדיע. זי וויל אַז יעקב זאָל זיך פאַרשטעלן און אַרויסנאַרן די בכורה. נאָר יעקב איז פאָרט אַ זון. ווי נאַרט מען עס אָפּ אַ בלינדן טאַטן — עס לאָזט אים ניט דאָס האַרץ. אָבער רבקה איז צעיאָכמערט, פאַרפלאָמט אין איר אינטריגע. אַלע יעקב׳ס איינווענדונגען העלפן ניט. אויף אַלץ האָט זי אַ תירוץ. און יעקב האָט אַ שוואַכן כאַראַקטער און ער איז אונטער דער מאַמעס איינפלוס. גייט ער. דאָס האַרץ שלאָגט אים ווי ביי אַ גזלן. און ווי נאָר ער איז אַריבער דעם שוועל פון טאַטנס חדר, האָט דער טאַטע שוין אַלץ פאַרשטאַנען. אָבער יצחק וויל זיך נאָך פאַרזיכערן, אַז ער מאַכט ניט קיין טעות, פרעגט ער: ווי האָסטו עפּעס אַזוי גיך געכאַפּט אַ פאַנג? ענטפערט יעקב: גאָט דיין גאָט האָט מיר געהאָלפן. ווייס שוין יצחק אויף זיכער, אַז דאָס איז יעקב. וואָרום עשו רעדט ניט אַזוי. נאָר יעקב, אַ שוואַכינקער ווי ער איז, פאַרלאָזט זיך כסדר אויף גאָטס הילף. שמייכלען די בלינדע אויגן. איי, איי, רבקה — טראַכט ער זיך — דו מיינסט נאָך אַלץ אַז דו ביסט אַ חכמה. אַמאָל האָסטו זיך אָפּגענאַרט מיט מיין גאָלד, וואָס איך האָב דיר געשיקט כלה־מתנות, איצט ווילסטו מיר אָפּנאַרן — און נאַרסט ווידער זיך.

„נע, קום נאָר צו נענטער, מיין זון, לאָז מיך דיך אַרומנעמען״. און אין האַרצן טראַכט יצחק: אַז דו קומסט דאָך גאָר קיינמאָל ניט אַריין צו מיר. איך ווייס, דאָס איז ניט דיין שולד, דאָס האָט די מאַמע דיך אָפּגעפרעמדט פון מיר. אָבער נאָך דער ירושה מיינער יאָגסטו זיך יאָ, איצט ווילסטו אַ ברכה אויך. האָסט געמעגט קומען אַליין, איך וואָלט דיר, חס ושלום, ניט דערווייטערט. ביסט מיר אַ זון, אַזוי ווי עשו. אָבער די מאַמע, די מאַמע זאָל געזונט זיין, מיט אירע נאַרישע געניג. נאָר איך וועל דיר ניט פאַרשעמען, איז גלייכער איך זאָל זיך מאַכן ווי איך דערקען דיר טאַקע ניט. טאָ קום שוין אַהער, לאָמיך דיר אַרומנעמען, אַ גלעט

טאָן, זאָל זיין אַפילו אַ פאַרשטעלטן. דיין קול איז מיך סייווי ליב. רייד צו מיר. קום, איך וועל דיר אַ קוש טאָן.

יעקב ציטערט און רעדט. דער טאַטע גלעט אים און ווײנט. אוי, ווי יעקב וואָלט איצט געוועלט צופאַלן צום טאַטנס פיס און אויסשרייען אני יעקב; ער האָט אָבער מורא, ער ווייס די מאַמע וואַכט ביים טיר. און יצחק גיט יעקב'ן אַ ברכה — אָבער ניט די וואָס איז אָנגעגרייט פאַר עשו'ן. די מאַמע און יעקב מיינען, אַז זיי האָבן אויסגענאַרט די ברכה עשו'ס, ווייל יצחק ניט צעשטערן זייער איינריידעניש, און ער וויל זיי אויך ניט פאַרשעמען. זאָגט ער:

גאָט זאָל דיר געבן דעם טוי פון הימל
און פון די פעטקייטן פון דער ערד,
און פיל תבואה און ווײַן.

דאָס איז ניט קיין ספּעציעלע ברכה, מיט וועלכע אַ טאַטע געזעגנט זיין זון. ער ווינטשט אים נאָר ער זאָל האָבן פרנסה. די צווייטע העלפט פון דער ברכה איז שוין חשובער:

פעלקער זאָלן דיר דינען,
און אומות זאָלן זיך בויגן צו דיר.
זיי אַ האַר איבער דיינע ברידער,
און די זין פון דיין מוטער זאָלן זיך קניען צו דיר.

אָבער אויך אין דעם טייל פון דער ברכה איז ניטאָ קיין אָנדייט קעגן עשו'ן, וואָרום יעקב האָט דאָך נאָר איין ברודער, און זיין מוטער האָט דאָך נאָר איין זון, אָבער יצחק רעדט בלשון רבים, אין מערצאָל, וועגן „ברידער" און „זין". ווייל יצחק האָט געטראַכט, אַז אַזוי גיך ווי ער וועט שטאַרבן וועט רבקה ווידער חתונה האָבן. זי איז דאָך נאָך יונג. ווייל עס יצחק אָנדייטן צו יעקב'ן, און אים וואָרענען, אים באַשיצן מיט אַ ברכה, קעגן יענע ברידער, וועלכע רבקה האָפט נאָך צו געבוירן. דאָס איז אַלץ ניט לעגן עשו'ן.

דער דריטער טייל, דער סוף פון דער ברכה, איז פאַר יעקב'ן, ווייל יצחק ווייס, אַז יעקב־ישראל וועט האָבן אין דער וועלט אַ סך אומזיסטע פיינט, שילטערס און שלעכטס־טוערס, זאָגט ער:

פאַרשאָלטן די וועלכע שילטן דיך
און געבענטשט זאָלן זיין די וואָס בענטשן דיך.

יעקב גיט אַ לעצטן בליק אויפן טאַטן. דאָס האַרץ איז אים פאַרקלעמט, וואָס ער דאַרף זיך געזעגענען אין אַזאַ מעמד, מיט גענאַר. ער לויפט אַרויס פון צימער. שטויסט זיך אָן אויף דער מאַמען, וואָס לוקט ביים טיר. זי וויל אים

אַרומנעמען, זיך פרייען מיט דעם וואָס איר גענאַר האָט זיך איינגעגעבן. אָבער יעקב מיידט איר אויס. ער שפּאַנט אַוועק אַן איינגעבראָכענער אין זיך. ער וואַרפט אַרונטער די פעלכעליך פון די הענט, די מאַסקעס. אים טוט באַנג דער מאַסקעראַד. ער געפינט זיך ניט קיין אָרט. אַ גאַנץ לעבן וועט עס אים נאָכגיין. און ער פילט שוין איצט, אַז עס וועט קומען באַצאָלט פאַר דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָנריידן צו טאָן; פאַר דעם וואָס ער האָט אָפּגענאַרט דעם טאַטן, וועלן זיינע קינדער האַנדלען אויך אַזוי לגבי אים. זיינע קינדער וועלן אַריינוואַרפן זיין געליבטן זון, יוסף, אין אַ גרוב. זיי וועלן איינטונקען זיין העמדל אין בלוט און וועלן ברענגען צום טאַטן, זאָגנדיק: דערקען, צי איז עס דאָס העמדל פון דיין זון? וועט יעקב זיך אויך מאַכן, ווי ער האָט עס געלערנט איצט פון זיין טאַטן, אַז ער ווייס ניט וואָס די זין זיינע האָבן אָפּגעטאָן, און ער וועט אויסוויינען: אוי, אַ חיה רעה האָט פאַרצוקט מיין געליבטן זון.

## ה

עשו איז אַ מענטש מיט אַ גלייכן טראָט. דער טאַטע האָט אים געבעטן צוגרייטן אַ מאַלצייט, פון אַ גוטן פאַנג, וועט ער ניט גיין אין שטאַל אַריין און אַרויסכאַפּן פון דאָרטן אַ פּאָר ציגעליך. איז ער אַוועק אין פעלד, ווי דער טאַטע האָט געבאָטן. זיך געיאָגט נאָך אַ הירש מיט געדרייטע גרויסע הערנער, אַ זי, כדי דאָס פלייש זאָל זיין ווייך פאַרן אַנצייקן טאַטן. און אָט האָט ער דעם הירש געפאַנגען, אים געקוילעט כדין — ער וועט ניט אָפּנאַרן דעם טאַטן מיט טרפות. געווייקט, געזאַלצן, אַלץ לויטן שולחן ערוך. זאַלץ האָט ער גענוג. ער האָט דאָך שוין פריער געפרעגט דעם טאַטן צי מען דאַרף געבן מעשר פון זאַלץ. איצט האָט ער צוגעגרייט דעם געשמאַקן געריכט, אָט ווי דער טאַטע האָט ליב. אָבער דאָס אַלץ נעמט צייט. איז שוין געוואָרן פאַר־נאַכט. און אָט קומט עשו אַריין צום טאַטן, מיט אַ טאַץ אויף די הענט. ער האָט זיך נאָך ניט רעכט אַרומגעוואַשן. ער איז פאַרשוויצט. און דער טאַטע דערפילט גלייך דעם געשמאַקן פעלד־ריח. אָבער דער טאַטע וויל זיך אַ ביסל אָנשפּילן מיט זיין געליבטן זון. פרעגט ער: האַ, ווער איז דאָ? ענטפערט עשו מיט איידלקייט: זאָל דער טאַטענו זיך אויפהייבן און עסן פון דעם געפאַנג פון זיין זון, כדי זיין זעל זאָל מיך בענטשן. מאַכט זיך יצחק ווי ער פאַרשטייט ניט, ווי ער

וואָלט געוואָרן אויפגעציטערט. ער וויל אים לערנען, צו זיין פאַרזיכטיק אין לעבן, וואָרום עס זיינען פאַראַן אָפּנאַ־רערס. דערהערט עשו אַז דער ברודער האָט אים אָפּגענאַרט, פאַלט ער אַריין אין טיפער עצבות און פון פאַרצווייפלונג דערציילט ער שוין דעם טאַטן וועגן דער פריערדיקער עולה, פון וועלן אַרויסהאַנדלען פון אים די בכורה. טוט יצחק אַ שמייכל און זאָגט: איי, דו נאַרישער זון מיינער, ביי מיר ביסטו דער בכור. אַ פיזישן פאַקט קען מען ניט ענדערן און אַ הונגעריקן שטראָפט מען ניט. און איך האָב דיין ברכה קיינעם ניט אַוועקגעגעבן. אָט איז זי, די ברכה מיינע, פאַר דיר, און נאָר פאַר דיר:

אויף די פעטקייטן פון דער ערד וועט זיין דיין געצעלט,
וווּ עס פאַלט דער טוי פון אויבן.

יעקב׳ן האָב איך נאָר געבענטשט, אַז ער זאָל האָבן פּרנסה פון דעם טוי און פון די פעטקייטן פון דער ערד. דיר אָבער, בענטש איך מיט לעבן אויף ערד. און אויב ס׳איז דיר ווייניק, איז:

זאָלסט האָבן אַ שווערד, צו פאַרטיידיקן דיין לאַנד, צו לעבן באַשיצט אויף דיין שווערד. אַ פויער איז ניט באַשיצט קעגן אומגערעכטישן, און עס קומט אים אַמאָל אויס אַ יאָר צו באָרגן, אַריינגיין אין שווערע חובות, און דו וועסט דאַרפן דינען דיין ברודער, דעם סוחר. אָבער עס וועט זיין ווען דו וועסט זיך באַפרייען פון די חובות, „וועסטו אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון דיין האַלדז״.

דאָס איז אַ קלאָרע ברכה, פאַר אַ געזונטן ערד־מאַן, וואָס יצחק האָט געהאַלטן פאַר עשו׳ן.

עשו איז געווען צופרידן און דאַנקבאַר צום טאַטן. אָבער, נאַטירלעך, אַז אין זיך האָט ער געטראָגן פאַרדרוס און פאַריבל אויף יעקב׳ן. איז פון וואַנען ווייס רבקה וואָס עס טוט זיך אין איר זונס געדאַנקען, אַז זי רעדט ניט צו אים און ער דערציילט איר ניט? אָבער ״ויוגד לריבקה״, דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, וואָרום זי האָט דאָך געוווּסט וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. און דאָס איז שוין אויך געווען אַ פאָרטעל אַזאַ, כדי אַוועקשיקן יעקב׳ן צום ברודער. ווייל רבקה האָט זיך ניט איינגעלעבט מיט יצחק׳ס משפּחה און מיט זייער גאַנצן פּיר. איר האָט באַך אַלץ געצויגן אַ היים. איז זאָל יעקב חתונה האָבן צווישן איר משפּחה. און זי האָט אויך געטראַכט, אַז דאָרטן, ביים כיטרען אָנקל, וועט יעקב זיך אויסלערנען צו זיין „אַ מענטש״. ראָט זי יעקב׳ן צו אַנטלויפן צו איר משפּחה, „ווייל דער ברודער דיינער האָט

פאַרטראַכט דיר צו דערהרג'ענען". אָבער יצחק'ן האָט זי דערציילט, וועגן טאָן אַ שידוך פאַרן זון, און אַז איר זיינען במאס די טעכטער פון חת, פון לאַנד ווו זי לעבט. זי איז אַזאַ שוויגער, וואָס קען זיך ניט איינלעבן מיט די שניר, עשו'ס פרויען. און פונקט ווי ווען זי האָט געשוואַנגערט, און עס זיינען געווען אַ ביסל ווייען, האָט זי געבעטן אויף זיך דעם טויט, אַזוי אויך סטראַשעט זי איצט, אַז זי וועט זיך אָנטאָן אַ מעשה, און פרעגט „וואָס טויג מיר דאָס לעבן".

יצחק קען זיך דורך און דורך אויף רבקה'ס געניג. מען האָט דאָך שוין אָפּגעלעבט איבער פערציק יאָר צוזאַמען. אָבער ער וועט אויף דער עלטער, קראַנק און צעבראָכן ווי ער איז, דען גיין מאַכן פון זיך לייטישע געלעכטער און זיך קריגן מיט איר. אַזוי טוט ניט אברהמס זון. בויגט ער אָן דעם קאָפּ, צוליב שלום בית, און גיט איין צו דער ווייב, אָט ווי זיין טאַטע האָט איינגעגעבן צו דער מאַמע שרה, און פאַרטריבן, קעגן זיין ווילן, ישמעאל'ן.

יצחק רופט דעם ייִנגערן זון און הייסט אים אָנעמען די מאַמעס עצה. מען געזעגנט זיך. יצחק'ס האַרץ איז אין טרויער. גאָט ווייס צי מען וועט זיך נאָך אַמאָל זען. ערשט איצט גיט ער אים די ברכה, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר אים טאַקע — דאָס איז די ברכה פון דעם זיידן:

דו זאָלסט אַרבן דאָס לאַנד פון דיין וווינשאַפט,
וואָס גאָט האָט געגעבן צו אברהמען.
ארץ ישראל איז פאַר יעקב'ן און זיינע קינדער.

יעקב איז שטיל. ער רופט זיך ניט אָפּ מיט קיין וואָרט. דאָס האַרץ איז אים אַזוי שווער. וואָס האָט דאָ די מאַמע צוזאַמענגעקאָכט. אים געפירט אָפּצונאַרן דעם טאַטן. זיך צעקריגט מיטן איינציקן ברודער. איצט דאַרף ער אַנטלויפן. ער לאָזט איבער אַ קראַנקן, בלינדן טאַטן. איין גאָט אין הימל ווייס אויב מען וועט זיך נאָך טרעפן. איז אים פאַרדריקט דאָס האַרץ. ער גייט אַרויס פון טאַטן מיט אונטערגעבראָכענע קני און לויפט אין דער וועלט אַריין.

ו

ערשט דורך וואַנדערונגען וועט יעקב אָנהייבן ווערן — ער, אַנטוויקלען זיין אייגענעם כאַראַקטער, ווערן אויס תם. ניטאָ מער די מאַמע, מיט אירע איינווירקונגען און מיט איר פאַרציען אים. נישטאָ מער דער ברודער, אויף וועמען מען האָט זיך געקענט אָנלענען, זיך פאַרלאָזן אַז ער וועט

שוין אַלץ באַזאָרגן. היימלאָזיקייט, ביי פרעמדע טישן, ליידן, הונגער און קעלט וועלן זיין זיינע לערער. ער וועט האָבן חלומות, פאַנטאַזיעס, ווי דער דרך פון אַ וואַנדלער. יעקב איז אַוועק אין דער האַרטער שול פון לעבן. אָבער פאַראַן נאָך אַ צרה — די מאַמעס אָנזאָג צו גיין צום אָנקל לבן. פון אַזאַ משפחה וועט מען קיין האָניק ניט לעקן.

יעקב האָט זיך קוים מיטן לעבן דערשלעפּט קיין חרן. דערהערט לבן אַז יעקב איז געקומען, לויפט ער אים אַנטקעגן. די שוועסטער זיינע האָט געטאָן אַזאַ גוטן שידוך. איצט, טראַכט לבן, איז געקומען די שוועסטערס זון, דאַרף מען זען אים פאַרשלייערן מיט מיין עלטערע טאָכטער. לבן טראַכט ביי זיך, אַז יעקב איז געקומען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד. מה דאָך אליעזר, וואָס איז געווען נאָר יצחק׳ס משרת, האָט געבראַכט מיט זיך גאַנצע קופּערטס צירונג און בריליאַנטן, איז דאָך אַ פשיטא אַז יצחק׳ס זון האָט געבראַכט מיט זיך אַ פאַרמעגן. אָבער ווען לבן דערזעט אַז יעקב איז געקומען מיט ליידיקע הענט — האָט ער אים אַריינגעכאַפּט אין די אָרעמס, אפשר וועט זיך לאָזן אָנטאַפּן, דעם פאַרמעגן וואָס ער טראָגט אין די קעשענעס. דערפילט אַז די קעשענעס זיינען אויך ליידיק — האָט ער אים אָנגעהייבן קושן, אפשר טראָגט ער בריליאַנטן אין מויל. דערציילט אים אָבער יעקב אַז ער איז אַנטלאָפן פון דער היים און געקומען מיטן שטעקן — וויבאַלד אַזוי, זאָגט אים לבן: נו, מילא, ביסט דאָך מיר פאָרט אַן אייגענער, וועל איך דיר דאָך ניט אַרויסטרייבן, זיץ מיט מיר אַ חודש. אַ מענטש איז געקומען נאַקעט און באָרוועס, און מער ווי אויף אַ חודש באַט אים לבן ניט אָן קיין גאַסטשאַפט. אָבער ווען לבן הערט, אַז יעקב וויל אַרבעטן, און דערצו ליגט דעם יונגן פאַנטאַזיאָר אין קאָפּ ליבע — רופט ער אים שיין „ברודער מיינער". און אין לבן׳ס דריי קאָפּ פאַרוועבט זיך גלייך דער גאַנצער פּלאַן, אַז ער וועט האָבן אַן אומזיסטן אַרבעטער, אַז ער וועט מיט איין קלאַפּ פטור ווערן פון ביידע טעכטער זיינע, וואָס איינע האָט שוואַכע אויגן, ווייל זי פאַרווינט אים דעם קאָפּ וועגן טאָן אַ שידוך. אָבער דעם פרעמדן טאָר מען עס ניט באַווייזן; ער דאַרף מיינען אַז מען טוט אים אַ טובה. זאָגט ער אים: העם, מילא, אַז דו ווילסט דווקא מיין טאָכטער רחל, זאָל זיין אַזוי, איידער אַ פרעמדן, גלייכער דו זאָלסט איר האָבן. און אָט צו דעם שיינעם ברודער האָט עס רבקה געשיקט איר זון. די טעכטער פון חת, די געזונטע, אַרבעטזאַמע דאָרפישע מיידלעך זיינען איר ניט געפעלן,

אָבער אויף דער אייגענער משפחה זעט מען קיין שטויבעלע ניט.

יעקב׳ס לעבן אין לבן׳ס הויז איז געווען אייך קייט פון ליידן. ביים טאַטן אין שטוב איז ער געווינט געווען צו הערן דעם וואַרעמען ניגון פון אַ האַרציקער מנחה, אַ גוט יידיש וואָרט. די ירושה פון זיידן און פון דער באָבען האָט געלויכטן אין אַלע ווינקעלעך. אמת, די מאַמע, זאָל ניט אויסגערעדט זיין, איז געווען אַ נערווייזע און איר באַהאַנד־לען דעם טאַטן איז ניט געווען ווי עס געהער צו זיין. איצט זעט ער עס איין. אָבער איצט זעט ער אויך פון וואַנעט דאָס איז געקומען. עס איז לבן׳ס השפעה. און אָט געפינט ער זיך אַליין דאָ. ער באַמיט זיך טאַקע אָנצוהאַלטן דעם שטוביקן פיר, דעם טאַטנס דרך. אָבער עס איז ניט לייכט. אַז אין שטוב קען מען אַ יידיש וואָרט ניט ברענגען איבער די ליפּן, ווילע די ווענט זיינען באַהאַנגען מיט געצקעס. נאָך גוט וואָס ער איז אַ גאַנצן טאָג אין שטוב ניטאָ, קען ער אין פעלד דאַוונען, אויסוויינען דאָס האַרץ אין תפילה צו גאָט, און חלומען, גאַרן, וועגן זיך צוריקערן אַהיים. אים שטאַרקט אויך די ליבשאַפט צו רחל׳ן. זי ברענגט אים וואַרעמעס אין פעלד, ווו ער פאַשעט די שאָף. זיצן זיי און ריידן, קושן זיך און טרייסטן זיך, אַז אָט, די צייט לויפט, און באַלד וועלן שוין זיין אַוועק די זיבן יאָר, וואָס ער האָט צוגעזאָגט אָפּצואַרבעטן, כדי לבן זאָל אים איר געבן פאַר אַ ווייב.

אָבער לבן האָט געהאַט אַן אַנדער חשבון. ווען עס איז געקומען די חופּה־נאַכט, האָט לבן אויסגעלאָשן אין חתונה־זאַל דאָס ליכט, און אַריינגעפירט אונטערן שלייער לאה׳ן, אַנשטאָט זיין טאָכטער רחל.

אויף מאָרגן פרי, ווען יעקב האָט דערזען וואָס לבן האָט אָפּגעטאָן, איז ער געוואָרן אויפגעציטערט פון פאַרדרוס. און די עיקר טענה האָט ער געהאַט צו לאה׳ן: „דו האָסט צוגעהאָלפן דיין שיינעם טאַטן. אַ גאַנצע נאַכט דיר גערופן רחל, און דו האָסט געשוויגן”. האָט לאה אים געענטפערט:

— און אַז דיין טאַטע האָט דיר גערופן עשו, האָסטו יאָ אַנטפּלעקט דיין ריכטיקן נאָמען? מיינסט אַז אָפּנאַרן אַ טאַטן איז שענער ווי אָפּנאַרן אַ מאַן!

דערהערט אַזעלכע רייד, האָט יעקב׳ן צוגעגעבן אַז לאה איז גערעכט. איז וואָס וועט ער זיך אַריינלאָזן אין אַ קריג, האָט ער מסכים געווען אַרבעטן נאָך זיבן יאָר פאַר רחל׳ן.

די צווייטע זיבן יאָר האָבן זיך שוין געצויגן אַ סך שווערער ווי די ערשטע. ער האָט ניט געוווּסט פון קיין טאָג

און פון קיין נאַכט; שטענדיק אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. ביז ער האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן און באַשלאָסן צו אַנטלויפן. לבן האָט אים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט אין וועג. אָבער יעקב׳ס ווייבער האָבן געהאַלטן מיטן מאַן. האָט לבן איינגעזען, אַז ווײַבאַלד די טעכטער זיינען אויך קעגן אים, וועט ער שוין גאָר ניט אויספירן — האָט ער זיי געלאָזן גיין.

ז

יעקב איז געגאַנגען צוריק אַ היים. אָבער ווען ער איז אָנגעקומען נענטער צו די גרענעצן פון ארץ ישראל, איז אים באַפאַלן אַ פּחד. טאַקע שוין אַוועק אַ סך יאָרן, אָבער ווער ווייס ווי עשו וועט אים אויפנעמען. און דערצו זעט ער איצט ערשט איין, אַז ער האָט די גאַנצע צייט ניט געהאַנדלט פיין. ער האָט געדאַרפט שרייבן אַ בריוול צום ברודער, אים איבערבעטן. פאַר וואָס האָט ער עס טאַקע ניט געטאָן? צו ערשט איז ער געווען פאַרליבט, און אַ פאַרליבטער פאַרגעסט אָן דער גאַנצער וועלט. שפּעטער איז ער געווען פאַרהאָרעוועט. עפּעס אַ קלייניקייט וויפל יסורים ער איז זיך אויסגעשטאַנען ביי לבונען. דאַן זיינען געקומען קינדער, מאָזלען, פּאָקן, קראַנקייטן. מען דאַרף קינדער שיקן אין חדר. און אַ לעבן דאַרף מען מאַכן, און אָפּשפּאָרן אַ פּאָר גראָשן דאַרף מען אויך. ווער ווייס וואָס אין לעבן קען זיך אַלץ טרעפן, ווי קען מען איבערלאָזן פרויען און קינדער ניט באַזאָרגט. אויפן רייכן שווער, דעם קאַרגן, וואָס טיילט אים צו דעם ביסן און פאַרגינט אים ניט זיין אויסגעהאָרעוועטן פאַרדינסט, קען ער זיך געוויס ניט פאַרלאָזן. און דערווײַלע זיינען די יאָרן געלאָפן. מען איז ניט צוגעקומען אַפילו אָנשרייבן אַ בריוול אַהיים, ניט געהאָלפן דעם אַלטן טאַטן, זיך ניט נאָכגעפרעגט גאָר וואָס עס מאַכט די מאַמע. אַלץ געלאָזן אויף עשו׳ס פּלייצעס. אוי, ווי ער פאַרשטייט איצט אַז ער האָט ניט ריכטיק געהאַנדלט. און ער זעט איצט איין, אַז „מעשה אבות ירשו בנים״, ווי עס פירן זיך די טאַטעס, אַזוי פירן זיך די קינדער. ווען יוסף, זיין געליבטער קינד, וועט פאַרוואָגלט ווערן אין דער פרעמד, וועט ער אויך ניט שרייבן קיין וואָרט צום טאַטן, און ווען יוסף וועט, לבסוף, זיך נאָכפרעגן ביי די ברידער, צי עס לעבט נאָך דער אַלטער טאַטע, וועט ער עס פרעגן פאַרשטעלט און אַרום, ווי אַן אָפּגעפרעמדטער.

יעקב שיקט שליחים צום ברודער. אפשר איִם לאָזן זאָגן דורך די שליחים, אַז ער האָט חרטה אויף דער מעשה מיט דער בכורה? עס וואָלט געווען אפשר גוט צו לאָזן וויסן עשו׳ן, אַז דאָס וועלן אויסנאָרן ביים טאַטן די ברכה איז ניט געווען זיין שולד. נאָר גלייכער ניט דערמאָנען נאַרישקייטן פון די יונגע יאָרן. מען איז דאָך שוין היינט אַלטע יידן, וועט עשו געוויס פאַרשטיין, אַז יענע שפּיצלעך ליגן אים שוין ניט אין דער לינקער פּאה, און אַז בכור בלייבט בכור, און אַז די ברכה געהערט צו דעם וועמען דער טאַטע האָט עס באַשטימט צו געבן. און עשו האָט דאָך געוויס שוין לאַנג איינגעזען, אַז דעם טאַטנס ברכות זיינען מקוים געוואָרן, אַזוי טאַקע, ווי דער טאַטע האָט זיי געוועלט געבן, און געגעבן. אָט זיצט דאָך עשו אויף זיין ערד, רואיק און מיט מאַכט. ער האָט ניט געדאַרפט וואַנדלען אין דער וועלט, אַנטלויפן פון דער היים, זוכן גליקן. „און איך, הגם גאָט האָט מיך געבענטשט, מיט אַ משפחה און מיט רייכקייט, בין איך נאָך אַלץ אַ וואַנדלער, דאַרף זוכן אויף די עלטער יאָרן אַן אָרט פאַר זיך און משפחה, און האָב אויך מורא פאַר עשו׳ס שווערד — אַלץ ווי דער טאַטע האָט פאַרויסגעזאָגט, וואָרט אין וואָרט״.

יעקב קעמפט מיט זיך. ער זאָגט זיך צו, אַז מהיום וועט ער שוין זיין אַן אַנדערער אין באַציאונג צו עשו׳ן — מיט אַן אַנדער צוגאַנג און מיט אַן אַנדער נאָמען: ישראל. און עשו׳ן וועט ער רופן ברודער, אויב עשו וועט זיך נאָר לאָזן איבערבעטן. און אַזוי וועט עס בלייבן. אַ סך יאָרן שפּעטער וועלן יעקב׳ס אור אייניקלעך אַרויס פון מצרים, און זיי וועלן אַדורכגיין די זעלבע שטרעקע־לאַנד, ווי יעקב איצט. משה בן עמרם וועט דאַן שיקן שליחים צו עשו׳ס אור אייניקלעך, די קינדער אין שעיר לאַנד, זיי זאָלן ריידן מיטן זעלבן לשון: „אַזוי זאָגט דיין ברודער ישראל״:

ווען די שליחים גרייכן עשו׳ן, דערפרייט ער זיך זייער. עפּעס אַ קליינקייט, אַזוי לאַנג זיך ניט געזען מיטן איינציקן ברודער. שפּאַנט עשו גלייך פערד און וואָגן און לאָזט זיך יעקב׳ן אַנטקעגן. ווען יעקב דערזעט עשו׳ן — דערשרעקט ער זיך. אוי, ווי עשו איז אַלט געוואָרן. זיין באָרד, אינגאַנצן ווייס, כוואַליעט אין ווינט. די אויגן זיינען רויט, אָנגעצונדן פון דער מדבר־זון. ער האָט אַלעמאָל געהאַט שוואַכע אויגן, אַזוי ווי דער טאַטע. און דאָס לעבן איז איִם געוויס אויך ניט געווען לייכט. ער איז פון יוגנט אָן געווען אַ האָרעפּאַש־ניק, אויפגעשטאַנען פאַר פרי, געקומען פון פעלד מיט דער

נאַכט צו גלייך. ער געדענקט דען ניט, ווי עשו פלעגט אַריינפאַלן אין שטוב אַ פאַרשמאַכטער און זיך בעטן אַ לעפל הייסע געקעכץ. אַזוי פיל יאָרן האָט ער געדאַרפט טראָגן דעם יאָך פון דער גאַנצער משפחה. און די מאַמע — ווער ווייס אויב זי לעבט נאָך — איז אים אַלעמאָל דער־גאַנגען די יאָרן, זיך אַרומגעקריגט מיט די ווייבער זיינע. שטייט יעקב אַ פאַרלאָרענער, אַ שולדיקער, פול מיט הכנעה פאַרן עלטערן ברודער. אָבער עשו איז צעשטראַלט פון פרייד, זוכה געווען זיך צו זען — און ער פאַלט יעקב'ן אַרויף אויפן האַלדז, ער קושט אים אויף ביידע באַקן, און טרערן פון פרייד גיסן זיך פון זיינע אויגן.

## ח

יעקב איז איבערראַשט פון גליק. טאַקע אייגן בלוט און פלייש, אָבער אויף אַזאַ האַרציקן קבלת פנים האָט ער זיך דאָך גאָר ניט געקענט רעכענען. זיצן די ברידער אויף אַ שטיין אין מיטן וועג. מען רעדט. מען פרעגט זיך אויס. מען איז נאָך אַ ביסל שווער אויפן צונג. אַזוי פיל יאָרן זיך ניט געזען, ניט געהערט איינער פון צווייטן, איז מען אָפּגעפרעמדט געוואָרן. שטאַמלט יעקב מיט געבראָכענע רייד און גיט אַ קאַפּולן אַנצוהערעניש „נעם צו מיין ברכה", אויב דו געדענקסט נאָך די מעשה וואָס איך האָב אָפּגעטאָן, איז אָט האָסטו די ברכה, עס איז דיינע. און יעקב שטייט צו: זאָג מיר אַז דו נעמסט עס. אָבער עשו וויל ניט ריידן וועגן דעם, וויל דעם ברודער ניט פאַרשעמען. אַלטע מעשיות. ווער וויל עס געדענקען. „גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט, צוגענומען, און לאָמיר מער ניט ריידן וועגן דעם" — און שוין, מען רעדט ניט מער וועגן דעם. בעט זיך עשו: קום, לעב ביי מיר, אַז דו ביסט צוריקגעקומען, נאָך אַזוי פיל יאָרן גלות, לאָמיר זיך שוין האַלטן צוזאַמען. אָבער יעקב קען עס ניט טאָן. „מיינע קינדער דאַרפן באַקומען אַן אַנדער דערציאונג, ווי דיינע. זיי קומען פון אַן אַנדער לאַנד. זיי פעלט דעם זיידנס השפעה, וועלכע דיינע קינדער האָבן יאָ באַקומען. דאָס לשון פון לאַנד קענען זיי נאָך אויך ניט. איז גלייכער מיר זאָלן לעבן אונטער באַזונדערע דעכער". אָבער עשו שטייט צו, ער וויל דווקא האָבן דעם ברודער ביי זיך. זאָגט אים יעקב צו: מיר וועלן זיך טרעפן אין שטעטל שעיר, — הגם ביי זיך טראַכט יעקב אַז ער וועט זיך פאַרט באַזעצן אַ ביסל

ווייטער, טאַקע נאָענט, אין שכנות, אָבער פּאָרט באַזונדער.

די קינדער, יעקבֿ׳ס, פּרייען זיך מיטן אָנקל. זיי דערפילן, צום ערשטן מאָל, די וואַרעמקייט פון משפּחה. אָבער זיי שטייען פון ווייטן, שעמען זיך צוצוגיין. רופט זיי עשו צו, גלעט זיי מיט גינציגקייט. ווערן די קינדער צוגעלאָזן. און אָט האַלט שוין איין זון, שמעון, אַ פינגער אויפן שווערד, וואָס הענגט אַראָפּ פון אָנקלס גאַרטל. עס איז אַזוי גלאַנציק, מיט אַ ביינערנע הענטל. אַזאַ צאַצקע האָבן יעקבֿ׳ס קינדער נאָך קיינמאָל ניט געזען. שמעון רויטלט זיך און פרעגט: אָנקל, וואָס איז דאָס? דערקלערט אים עשו: דאָס איז אַ שווערד, מיין זון. איך לעב צווישן שלעכטע מענטשן, ניט פאַרגינערס. דעם טאַטן, אייער זיידן, פלעגן די מענטשן אָפּטאָן זבֿיחקעס, פאַרשיטן זיינע ברינע־מער. מוז מען זיך באַשיצן. מענטשן מוז מען לערנען, אַז מענטשלעך לעבן און מענטשלעכע פּראַצע איז ניט הפקר. קומט אויס זיך צו שטעלן אַנטקעגן, פאַרטיידיקן. דאַרף מען זיין געלערנט ווי צו קענען באַנוצן אַ שווערד.

די בחורים זיינען פאַרגאַפט פון אָנקלס רייד. בעטן זיי זיך: לערן אונדז, ווי זיך צו באַנוצן מיטן שווערד. עשו שמייכלט. ער ציט אַרויס דעם שווערד פון שייד און גיט אַ פאָך. און ער טוט אַרייַן דעם שווערד אין שמעון׳ס האַנט. עשו׳ס דלאָניע וואַרעמט שמעון׳ס האַנט און ער לערנט אים: „זיי נאָר פאָרזיכטיק, זאָלסט זיך ניט ווייטאָן. און אויך אַנטקעגן אַנדערע זאָלסטו זיך ניט וואַרפן היציק. אַ שטאַרקער נוצט אַ שווערד מיט שכל, און נאָר דאַן ווען עס איז קיין אַנדער ברירה ניט פאַראַן. עס איז ניט קיין קונסט צו פאַרגיסן בלוט. אונדזער משפּחה איז זייער אָפּגעהיט מיט דעם. אייער עלטער זיידע האָט אונדז געלערנט, אַז מען טאָר קיין בלוט ניט פאַרגיסן. אַ מענטשלעך לעבן מוז זיין הייליק, אָט ווי הייליק עס איז גאָט. אַ שווערד מעג מען נוצן נאָר אין פאַרטיידיקונג און, ווידער, געדענק עס גוט, ווען עס איז שוין קיין אַנדער ברירה ניט פאַראַן".

עשו נעמט אַרויס פון וואָגן צוויי שיינע שווערדן, וועמענס הענטלעך עס זיינען אויסגעזעצט מיט בריליאַנטן. ער גיט די שווערדן אַ מתנה צו שמעון און צו לוי, ווייל די צוויי האָבן זיך פאַרגאַפט מיטן אָנקלס שווערד. דעם עלטערן, ראובֿנ׳ען, גיט ער אַ מתנה אַן אַלטע מגילה: „נאַ, דו ביסט דער עלטסטער, קומט דיר די מגילה, וואָס איז אַ טייערע ירושה פון מיין זיידן. זאָל עס איבערגיין אין דער משפּחה, פון בכור צו בכור".

דער אָוונט פֿאַלט צו. עשו געזעגנט זיך און לאָזט זיך צוריק אַ היים. די זין טאַנצן אָוועק פֿריילעכע מיט די מתנות. בראש גייט שמעון און לוי, מיט די שווערדן אויפֿגעהייבן אין דער הויך. אַזוי קומען זיי אַריין אין דער שטעטל שכם.

## ט

אין שכם נעמט מען אויף יעקבֿ׳ס משפּחה מיט גרויס כּבֿוד. וואָרום געהערט האָבן זיי, אַז דאָס איז עשו׳ס ברודער, דער פֿירשט וואָס האָט אַ גוטן נאָמען אין דער גאַנצער געגנט. שמעון און לוי זייַנען אָבער ווילדע בחורים, ווייסן ניט ווי זיך אויפֿצופֿירן צווישן מענטשן. און דינה, די איינציקע שוועסטער, ווי אַ בת יחידה צווישן צוועלף ברידער, איז אַ פֿאַרצויגענע און אַ קאַפּריזנע. געקומען אין דעם נייעם אָרט, לאָזט זי זיך באַלד לויפֿן איינקויפֿן קליידלעך איבער די געשעפֿטן. די מאַמע האָט זיך ביי איר געבעטן: גיי ניט אַליין צווישן פֿרעמדע מענטשן. איך וועל מיט דיר מיטגיין, אָדער בעט אַ ברודער ער זאָל דיר באַגלייטן. אָבער דינה האָט זיך איינגעעקשנט: וואָס בין איך, אַן עופֿלה, איך וועל ניט פֿאַרבלאָנדזשענען — און זי איז אַוועק אַליין. און אָט, ווי דינה דרייט זיך אַזוי אַרום אין די גאַסן, איז פֿאַרבייגעריטן דער קרוין פּרינץ, שכם, אויף זיין ווייסן פֿערד. דינה האָט פֿון אים ניט אַראָפּגענומען די אויגן. און דער קרוין פּרינץ האָט איר דערזען — אַ שיינע, אַ שלאַנקע, מיט לאַנגע, שוואַרצע האָר. און אַ פּנים האָט זי אַן אָליוון, גאָר ניט ווי די טעכטער פֿון דעם אָרט. געוויס אַ פֿרעמדע, טראַכט זיך דער קרוין פּרינץ, און שיקט אַ באַגלייטנדיקן רייטער איר צו פֿרעגן אויב זי וועט אָננעמען אַן איינלאַדונג אויף היינט אָוונט, צו אַ באַנקעט אין פּאַלאַץ. „איך בין זייער געערט״, זאָגט דינה.

אַ גאַנצן אָוונט האָט דער קרוין פּרינץ געטאַנצט מיט דינה׳ן און די דאַמען פֿון שכם האָבן איר מקנא געווען. איינע פֿון די דאַמען, וואָס האָט געזאָלט ווערן שכם׳ס ווייב, האָט אַזוי געבערענט פֿון צאָרן אויף דער פֿרעמדער שיינקייט, אַז זי איז אַוועק צו די ברידער דינה׳ס און אונטערגעטראָגן אַ פּלאָטקע, אַז שכם פֿירט אַראָפּ פֿון גלייכן וועג זייער שוועסטער. שמעון און לוי, היציקע פֿון נאַטור, האָבן אַ כאַפּ געטאָן די שווערדן, וואָס דער אָנקל האָט זיי יענעם טאָג געגעבן אַ מתּנה — און זיך געלאָזן אויפֿן פּאַלאַץ. דער

טאַטע האָט זיי נאָכגעשריען: היץ קעפּ, האָט רחמנות, איר וועט ברענגען אַן אומגליק אויף מיר. איך בין דאָ אַ פרעמדער, און די מענטשן האָבן אונדז אויפגענומען אַזוי גאַסט־פריינטלעך, באַרואיקט זיך. איר געדענקט שוין ניט וואָס דער אַנקל האָט אייך אָנגעזאָגט, אַז מען טאָר ניט פאַרגיסן קיין בלוט, אַז שווערדן זיינען געמאַכט געוואָרן נאָר זיך צו פאַרטיידיקן. לאָזט אָפּ! אָבער ביידע זין האָבן ניט געהערט. זיי האָבן אויסגעקוילעט שכם. און יעקב האָט געמוזט אַנטלויפן, קוים מיטן לעבן, אין מיטן נאַכט. זיי זיינען געלאָפן ווי פון אַ שריפה, און געהאַלטן אין איין קוקן אויף הינטער, צי מען יאָגט זיי ניט נאָך. נאָר זיי זיינען אָפּגעקומען מיט שרעק. געוואַנדערט טאָג און נאַכט. יעקב איז אַדורך אין וועג צרות, בזיונות און פּיין. רחל, זיין הייסגעליבטע ווייב, איז געפאַלן פון מידקייט אין מיטן וועג. דער עלטסטער זון האָט זיך ניט אויפגעפירט שיין קעגן טאַטן. קוים מיט צרות האָט מען זיך דערשלעפּט צו די גרענעצן פון ארץ ישראל, צום צוגעזאָגטן לאַנד — ישראלס לאַנד. מען איז אָנגעקומען אין חברון, ווו עס האָט געלעבט אברהם, און ווו עס לעבט נאָך יצחק.

י

די מאַמע, רבקה, איז שוין ניט געווען. אָך, ווען זי וואָלט דערלעבט צו זען צוריק איר געליבטן זון. זי האָט פאַרן שטאַרבן געפרעפלט זיין נאָמען און געזאָגט, אַז קיינער קען ניט טאָן אַזוי פיל שלעכטס צו אַ מענטשן, ווי מען טוט זיך אַליין. האָט זי דען ניט מיט די אייגענע הענט פאַרשיקט יעקב׳ן אין דער פרעמד, און איין גאָט אין הימל ווייס צו ער לעבט גאָר, אַז מען הערט פון אים אַ וואָרט ניט, אַפילו ניט קיין גרוס.

אַז די מאַמע איז געשטאָרבן האָט יעקב שוין געוווסט. עשו האָט עס אים דערציילט. און ביידע ברידער האָבן זיך גוט אויסגעוויינט. אין האַרצן האָט יעקב מקנא געווען עשו׳ן, וואָס אים איז יאָ באַשערט געווען צו זיין מיט דער מאַמען, זען איר און העלפן איר ביזן לעצטן אָטעם אירן. און אים, איר געליבט זון, איז עס ניט פאַרגינט געווען. אָבער ער דאַנקט גאָט, וואָס דער טאַטע כאָטש לעבט נאָך. עשו האָט אים טאַקע דערציילט, אַז עס איז דעם טאַטנס לעצטע טעג — איילט זיך יעקב. אַ ביט אָפּגעוואַשענער, אַן אויסגעמאַטערטער פון וועג, לויפט ער גלייך צום טאַטן.

ער קומט אַריין אין שטוב. דער טאַטע, קוים וואָס ער אָטעמט נאָך, דערפילט זיין אַריינקומען; ער האָט זיך אויף אים געריכט, עשו האָט אים שוין דערציילט, אַז יעקב איילט זיך צו אים. שמייכלט דער טאַטע מיט די בלינדע אויגן. ער פּרובירט מאַכן אַ באַוועגונג, צו באַגריסן דעם זון, אָבער ער קען ניט. נאָר די ליפּן באַוועגן זיך נאָך. ער רעדט מיט שוועריקייטן. יעקב לייגט צו זיין פּנים צום טאַטן און הערט ווי יצחק זאָגט:

ביסט נאָך געקומען אין צייט, זון מיינער. גאָט וועט דיר דערפאַר העלפן, אַז אויך דיין געליבטער זון, יוסף, וועט קומען אין צייט דיר צו פאַרמאַכן די אויגן. וואָס אַ גוטס זעט אויפן טויטן בעט, קען מען עס ניט זען דורך אַ גאַנצן לעבן. אויך מיט דיר, מיין זון, וועט אַזוי געשען. ווען עס וועט קומען דיין צייט זיך צו געזעגענען, וועסטו אויך זען ביז צום סוף פון די צייטן, אָבער ניט אַלץ וואָס מען זעט אויפן טויטן־בעט טאָר מען פאַרטרויען. זאָג איך דיר נאָר, אַז דיר שטייט נאָך פאָר אַ סך אין לעבן. ביסט איצט געקומען, אָבער וועסט נאָך מוזן אַוועקגיין. עס איז נאָך ניט דיין לעצטע וואַנדערונג. דיר און דיינע נאָכקומענדיקע איז שוין אַזוי באַשערט, צו גיין דורך דער וועלט, צו ליידן, און דורך ליידן צו גרויסקייט.

יצחק וויל אויפהייבן דעם קאָפּ. ביידע זין גיבן אַ שטרעק אויס די הענט, צו אונטערהאַלטן דעם טאַטן. זיין קאָפּ גיט זיך אַ וואַקל, און ער גייט אויס אויף די הענט פון ביידע זין.

פאַראַן שטעט וועמענס נאָמען עס רופט אַרויס אַ נאָכ־קלאַנג: דעם סימבאָל, וואָס די שטאָט איז געוואָרן, און די זכרונות, וועלכע זײַנען מיט דעם אָרט פאַרבונדן. אַזאַ איז פלאָרענץ, די מוטער־שטאָט פון רענעסאַנס, וואָס איז געווען די שענסטע תקופה אין דער געשיכטע פון אייראָפּאַ. דער נאָמען פיאָרענצי רופט אַרויס אַ זיסן ציטער, צוליב די דיכטער, קינסטלער און טרוימער, וואָס האָבן דאָ געלעבט; דאָס האָט זייער פּען און פּאַליטרע אַרײַנגעשריבן און אַרײַנגעמאָלן דעם נאָמען פון דער שטאָט אין דער געשיכטע פון דער וועלט מיט די שענסטע ווערטער, מיט די ליכטיקסטע פאַרבן און געדאַנקען.

ווער האָט צונויפגעבראַכט אַהער, אויף דעם קליינעם שטח פון טוסקאַני, אינעם לאַנד פון איטאַליע, אַזוי פיל שטראַלנדיקע נעמען? דער פאָדעם פון דער געשיכטע שנירלט זיך צו דער משפחה פון די מידיציס, סוחרים און באַנקירן, וואָס זײַנען געוואָרן די הערשערס פון דעם אָרט. זיי האָבן איינגעזאַמלט אַרום זיך קונסט און קינסטלער. דאָס איז די היסטאָרישע דערקלערונג — וואָס דערקלערט נאָך ווייניק. נאָר יעדע שטיקל ערד האָט געוויס איר אייגן מזל, מיט אַן אייגענעם גאַנג און גורל, ווי יעדער מענטש. און עס איז אַזוי געשען, אַז דאָ האָט געלעבט (אָנהייב 14טן י״ה) דאַנטע אַליגארי, דער פּאָעט פון דער „געטלעכער קאָמע־דיע". ווירגיל האָט געפירט דאַנטען דורכן גיהנום, און דערמיט האָט דאַנטע געבראַכט אין דער ליטעראַטור דעם גן־עדן — פון פּאָעזיע. דאַנטעס „קאָמעדיע" האָט אָפּגע־שלאָסן אַ תקופה, וואָס האָט זיך געצויגן קרוב פערצן הונ־דערט יאָר. דאָס איז געווען די תקופה פון קריסטנטום ביז דאַן, וואָס איז געגאַנגען דורכן מיטלאַלטער. די „קאָמעדיע" האָט געשילדערט די געדאַנקען און אידייען פון קריסטנטום, וועגן מענטשלעכן לעבן און וועגן טויט. און דאָס איז דער כוח פון כוחדיקן וואָרט, וואָס מיט שילדערונג אַליין ענ־דערט עס דעם גאַנג פון געשיכטע — ווען אפילו דאָס איז נישט געווען דאַנטעס כוונה. זײַן ווערק איז פאַרויסגעגאַנגען דעם רענעסאַנס, די אידייען פון הומאַניזם, און געעפנט קוואַלן פון פּאָעזיע. אין דאַנטעס טריט זײַנען באַלד גע־

קומען — טאַקע אין זעלבן פלאָרענץ — גיאָוואַני באָקאַטשיאָ און פראַנציסקאָ פעטראַרקאָ, וועמענס גאַנג און געזאַנג עס זיינען אַזוי ענלעך. דער ערשטער האָט דאָ געלעבט. דער צווייטער איז דאָ געבוירן געוואָרן. און ביידע זיינען אַריין אויף אייביק אין דער ליטעראַטור, ווי די גרויסע באַזינגער פון פלאַטאָנישער ליבע, מיט זייער ליריק צו צוויי פרויען, וועלכע זיי האָבן ניט געקענט גרייכן. באָקאַטשיאָס „דעקאַ־מעראָן", די הונדערט מעשיות פון צען טעג, באַגייסטערן מענטשן שוין פינף הונדערט יאָר. און די טרויעריקע גע־זאַנגען פון פעטראַרקאַ, דעם אומגליקלעך פאַרליבטן אין לויראַ, זינגען איבער דיכטער אומעטום.

די דריי גרעסטע פאָעטן, אין איין יאָרהונדערט, זיינען נאָך ניט גענוג געווען פאַר דער שטאָט, וואָס טראָגט דעם בלומען־נאָמען פלאָרענץ. זיינען געקומען די מאַלער און סקולפטאָרן, צו געבן די שטאָט נאָך גרעסערן רום. און ווידער פרעגט זיך אין גרויס וווּנדער: פאַר וואָס גראָד דאָ, ווי אַזוי גראָד דאָ, אין אָט דער קליינער שטאָט, זיינען אויפגעקומען די גרעסטע קינסטלער אין דער געשיכטע? אין אַ גיכע מינוט, אין וועלכער מען קען אָנציילן די צען באַקאַנטסטע נעמען פון פאַרב און דלאָט, — וועלן מער ווי אַ העלפט אויספאַלן אויפן חלק פון פלאָרענץ. עס איז די שטאָט פון מייקל אַנדזשעלאָ און פון לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי. דאָ האָט געלעבט און געשאַפן ראַפאַעל און טיטיאַן, פראַ אַנגעליקאַ און פיליפאָ ליפפי. פון אַלע וועגט אין צענדליקער מוזייאומס, גאַלעריען אין פלאָרענץ ריידן אַראָפ די נעמען פון די צענדליקער מייסטערס, וואָס האָבן דאָ גע־לעבט, געשאַפן, און וועמענס ווערק עס ליכטיקן אין די גאַלעריען און אין היימען פון צענדליקער שטעט. קונסט — דאָס איז פלאָרענץ. דאָ איז איר היים. ווייל ניט געווען און עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ שטאָט, ווו די גאַסן אָטעמען מיט קונסט פון סקולפטורן און מאָלעריי. ביי יעדן טראָט און קער בלייבט מען פאַרגאַפט: ווי קען מען אַריינעמען אין זיך אַזוי פיל שיינקייט אויף איין מאָל. און ווען אפילו דו האָסט שוין ניט איין מאָל באַוווּנדערט די גרויסע ווערק, געזעענע אין ביכער, און אפילו די אָריגינאַלן, אין גאַלעריען — דאָ זיינען זיי אַנדערש. דאָס וויסן אַז דאָ האָבן די קינסטלער געלעבט, דאָ געשאַפן, גיט די ווערק אַ לעבעדיקן אָטעם. אָט שטייסטו פאַר „די טירן צום גן עדן" און די 23 באַרע־ליפן, אַרויסגראַווירט אין קופער, דערציילן מיט באַגייסטער קראַפט די וויזיע וועגן באַשאַפונג פון דער וועלט. אָבער

אַפילו נאָך מער ווי די קונסט, רעדט צו דיר דאָס ווייסן, אַז טאַקע דאָ זיינען געגאַנגען די לעבעדיקע שעפער. אָט איז אַ קלייגער סקוועיר. דאָ האָבן זיך געקריגט דער גרויסהאַמערער פון דער געשטאַלט פון משה רבינו מיט דעם געשטאַלטיקער פון מאַנאַ ליזאַ, וואָס ער האָט דאָ געמאָלן. אַ שמייכל גייט אויף אין דיר, ווען דו הערסט דאָ ווי מייקל אַנדזשעלאָ פּאַנפּעט אונטערן צעבראָכענעם נאָז מיט כעס, און דאַווינטשי ענטפערט אים זיך האַלטנדיק פאַרן באָרד . . . (אָט די באָרד, וואָס דערמאָנט טאָלסטוי, וועט ראַפאַעל אַרייננמאָלן אין אַ געמעל אין וואַטיקאַן טשעפּל).

אין די קונסט־גאַלערייען פון פלאָרענץ — אַ געמיש פון סטילן און פון פאָרמען און פון טעמעס. אָבער צוויי טעמעס דאָמינירן: נאַקעטקייט און רעליגיע. אָט די פאָרונג רופט אַרויס פאַרוואונדערונג אין פראַדאָ פון מאַדריד, ווי אין לוווער פון פאַריז, אין רעיקס מוזייאום פון אַמסטער־דאַם, אין וואַטיקאַן, אין יעדן אָרט וווּ עס געפינען זיך די גרויסע מייסטערס פון דער גרויסער עפּאָכע אין מאַלעריי. טיטיאַן, אויף זיין זעלבסט־פּאָרטרעט, וואָס הענגט אין פראַדאָ, האָט דאָס פּנים און דעם בליק פון אַ פאַרצייטיקן רב, אַ מקובל, אַן אַרויסגעטאָגענער פון דער וועלט און אַריינגעחלומטער אין זיך. אָבער טיטיאַן האָט געמאָלן די שאַרפסטע נאַקעטקייט, וואָס זיין שטאַרקסטן אויסדרוק גע־פינט מען דאָ, אין זיין „ווענוס פון אורבינאָ“. אין דער זעלבער צייט האָט טיטיאַן געמאָלן מיט גרויס קראַפט אַלע הייליקע, ווי זיי ווערן געשילדערט אין דעם טעסטאַמענט. אַנדערש האָט געטאָן מייקל אַנדזשעלאָ: ער האָט אַלע פאַרהייליקטע אויסגעטאָן נאַקעט. דאָס איז געווויס געווען דער איינפלוס פון קריסטנטום, וואָס האָט אָנגעהייבן איר רעליגיע מיט אַ נאַקעטן קינד און מיט אַ נאַקעטן געקריי־ציקטן, אויף וועלכן מען דאַרף זען די וווּנדן.



די גרויסע מאַלעריי איז אויפגעקומען מיטן ערשטן אויפשפּראָץ פון רענעסאַנס, וואָס איז געגאַנגען צוריק צו דער קלאַסישער ליטעראַטור פון אַטענס און רוים, קעגן דעם גייסט פון קריסטנטום. אָבער געדינט האָט די גרויסע מאַלעריי גראָד די קריסטלעכע רעליגיע. דאָס איז דער צונויפמיש פון קולטורן, וואָס באַווירקן זיך קעגנזייטיק, ווייל דאָס אַלטע לאָזט ניט דאָס נייע איבנגאַנצן זיך באַ־

פרייען. און אַזוי איז אויך דאָ געשען. די פּויפּסטן אין רוים האָבן אַרונטערגענומען אונטער זייערע פליגל די קינסטלער פון פלאָרענץ, סדי די קונסט, וואָס איז געקומען קעגן דער קירך, זאָל ווערן איר בעסטער דינער. אָנגעהויבן האָט עס דער פּויפּסט אַלעקסאַנדער דער זעקסטער. מיט מער נאָך אַנטשלאָסנקייט האָט עס פאָרגעזעצט יוליוס דער צווייטער. און אַז לעאָ דער צענטער, אַליין אַ געבוירענער אין פלאָרענץ, אַ זון פון די מידיציס, איז געקומען צום פּאַפּסטלעכן טראָן, (1513), איז שוין די קונסט אינגאַנצן געווען פאַרשקלאַפט צו דער קירך.

אָבער פון איין טעמע האָט די קירך ניט געקענט באַפרייען די קונסט, ווי די קירך האָט זיך אַליין ניט געקענט באַפרייען פון דעם: יִדן, יידישע מאָטיוון און געשטאַלטן. דער גרעסטער אויסדריקער פון דעם, אין פאַרב און שטיין, איז געווען מיכל אַנדזשעלאָ. אָט שטייען מענטשן פון דער גאָרער וועלט — יאַפּאַנעזער, אַראַבער, דייטשן, רוסן — און זיי באַוווּנדערן צוזאַמען דעם יונגן, נאַקעטן דוד המלך, ווי עס האָט אים אויסגעציזלט אין ווייסן מאַרמאָר דער גרעסטער פון די פלאָרענטינער מייסטערס. גייסטיקע שיינקייט און פיזישע קראַפט ליכטיקן פון דעם יונגן יידישן מלך. אומצאָליקע מענטשן האָבן עס שוין געזען — אויך דאָן ווען יידישע קראַפט און נאַציאָנאַלע גרויסקייט האָט געשיינט נאָר אין גאַלעריען און מוזייאומס.

און אָט דער גאַנצער תקופה איז ניט אויפגעקומען קיין איין יידישער קינסטלער מיט אַ פען און מיט אַ פענדזל און מיט אַ דלאָט. אָבער אָט די בילדער און סטאַטועז, וועלכע האָבן אַזוי שיין און קלאָר דערציילט וועגן יידישער גרויסקייט אין אַלטן ארץ ישראל, האָבן געוויס עס אָנגעמוטיקט און אָנגעצונדן באַנייטן ווילן צו באַפרייאונג, צו אומקערן זיך צוריק אויף איגן ערד. די גדולים פון יענער תקופה האָבן זיך אַריינגעטאָן אין קבלה, וואָס איז אויפגעקומען אין אָט דער זעלבער צייט, אין זעלבן לאַנד, אָט טאָקע דאָ, אין דער זעלבער סביבה. אויך דאָס איז ניט געווען קיין צופאַל. די קונסט, וואָס האָט איצט דערציילט, שטאַרק און קלאָר, וועגן יידישער גרויסקייט פון אַמאָל, האָט געמוטיקט צו גאולה, צו באַנייטער גדולה אין אַלטן לאַנד. באַנאַנד מיט דער קונסט זיינען אויך אויפגעקומען די אידייען פון רענעסאַנס, וועלכע האָבן אָנגעאָטעמט וויזיעס, חזיונות וועגן דער אַנטיקער צייט. האָט אויך דאָס געמוזט האָבן אַ השפעה, אַז די קבלה, וואָס האָט זיך אַנטפלעקט אין שפּאַניע

מיט אַ יאָרהונדערט פריִער, זאָל איצט, דאָ אין איטאַליע, ווערן דער טרייסט פאַר די גולי ספרד, די אַהער פּאַרטריי־ בענע פון שפּאַניע.

ווען די הומאַניסטן פון רענעסאַנס האָבן צוריקאַנדעקט די אַנטיקע שריפטן, פון אַטענס און רוים, האָבן זיי זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער קריסטלעכער לערע, און דערפאַר ניט אָנגענומען דעם ראַציאָנאַליזם פון די אַלטע פילאָזאָפן. די הומאַניסטן זיינען געווען פאַרליבט אין די אַלטע שפּראַכן, אין גריכיש און לאַטייך (און טייל פון זיי אויך גאָר שטאַרק אין לשון קודש). זיי האָבן באַוואונדערט דעם סטיל, די פּרע־ ציזע קלאָרקייט, מיט וועלכן אַריסטאָטל און ציצעראָ און סענעקי און די אַנדערע אַלטע דענקער און אָראַטאָרן האָבן אויסגעדריקט זייערע געדאַנקען. אין דער זעלבער צייט זיינען, אָבער, די לערערס פון רענעסאַנס געווען טיף איינ־ גענומען מיט דער מיסטיק פון קריסטנטום. דערפאַר איז זייער פילאָזאָף געווען פּלאַטאָ. זיין רואיקער אופן פון טראַכטן, אָן שאַרפע קאַטעגאָריעס, האָט אַפּעלירט צו זייער .עמיט און צו זייערע אידייען. אין פּלאַטאָ האָבן די הומאַ־ געמיט און צו זייערע אידייען. אין פּלאַטאָ האָבן די הומאַ־ האָט אין זיין לערע צוגעלאָזן אַ סך פּולע פראַגע וועגן באַשאַף און וועגן דער הנהגה פון דער וועלט. טאָ ווייבאַלד אַזוי, האָבן די הומאַניסטן שוין געהאַט אַ גלייכן וועג אויך צו די מיסטישע אידייען פון יידנטום, צו דער קבלה, ווי דאָס האָט זיך אַנטפּלעקט ביי די יידישע גדולים פון דער זעלבער צייט, אין זעלבן לאַנד. מען מעג אָבער אויך לער־ נען פאַרקערט — און אויך דאָס איז ניט קעגן שכל און קעגן די פאַקטן — אַז די קריסטלעכע הומאַניסטן האָבן באַווירקט די יידישע גדולים צו גיין אויפן זעלבן געדאַנק־ לעכן דרך — נאָר מיט איגענע טריט.

די שפּאַנישע תקופה האָט אַרויסגעגעבן די גרעסטע צאָל דענקער אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, און צווישן זיי איז געווען דער רמב״ם, וועלכער איז אַן איינ־ מאָליקע דערשיינונג. אַזאַ גדלות איז ניט אָפּהענגיק פון צייט און אָרט. אָבער אויסערלעכע ווירקונגען, פון די אידייען פון זיין צייט, זיינען פאַראַן אויך ביים רמב״ם. זיין ראַציאָנאַליסטישע דיסציפּלין, זיין מצומצמדיקער סגנון און דירעקטע פאָרם פון הסברה האָט ער געקענט ״נעמען״ פון די אַראַבישע דענקער, וועלכע זיינען געווען אונטער דער

השפעה פון אַריסטאָטל. אָבער אפילו אַזוי, איז עס ניט קיין „נאָכמאַכונג". דער רמב"ם פאַרופט זיך און שטיצט זיך כסדר אויף פסוקים פון דער תורה און פון די נביאים, וואָס שייך הלכה, אין „משנה תורה", אָבער פילאָזאָפישע אידייען שטיצט ער מיט געדאַנקען פון אַריסטאָטל, אויב זיי גייען אַריין אין זיין השקפה.

אַזוי האָט אויך געטאָן, — אויף זיין איגענעם אופן און אין געדאַנקלעכער קעגנערשאַפט צום רמב"ם — ר' יהודה הלוי. ער האָט געניצט אין „כוזרי" דעם דיאַלאָג, וואָס איז געווען אָנגענומען אין יענער צייט ווי אַ פאָרם צו אויסדריקן געדאַנקען. אויך דער צוזאַמענשפּיל פון פּאָעזיע און פילאָזאָפישע אידייען, ווי דאָס קומט צום אויס־דרוק אין „כוזרי", איז געווען באַווירקט פון צייט־נוסח, פון די דענקער אין דער אַראַביש־שפּאַנישער תקופה. אַזוי אויך האָבן זיך באַוויזן אין זייערע ספרים די צאָלרייכע אַנדערע יידישע דענקער אין שפּאַניע, עלטערע און יינגערע. די גרויסע צווישן זיי האָבן אַרויסגעבראַכט איגענע, מקורות'־דיקע מחשבות, געשעפּטע פון יידישע קוואַלן. זיי האָבן די אידייען נאָר פאָרמירט (ניט רעפאָרמירט), אין דער אויסער־לעכקייט, באַווירקטע פון דער צייט, פון די אַראַבישע דענקער. און די אַראַבישע דענקער האָבן זיך געטיילט אויף אָנהענגער און קעגנער פון אַריסטאָטלסער פילאָזאָפיע, וואָס שטיצט זיך נאָר אויפן כוח פון דער מענטשלעכער לאָגיק, אויף זיין פאַרשטאַנד. אָבער די אַראַבישע דענקער האָבן אָפט געשעפּט זייער וויסן וועגן די לערעס פון די אַלטע פילאָזאָפן אין אַטענס פון איבערזעצונגען, וואָס עס האָבן געמאַכט יידישע חכמים, אין לשון קודש און אין אַראַביש. במילא זיינען די ווירקונגען און איינפלוסן געווען קעגנ־זייטיקע, געגאַנגען הין און צוריק — ווי דאָס איז דער דרך אומעטום און אַלעמאָל; גרויסע אידייען באַווירקן זיך, נערן זיך איינע די אַנדערע, אַריבער לענדער און צייטן.

דריי הונדערט יאָר שפּעטער, אין דער קריסטלעכער איטאַליע, איז ניט אַריסטאָטל געווען אין דער „מאָדע", נאָר דער צווייטער תלמיד פון סאָקראַטעס, פּלאַטאָ. אים האָבן געאָכפּערט די לערער פון רענעסאַנס. האָט זיך דאָס אויך אויסגעווירקט ביי די יידישע גדולים — געוויס אין דער פאָרם, אָבער השפּעה איז אויך געווען אין אינהאַלט. דער־פאַר איז ניט קיין צופאַל, וואָס די גרויסע בעלי קבלה פון אָט דער צייט זיינען אויך געווען אָנהענגערס פון דער לערע פון פּלאַטאָ. אַזוי האָט אריה בן יוסף מוסקאַטו, איינער פון

די גרעסטע מלומדים אין דער צייט, געגלויבט אין דער דעה, אַז פּלאַטאָ האָט זיך געטראָפן מיט ירמיהו הנביא, אין מצרים, און פון אים געלערנט („קול יהודה״, פרק ד׳). במילאָ איז אַלץ וואָס עס לערנט פּלאַטאָ אַן אַרויסקום פון דעם וואָס ער האָט געלערנט פון ירמיהו הנביא. און ביי דער זעלבער מיינונג האָבן זיך אפשר אויך געהאַלטן די גרויסע הומאַניסטן אין פלאָרענץ, די פּאָטערס פון רענעסאַנס. אַזאַ איז דאָ געווען דער איידעלער גייסט גיאָוואַני פּיקאַ דעלאַ מיראַנדאַלאַ, וועלכער האָט זיין קורצן לעבן (1463—94) איינגעשריבן מיט גוטער דערמאָנונג אין דער פרייד־לאָזער געשיכטע פון יידן אין אָט דער צייט. פּיקאַ און אַ טייל פון זיינע חברים אין פלאָרענץ האָבן זיך אויסגעלערנט לשון קודש, גלויבנדיק אַז דאָס איז די מוטער שפּראַך פון דער וועלט, פון וועלכע עס שטאַמען אָפּ אַלע לשונות. זיי האָבן אויך געגלויבט אין דער קבלה און אין די צירופי אותיות פון לשון קודשדיקן אלף בית, ווייל די אותיות אַנטהאַלטן אין זיך קדושה און וואונדער. צו פּיקאַ׳ן איז געקומען אַהער לערנען אַן אַנדער פאַרליבטער אין לשון קודש, און אין יידן, יאָהאַנעס רויכלין, דער פּראָפעסאָר פון היידלבערג, וועלכער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דער מלשינות אויף יידן און אויפן תלמוד פון דעם נאָטאַרישן משומד פּפעפערקאָרן. און אויך די הערשער פון פלאָרענץ, די מידיציס, האָבן ליב געהאַט דאָס לשון און דאָס פאָלק וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון הייליקן לאַנד. אין דער ביבליאָטעקאַ לוירענטיאַנאַ אין פלאָרענץ געפינט זיך די גרעסטע קאָלעקציע פון אַלט־גריכישע און לאַטייניש מאַנוסקריפּטן, זעלטענע כתב ידן, פון די גרויסע גייסטער אין דער אַנטיקער צייט. אָט די הערשער, שרייבער, דענקער און פּאָעטן אין דער שטאָט האָבן אויך געזוכט איינצוזאַמלען העברעאישע כתב ידן, צו פאָרשן, לערנען און זיי האַלטן הייליק. אלחנן בן יצחק אלמנו, דער מחבר פון „חשק שלמה״, אויף שיר השירים, האָט דאָ געלעבט אין דער זעלבער צייט און געהאָלפן די איידעלע גייסטער פון פלאָרענץ צו לערנען לשון קודש און זיך באַקענען מיט די יידישע מקורות. ער זאָגט עדות וועגן זיינע קריסטלעכע בני דויד: „די פלאָרענטינער זיינען מיט די בעסטע מעלות, וואָס קיינער קען צו זיי זיך ניט גלייכן. פאַראַן צווישן זיי, אין אַלע קלאַסן, גרויסע בעלי תפיסה, פאַרשטייערס, וועלכע זיינען מבין דבר מתוך דבר. זיי האָבן הומאָר און זיינען דאָרשטיק צו וויסן״.



ממש אין דער זעלבער צייט (1497) האָט מען אַרויסגעטריבן (צייטווייליק) די יידישע משפחות וועלכע האָבן געלעבט אין פלאָרענץ. ווי שיקט זיך אַזאַ קעגנזאַץ, צווישן אַזוי פיל ליבשאַפט פאַר יידן, פאַרליבטקייט אין יידישער לערע, צווישן די העכסטע קלאַסן, און — גירוש! בלי־צייט פון הומאַניזם און פאַרטרייבונג פון יידן. אויף דעם גיט די געשיכטע נאָך קיין ענטפער. וויַיזט אויס, אַז יידן האָבן אַן אייגענעם גאַנג און גורל — אומעטום און אַלע מאָל. פון איין זייט זיינען געווען אין אָט דער תקופה רעליגיעזע רדיפות אויף יידן, וואָס האָבן זיי געהאַלטן אין אַרומטרייבן, אין איטאַליע גופא, פון איין פאַפּסטלעכן שטח אין אַ צווייטן, פון איין הערשער צום אַנדערן. און דער זעלבער צייט זיינען אָבער אויך געווען ליכטיקע הערשער און אַ סך גייסטרייכע הומאַניסטן, מיט ליבשאַפט אויך צו יידן און צו יידישער לערע. און בײדע אָט די פאַקטן האָבן געצייטיקט דעם דראַנג צו קבלה ביי די יידישע גדולים: אַ באַנייטן אַקטיוון ווילן צו גאולה; זיי זיינען געוואָרן אָנגעמוטיקט פון דעם גרויסן דרך ארץ וואָס קריסטלעכע גייסטער האָבן אַרויסגעוויזן צו לשון קודש און יידישער לערע, גלויבנדיק אַז די יידישע לערע און לשון האָבן אין זיך פאַרהוילענע און היילנדיקע מיסטישע אמת׳ן. און ניט ווייניקער שטאַרק איז געווען דער דראַנג צו גאולה צוליב די כסדרדיקע רדיפות. און די רדיפות זיינען געווען רעליגיעזע. און דאָס זיינען געווען אָפט קינדער פון אנוסים, וועמענס לעבן עס איז אַדורכגעגאַנגען אין עפּאָכע פון באַהעלטעניש, פון סוד, פון זיין פאַרקאָנספּערירט מיטן אייגענעם גלויבן אין זיך. אַלע זיי זיינען געווען אָפּשטאַמיקע פון פאַרטריבענע, אָדער אַליין אַנטלאָפענע פון שפּאַניע. און געווען איז עס צום ערשטן מאָל ווען אין דער יידישער געשיכטע פון גלות האָבן זיך אויסגעווירקט אַזעלכע ליידן, איז אַזאַ מאַסנהאַפטן פאַרנעם, צוליב אמונה.

די פריערדיקע קאַמפן פון אַ רעליגיעזן כאַראַקטער האָבן זיך אָפּגעשפּילט נאָר אין ארץ ישראל, און זיינען געווען ווי בעיקר נאַציאָנאַלע מלחמות. אָבער דאָ האָבן די יידן שוין ניט געקענט זיך קעגנשטעלן פיזיש, ווי אויף אייגענער ערד, בשעת די אויפשטאַנדן קעגן רוים; אויף פיזישן קאַמף האָבן די שוואַכע רעשטלעך יידן אין איטאַליע

ניט געהאַט קיין כוח און קיין מוט. זייער מוט איז געווען געשלאָגן אויך פון דעם, וואָס אַזוי פיל פון זייערע ברידער זיינען געבליבן אין שפּאַניע, פאַרשטעלטע און באַליידיקטע. און דאָס אַלץ האָט זיך נאָך זייער שאַרף געפילט ביי די שוואַכע און געראָדפטע הייפלעך יידן אין איטאַליע. האָט אויפגעפלאַמט דער דראַנג צו גאולה, וואָס דאַרף קומען אויף אַן איבערנאַטירלעכן אופן — ווי אומנאַטירלעך עס זיינען די ליידן. און ווייל די רדיפות זיינען צוליב אמונה, פון דער קירך קעגן יידנטום, דאַרף די דערלייזונג אויך זיין אַזאַ, אַ געטלעכע, וואָס זאָל אויפלייכטן דעם אמת. און די סודות וועגן דעם זיינען אַנטפּלעקט אין „זוהר", וואָס מען האָט בקבלה, אַז דער ספר האָט געשריבן דער תנא ר' שמעון בר יוחאי, ווען ער האָט זיך באַהאַלטן פון די רוי־מישע פיינט. מען זאָגט אַז דעם ספר האָט געפונען אין ארץ ישראל דער רמב"ן, וואָס איז ניט נאָר אַ מקובל, נאָר אויך אַ פוסק, קען מען אים געוויס געטרויען אויך אין די וועגן פון נסתר — אַזוי קומט אויף די קבלה באַוועגונג אין אָט דער תקופה. אַ שטרעבונג צו מיסטיק און צו קבלה איז שוין געווען מיט אַ יאָרהונדערט פריער, אין שפּאַניע. אַהין איז עס געקומען פון דייטשלאַנד. אָבער אין שפּאַניע האָבן יידן געלעבט דאַן אין רואיקייט. און געווען איז עס אַ צייט ווען אַלע חכמים האָבן געזוכט צו בויען אויפן הגיון, אויף דעם וואָס דער שכל קען באַגרייפן. איצט אָבער, אין אי־טאַליע, איז די צייט אַן אַנדערע, און אויך די אַרומיקע אידייען זיינען אַנדערע. די קירך שטיצט זיך אויף מיסטיק. אַזוי אויך די הומאַניסטן. נאָר בשעת די קירך זעט דעם מענטש כולו זינדיק, הייבן די הומאַניסטן אַרויס דעם מענטשן, זיינע גייסטיקע מעלות און קרעפטן. אָבער אויך ביי זיי איז דער מענטש ניט קיין ציל פאַר זיך, ווי דאָס האָבן געלערנט די ראַציאָנאַליסטן. די חכמים פון רענע־סאַנס זעען די מענטשלעכע שיינקייט ווי אַן אַרויסשטראַ־לונג פון מיסטישע כוחות, וואָס איז די געטלעכקייט. שטימט דאָס שוין ווידער מיט דער לערע פון „זוהר" — צו וועלכע די ליידנדיקע כאַפּן זיך צו, כדי געפינען אין איר אַנהאַלט און טרייסט.

דער גאולה־דראַנג וואָס איז איצט אויפגעקומען, האָט זיך געשפּייזט פון פאַרשיידענע קוואַלן. סייווי אָבער איז עס געווען אין גאַנג פון יענעם פאַרבאָרגענעם כוח, וואָס קומט שטענדיק אויף ביי יידן אין צייטן פון גרויסע קריזיסן; אַ כוח וואָס גיסט צו בייעם אויל, ווען עס האַלט ביים פאַר־

לאָשן ווערן דאָס לעצטע פּלעמל. און ייִדן דאַרפֿן איצט טרייסט, בטחון איבערצוהאַלטן די שווערע צייט. דער שכל איז ליכטיק, אָבער ער קען פֿאָרט ניט אַלץ באַלייכטן. און דער אינטעלעקט איז קאַלט. וואַרעם איז נאָר די אמונה, אַז אָט וועט קומען די גאולה. און דער גואל וועט אויך זײַן אַ גואל־הדם. משיח וועט אויסלייזן ייִדן פֿון גלות. דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט וועט ער געבן אַ תּיקון. און ער וועט אויך אויסלייזן די וועלט פֿון איר פֿינצטערניש, פֿון די אַלע קליפּות און פֿון דער סטרא אחרא, וועלכע פֿאַרפֿירן די וועלט און ברענגען אומגליקן אויף ייִדן. קומען אויף מקובלים, וועלכע פֿילן אַז זיי דאַרפֿן אָנזאָגן דאָס קומען פֿון משיחן. זיי רעכענען די טעג פֿון קץ און וואַרטן אויף די טריט פֿון גואל, וואָס אָט דאַרפֿן זיי זיך באַלד דערהערן אין די טויערן פֿון רוים. דאָס איז איצט די פּאַרטייִטע האָפֿנונג פֿון ייִדישע חכמים אין איטאַליע; אַ האָפֿנונג און אַ גלויבן, וואָס איז אײַנגעהילט אין סוד, און וואָס שטראַלט אַרויס פֿון דער קבלה. אָן אָט דער טרייסטנדיקער אמונה וואָלט איצט שווער געווען צו לעבן, צו אָנהאַלטן ייִדישקייט און אויסהאַלטן דעם גלות. עס וואָלט שווער געווען אין דער צייט, אָבער נאָך שווערער וואָלט עס געווען אין ווייטערדיקן גאַנג פֿון גלות. איז געקומען די ריכטיקע הילף, אין דער ריכטיקער צייט — צו מיטגעבן אַ באַנייטע טרייסט און האָפֿנונג דאָס פֿאָלק, אין ווייטערדיקן וועג, אויף נאָך הונדערטער יאָרן. דאָס איז דער פֿאַרבאָרגענער כּוח פֿון ייִדישן פֿאָלק, די קלוגשאַפֿט פֿון זײַן געשיכטע, וואָס געפֿינט באַנייטע קרעפֿטן אין זיך אַליין, צוגעפּאַסטע לויטן באַדאַרף פֿון דער צייט, אַז דאָס ליכט זאָל ניט פֿאַרלאָשן ווערן. די משיחישע האָפֿנונג, וואָס איז אויפֿגעקומען אין איטאַליע, האָט אָנגעהאַלטן דעם פֿלאַם פֿון גאולה־ווילן ביז די לעצטע תּקופֿה. דאָס איז געווען די התחלה פֿון באַנייטן אומקער פֿון ייִדן קיין ארץ ישׂראל, וואָס איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן פֿינף הונדערט יאָר שפּעטער.

מענטשן האָבן שטענדיק געשטרעבט צו דערגרונטצ־
ווען די סודות פון עקזיסטענץ. האָבן זיי געפרעגט שאלות,
אין ווילן צו פאַרשטייך, ווי דאָס איז דער ערשטער שריט
פון פילאָסאָפיע; זיי האָבן געפרעגט וועגן באַשאַף פון קאָס־
מאָס, וועגן אָנהייב און סוף, וועגן לעבן און טויט, וועגן
גוטס און שלעכטס, און וועגן דעם זין — אויב עס איז דאָ
אַ זין — אין דער עקזיסטענץ. מענטשן האָבן איינגעשטעלט
גייסטיקע ראַמען און עטישע פרינציפּן, נאָרמעס און פאַר־
מען, כדי עס זאָל זיין מיגלעך אַ סאָציאַלע אָרדנונג, ווי
דאָס האָט פאָרמולירט עמנואל קאַנט: „מיר מוזן זיך צווינ־
גען צו גלויבן, אַז די וועלט האָט אַ מאָראַלישן טריב, כדי
געבן אַ מאָראַלישן זין פאַר דער עקזיסטענץ, אויפצוהאַלטן
אַ מאָס פון נאָרמאַליטעט און אַ געאָרדנטן סאָציאַלן סדר“.
אָבער עס האָבן ניט אויפגעהערט צו באַאומרוקן די פראַגן
פון „מה למעלה ומה למטה“, וואָס עס איז געווען פאַר
דער אַנטוויקלונג פון וועלט און מענטש, און אויב עס זיי־
נען פאַראַן געזעצן, וועלכע פירן צו אַ באַשטימטן ציל.
עס האָט ניט געהאָלפן (אויך ניט פאַר גלויביקע יידן) די
עצה „במופלא ממך אל תדרוש“, אַז מען קען ניט פאַר־
שטיין דאָס פאַרהוילענע, און (דערפאַר) „אין לך עסק
בנסתרות“, דאַרף מען זיך ניט פאַרנעמען מיט דאָס וואָס
איז פאַרבאָרגן (חגיגה יג, א). אויך די תורה האָט ניט
אויסבאַהאַלטן וועגן אָט דעם שטאַרקן דראַנג ביי מענטשן,
צו וועלן דערגיין צו די סודות פון אומבאַוווסטן, ווי דאָס
קומט צום אויסדרוק שוין ביי די ערשטע ציוויליזירטע
טריט פון מענטשן. דאָס איז די געשיכטע וועגן עץ הדעת
(בראשית ג), וועגן דער שטאַרקער גלוסטונג צום פרוכט
פון וויסן, צו פאַרשטיין דאָס וואָס איז אויסער די ראַמען
פון דער באַגרענעצטער וועלט אין וועלכער דער מענטש
געפינט זיך, אויב אפילו ער געפינט זיך אין גן עדן. און
אָט די גאַרונג, צו דעשיפרירן די ביאָלאָגישע און קאָסמאָ־
לאָגישע סודות, איז כסדר געוואָרן שטאַרקער. אָבער דער
מענטשלעכער שכל, און אויך די גרויסע וויסנשאַפטלעכע
דערגרייכונגען פון אונדזער צייט, האָבן דערווייל נאָך
ניט פונאַנדערגעפּלאָנטערט די שווערע פאַרהאַנגען, און אַלע

מחשבות וועגן דעם זיינען געבליבן, ווי געווען, גייסטיקע ספּעקולאַציעס.

אין דער בלי־צייט פון פילאָסאָפיע אין גריכנלאַנד האָבן די בעלי מחשבה דאָרטן זיך באַמיט געבן אַ ראַם פון לאָגישע דערקלערונגען פאַר אָט די אייביקע פראַגן. עס איז זיי ניט מיגלעך געווען צו דערווייזן, אַז די וועלט איז פּלאַנירט, אָבער עס איז נאָך שווערער געווען פאַר זיי זיך פאָרצושטעלן, אַז אַלץ איז אַ פּלאַנלאָזער מעכאַניזם, ווייל דער מענטש קען נאָר געפינען טרייסט אין אַ וועלט ווו עס זיינען פאַראַן מאָראַלישע געזעצן, ווילן, פּלאַן און שכל. די יידישע בעלי מחשבה אין יענער צייט, און אין שפּעטערדיקע דורות, האָבן געוועבט די דאָזיקע פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען אויפן יסוד פון דער אמונה; זיי האָבן זיך באַמיט אַרויסלערנען דעם נסתר פון נגלה, דאָס פאַרבאָרגענע דורך דעם וואָס איז זיי יאָ באַוווסט, פון תורת משה, און ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין אַ סך מאמרים אין תלמוד און מדרש. (דער ערשטער וואָס האָט, אין דעם דאָזיקן גאַנג, געעפנט די הימלישע ספערן איז דער נביא יחזקאל. אין ווונדערלעכע חזיונות האָט ער פּלאַסטיש געמאָלן פייערדיקע בילדער, וואָס האָבן געדאַרפט באַלויכטן סודות פון קאָסמאָס).

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון גלות איז, נאַטירלעך, אויפגעקומען אַ שטאַרקערער ווילן, אָדער מוז, צו זוכן ענטפערס אויף די אייביקע פראַגן. איצט איז דאָס שוין ניט געווען קיין „בייגעריקע" פאָרשונג, נאָר אַ נויטווענדיקייט, צו געפינען אַ זין פאַר די ליידן, כדי אַרויסלערנען אַז אויך דאָס זיין פון יידן אין גלות ראַמט זיך אַריין אין דעם גרויסן פּלאַן פון לאָגישן וועלט־גאַנג. דאָס איז געווים געווען די כוונה פון „ספר יצירה", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 6טן יאָרהונדערט, אָדער נאָך פריער, און וואָס ווערט פון רוב קולטור־היסטאָריקער אָנגענומען ווי די ערשטע זאַמלונג (ספר) אין אָט דער ספערע פון געדאַנק.

אין אָנהייב פון צווייטן יאָרטויזנט איז אויפגעקומען די קבלה, וואָס האָט אָנגעפאַנגען צונויפנעמען די רעיונות, מחשבות און פאָרשטעלונגען וועגן גאָט און וועלט, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פאָלק, אין שריפט און בעל פה. די בעלי קבלה האָבן אָנגעהייבן צונויפנעמען די דאָזיקע געדאַנקען און בילדער, זיי ברייטער באַטראַכטן, דיסציפּלינירן און פאָרמירן אין אַ גאַנצע לערע.

די מיסטישע מחשבות און אויסטייטשונגען זיינען

אויפגעזאַמלט געוואָרן אין זוהר, וואָס האָט זיך באַוויזן אין 13טן יאָרהונדערט און דער מחבר זאָל זיין ר׳ יהודה דע לעאָן. דער נאָמען קבלה, באַקומען, שטיצט זיך אויף דער מסורה, אַז דער זוהר איז געשריבן געוואָרן פון ר׳ שמעון בן יוחאי (רשב״י), דער תלמיד פון גרויסן רבי עקיבא. די לערנונג זאָל האָבן אים אַנטפּלעקט אליהו הנביא, ווען דער תנא האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הייל, אין מורא פאַר די רוימישע חיילות. עס לאָזט זיך טראַכטן, אַז דער זוהר איז צוגעשריבן געוואָרן דווקא צו ר׳ שמעון בן יוחאי, ווייל ער איז געווען צווישן די אַק־טיווע קעגנערס פון דער רוימישער הערשאַפט אין ארץ ישראל. און ווייל די בעלי קבלה זיינען געקומען שטאַרקן דאָס פאָלק, דורך באַזינען די ליידן פון גלות און מונטערן דעם גלויבן אין נאַציאָנאַלער גאולה (ווי פריער באַמערקט), האָבן זיי דערפאַר זיך פאַררופן אויף אַ גדול בישראל וועל־כער האָט געליטן און געקעמפט פאַר יידישער פרייהייט פון באַהעלטעניש אַרויס; ווייל אויך דער מצב פון יידן אין איטאַליע, ווו דער זוהר האָט זיך אַנטפּלעקט, אַרומגע־רינגלט פון האַסיקן קריסטנטום, האָט זיך האָך געניויטיקט אין קאָנספּיראַציע, אויסבאַהאַלטן, ווי אין אַ הייל, מיט מחשבות וואָס קומען שטאַרקן דעם גלויבן אין יידישן אי־בערלעבן און אין דעם ווידעראויפקום פון יידן אין ארץ ישראל. דער רשב״י ווערט געשילדערט אין תלמוד (ירושלמי, ברכות, פט׳) ווי אַ גרויסער צדיק, אָבער אויך ווי איינער וואָס איז זייער שאַרף אין זיינע מיינונגען און אַרויסרופעריש מיט זיין האַלטונג און מיטן ווייסן פון זיין אייגענער חשיבות. עס הייסט: אַ צדיק, וואָס איז שטרענג צו זיך, אָבער ניט אונטערטעניק — אַ רעוואָלוציאָנערע געשטאַלט. רבי שמעון בן יוחאי קען שוין ניט אַרויס אין אָפענעם רעוואָלט קעגן רוים, ווי זיין גרויסער פאָרגייער און לערער רבי עקיבא, ווייל ישראל איז געשלאָגן און דער פיינט איז מאַכטיק. האַלט ער אויף די נאַציאָנאַלע מאָראַל דורך פלעגן דעם צאָרן קעגן באַצווינגער, דורך ניט דערלאָזן אַז יידן זאָלן זיך איינלעבן מיטן מצב פון דער פרעמדער הערשאַפט. דערציילט די גמרא (שבת, לג, ב׳), אַז רבי שמעון איז געווען אין אַ געזעלשאַפט פון לערנערס. האָט ר׳ יהודה זיך אָפּגערופן און געזאָגט (ווייל מען האָט געוויס געשמועסט וועגן דעם פּאָליטישן מצב אין לאַנד), אַז די רוימער האָבן (אויך) פיינע זיטן. למשל: זיי האָבן איינגעפירט מערק (און דערמיט פאַרבעסערט דעם האַנדל).

זיי האָבן אויפגעבויט בריקן (דערמיט פאַרלייכטערט די באַוועגונג און די פאַרבינדונג). און זיי האָבן אויפגעבויט בעדער (אויפן רוימישן שטייגער, וואָס דערמיט האָבן זיי איינגעפירט ריינקייט). האָט זיך אָפּגערופן רבי שמעון: אַלץ וואָס די רוימער טוען איז נאָר פאַר זייער אייגענעם נוץ. זיי האָבן איינגעפירט מערק, צו באַזעצן דאָרטן זונות; די בעדער זיינען פאַר זייער אייגענער ריינקייט, און די בריקן, אַז זיי זאָלן קענען מאָנען (פאַרן באַנוץ) שטייערן. דאָס זיינען זייער שאַרפע, רעוואָלוציאָנערע רייד. ר' יהודה האָט גאָר ניט געזאָגט, אַז די דריי גוטע זאַכן האָבן די רוימער איינגעפירט פאַר ייִדן; ער האָט גאָר געלויבט זייערע קול-טורעלע פירונגען, „כמה נאים מעשיהן של אומה זו”, ווי שיין עס זיינען די רוימישע טאַטן. אָבער רשב״י וויל ניט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקער האָט אויך מעלות; פאַרקערט גאָר, אַפילו דאָס וואָס קען זיך אויסדרוקן ר' יהודה'ן ווי קולטורעלע מעשים ביי די רוימער, אַפילו ווען דאָס איז פאַר זייער אייגענעם נוצן, זיינען אויך אין דער אמת'ן אומאָראַלישע פירונגען. זיי דאַרפן בעדער, ווייל זיי זיינען שמוציק, און מערק דאַרפן זיי פאַר זונות. ניטאָ וואָס זיך אָפּצולערנען פון פיינט, פאַר-קערט, מען דאַרף זיך היטן פון גיין אין זייערע דרכים, אַפילו אין די, וואָס אויפן ערשטן בליק קען מען זיי אָננעמען ווי קולטורעלע פירונגען. מיט אָט די רייד האָט זיך רבי שמעון געשטעלט אין סכנה. אַ בייזיצער, פון ניט ייִדישער אָפּשטאַמונג, האָט צוגעטראָגן די רייד צו די אויערן פון מלכות. רבי שמעון און זיין זון אלעזר מוזן אַנטלויפן, פאַרפאָלגטע פון דער מאַכט, און זיי באַהאַלטן זיך אויס דרייצן יאָר אין אַ הייל.

די דאָזיקע געשיכטע האָט גוט געדינט די בעלי קבלה, וועלכע זיינען געקומען קרעפטיקן און מוטיקן דאָס פאָלק. דאָ האָבן זיי געהאַט אַ ביישפּיל, פאַר זיך און פאַר אַנדערע, ווי אַזוי איבערצולעבן מיט אמונה אין ייִדישער באַפרייאונג, אין אַ צייט ווען מען קען ניט שטעלן קיין אַקטיוון ווידער-שטאַנד. און זיי האָבן געשעפּט ביישפּילן און מוט פון די דערציילונגען ווי רבי שמעון און זיין זון זיינען ניט פאַרלאָזן געוואָרן אין זייער הייל, ווייל עס זיינען זיי בייגעשטאַנען נסים. און די בעלי קבלה האָבן ווייטער געשפּונען די דערציילונגען, וועגן גלוי אליהו, די אַנטפּלע-קונגען וואָס די באַהאַלטענע האָבן געהאַט אין זייער באַהעלטעניש, ווי עס זיינען אויפגעליכטיקט געוואָרן פאַר

זיי סודות התורה, פלאָמיקע חזיונות, וואָס זיינען פאַרשריבן אין זוהר, וואָס דאָס פאָלק האָט אָנגעהייבן רופן זוהר הקדוש און עס געמאַכט פאַרן דריטן גרויסן און אייביקן יידישן ספר, צו תורת משה און די נביאים.



דער זוהר, וואָס טייטשט אויס די סודות התורה, אָדער די סודות פון עקזיסטענץ לויט דער תורה, איז ניט געווען באַשטימט פאַרן ברייטן פאָלק. אַזוי אויך האָט זיך גע־האַלטן די באַוועגונג אַרום דעם זוהר, די בעלי קבלה, ווי אַ גייסטיקע עליטע. און פאַרשטענדלעך אַז אַזאַ דרך האָט געמוזט אָנטרעפן קעגנערשאַפט און איבערציטער פון יענע יידישע חכמים וועלכע זיינען געגאַנגען „מיטן גלייכן וועג״; זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס אַריינטראַכטן זיך און אַרויסטייטשן די סודות התורה וועט אָוועקפירן פון דער תורה גופא. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די דאָזיקע סכנה צוליב דער אַרומיקער גייסטיקער אַטמאָספערע, ווען דער קריסטנטום אין אָט דער צייט האָט אויך אַרויסגע־הייבן דאָס איבערנאַטירלעכע, זיך געהילט אין מיסטיציזם.

דער גרויסער חידוש פון דער קבלה, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זוהר, איז געווען אין דעם וואָס עס האָט די צעשפּרייטע געדאַנקען אין תלמוד און מדרשים צונויפגענומען צו שאַפן אַ גאַנצע, אַ פולע איגענע שיטה, אַ יידיש־מיסטישן קאָנצעפּט. דערביי האָט זיך די קבלה אויך אַרויסגעהאָלפן מיט געדאַנקען פון ניט יידישע בעלי מחשבה, עלטערע און פון איר איגענער צייט, אויב די דאָזיקע געדאַנקען האָבן אַריינגעפּאַסט אין יידישן וועלט־באַנעם און זיי האָבן געהאַט אַ וועלכן אָנשפּאַר אין דער תורה.

די בעלי קבלה זיינען געקומען צום פילאָסאָפישן אויספיר, אַז דער מענטש איז דער סאַמע ציל פון באַשאַף. דאָס איז אַ יסוד אין יידנטום און אויך דאָס רוב גריכישע פילאָסאָפן האָבן געהאַלטן אַזוי. דער אויפטו פון זוהר איז דאָ געווען, ווי אין דאָס רוב אַנדערע עיקר־געדאַנקען, אין סינכראָנאַזירן די אידייען, געבן זיי אַן איינהייטלעכע לערע, ווי פריער אָנגעוויזן. דער מדרש (בר׳ רבה, ט׳) דערציילט, אַז אַ סך וועלטן זיינען אויפגעקומען און חרוב געוואָרן, ביזן אָנטשטייען פון דער וועלט וועלכער מיר קענען. די קבלה דערקלערט עס דערמיט, וואָס אין אַלע פריערדיקע

וועלטן האָט געפּעלט דער מענטש. ערשט דער מענטש האָט געמאַכט ראוי די וועלט זי זאָל עקזיסטירן, ווייל דער מענטש איז דער תכלית פון דער בריאה. און מער נאָך: אַ געבענטשטער מיט בחירה, מיט פרייען אויסוואַל צווישן גוטס און שלעכטס, איז דער מענטש דער באַשטימער איבער אַלץ אין קאָסמאָס, ביז דער באַשעפער אַליין ריכט די וועלטן לויט די מעשים פון מענטשן, דער יוצר איז „אָפּהענגיק" פון זיין יצור. די קבלה איז אין דעם פּרט אפילו געגאַנגען ווייטער ווי דער שפּעטערדיקער גרעסטער יידישער ראַציאָנאַליסטישער פילאָסאָף, דער רמב"ם, וועל-כער האָט געלערנט, אַז „כל פעולות האדם מסור בידו", אַלע מענטשלעכע טואונגען זיינען אָפּהענגיק פון מענטש גופא; די קבלה האָט אָבער דעם מענטשן אויך געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך — און במילא אים צוגעשריבן די מאַכט — פאַר אַלע געשעענישן אין דער וועלט, אויך פאַר די וועלכע שטייען מחוץ דעם מענטשן; גוטע אָדער שלעכטע מעשים באַצווינגען אפילו גאָטס ווילן. דערציילט דער זוהר, אַז דער רשב"י האָט זיך קעגנגעשטעלט גזרות מן השמים, מיט דער מאָטיווירונג „אלהים גוזר למעלה, וצדיק מבטל למטה", גאָט באַשטימט, אָבער דער צדיק קאָן מבטל זיין (ניט נאָר אָפּבעטן) די באַשטימונגען. און ניט נאָר אַ צדיק, יעדער מענטש, דורך זיינע מעשים, איז מיטבאַשטי-מער פון דעם גאַנג פון אוניווערס. דאָס דערגייען צו אַזאַ געדאַנקלעכער דערהייבנקייט — ניט אין אַ פּסוק, אַ זאָג, ווי מיר געפינען אַזעלכע אין תלמוד — נאָר ווי אַ גאַנצע לערע, איז געווען אַ געוואָגטער חידוש.

וויבאַלד די קבלה האָט איבערגעגעבן אַזעלכע גרויסע כוחות צום מענטשן, איז זי שוין געקומען צו דעפינירן דעם באַגריף פון דער געטלעכקייט; ווו הייבט זיך אָן און ווו ענדיקט זיך די געטלעכע אויסווירקונג, אויב מענטש-לעכע מעשים זיינען עיקר-באַשטימער אין גאַנג פון באַשאַף?

אַ לאַנגע צייט איז אָנגעגאַנגען אין אַט דער פראַגע אַ שווער-געדאַנקלעכער גראַנגל צווישן די בעלי קבלה. (אינטערעסאַנט ביז גאָר, וואָס די קבלה האָט, אין זוהר און אַנדערע ספרים, איבערגעלאָזן אָפּענע סליאַדן פון דאָזיקן געדאַנקלעכן גראַנגל, וואָס ווייזט דאָך קלאָר אויף קרי-טישער אָפּנקייט און פרייען דענקען). אַ טייל, אונטער דער ווירקונג פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, האָבן געצייכנט בילדעריש די געטלעכקייט, עס צוגעשריבן כמו מענטש-

ליעכע חושים („אימתי אתקרי שלימותא דלעילא, כד יתיב
קב״ה בכורסיא, ועד לא יתיב בכורסיא לא אשתכח שלימו־
תותא, דכתיב: ועל הכסא דמות כמראה אדם, וגו׳״. (זוהר,
פרשת תזריע, און אין גאר אַ סך אַנדערע, נאָך מער
בולטע ערטער), מיט דער צייט האָבן אָבער די עכט יידישע
מחשבות גובר געווען די גריכישע איינפלוסן. דאָס רוב
בעלי קבלה האָבן זיך דערווייטערט פון אַ געשטאַלטלעכן,
מיט מענטשלעכע אַטריבוטן באַשאָנקענער געטלעכקייט,
ביז דערגיין צום באַגריף וועלכן דער רמב״ם האָט מיט זיין
וואונדערלעכער פרעציזיטעט קלאַסיפיצירט „אין לו גוף,
ואין לו משיגי הגוף״, גאָט איז, ביי זיין גאַנצן גדאַנקלעכן
קאָנקרעטיזם, די טיפסטע און גרעסטע אַבסטראַקציע. ווי
העראָקליט און פלאַטאָ האָט אויך די קבלה דערקענט גאָט
אַלס דעם העכסטן ל אָ ג ו ס, דעם טיפסטן ש כ ל און
געלערנט אַזוי: „בראשית ברא, אין ראשית אלא חכמה״.
גאָט איז די טיפסטע אויסשטראַלונג פון העכסטן פאַר־
שטאַנד. זאָגט ר׳ יצחק סגי נהור, אין זוהר: „דרך הידיעה
חתומה, אבל פתוחה דרך היניקה״, אַז קיין וויסן די געט־
לעכקייט פאַקטיש איז ניט מיגלעך, אָבער עס איז אָפן דער
יועג פאַר גייסטיקער אויסשטראַלונג. ווייל „אינו במבין
ולא בכלל, ולא בחשבון, אלא בחפץ הלב״ (אין פרק ״עתיקא
קדישא״); די געטלעכקייט געפינט זיך ניט אין קיין באַ־
שטימטן אָרט, נאָר אין דער מענטשלעכער האַרץ וואָס וויל
עס אויפנעמען — לויט זיין ווילן און לויט זיין פאַרשטאַנד.
(אַזוי האָט אויך געלערנט דער רמב״ם, און אויך קאַנט. זיי
האָבן זיך געשטיצט אויף די עלטערע, גריכישע פילאָסאָפן,
אַז מיטן שכל אַליין קען מען ניט דערוויזן, ניט דאָס געט־
לעכע יאָ זיין און ניט דאָס ניט זיין). און אַזוי דערקלערט
עס דער זוהר: די גאָטהייט אין דער וועלט איז ווי פייער
צום קנויט; צעשיידט מען זיי איז פינצטער. און הגם דער
שטאָף וואָס באַלייכט איז פאַראַן אויך אָן דאָס ליכט, קען
עס אָבער געזען ווערן נאָר אין באַהעפטונג מיט ליכט.
דעקאַרט האָט געניצט די באַקאַנטע פאָרמולירונג Cogito
etgo sum (איך טראַכט, אַ סימן אַז איך לעב). די בעלי
קבלה זיינען געגאַנגען ווייטער: זיי האָבן געלערנט, אַז פון
מענטשלעכן לעבן און פון דער גאַנצער עקזיסטענץ איז
אַ לאָגישער באַווייז אויף דעם געטלעכן זיין. און זיי האָבן
ניט באַנוצט אַ וועלכן קאָנקרעטן נאָמען פאַר דער געט־
לעכקייט, נאָר אַזעלכע אַנטיפאָרמישע באַצייכנונגען ווי
„נעלם מכל הנעלמים״, „אין סוף״, דאָס אייביק פאַראַנענע,

די אומענדלעכקייט, — וואָס אַנטפּלעקט זיך נאָר אין דער דירעקטער באַרירונג מיט דער רעאַליטעט.



לויט דער קבלה זיינען פאַראַן פיר וועלטן: אצילות, בריאה, יצירה, עשיה (1). די וועלט איז אַן איינהייט, אָבער פאַרטיילט אין פיר ספערן, און איז סטאַטיש זינט בראשית. און עס זיינען פאַראַן ספירות (מדרגות), וועלכע זיינען דינאַמיש. אַזוי ווערט געבראַכט אין „רעיא מהימנא" און „תיקוני זוהר". (פראָפ. ג. שלום, „התפתחות תורת העולמית בקבלת הראשונים", מיינט, אַז די דאָזיקע סיסטעם האָט זיך אין דער קבלה אויסגעקריסטאַליזירט שפּעטער, אין 14־טן יאָרהונדערט). אין די פריערדיקע זוהר־טיילן און קבלת ספרים געפינט זיך דער געדאַנק נאָר ברמז (2). די קבלה שטיצט זיך אויפן פסוק (ישעיה מג, ז): ולכבודי בראתיו, יצרתיו אף עשיתיו. שוין אין „ספר יצירה", און זינט דאַן, האָט די קבלה זיך באַנוצט מיטן באַגריף ספירות, וואָס איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן ווי אַ טערמין פאַר דער פאַרבינדונג צווישן די וועלטן. אָבער די קבלה האָט זיך אויך באַנוצט מיט די טערמינען ד ר ג י ן (מדרגות), ח י ל י ן (קרעפטן), ס ט י ר י ן (גרענעצן), נ ה ו ר י ן (אויסשטראַלונגען) און אַ סך אַנדערע ענלעכע באַגריפן. די ספירות זיינען צען: כתר, חכמה, בינה,

1) על פי רוב איז אין דער קבלה אָנגענומען געוואָרן דער דאָזיקער סדר און באַצייכענונגען. ביידע אונטערליגן אָבער פלוגתות.

2) אמר רבי שמעון: אוי להם לבריות, שאינם משגיחים ואינם יודעים. בשעה שעלה במחשבה לפני הקודש ברוך הוא לברוא עולמו, כל העולמות עלו במחשבה אחת ובמחשבה זו נבראו כולם, זהו שכתוב (תהלים קד, כד): „כלם בחכמה עשית", ובמחשבה זו, שהיא החכמה נברא העולם הזה והעולם של מעלה. נטה ימינו וברא העולם של מעלה, נטה שמאלו וברא העולם הזה. זהו שכתוב (ישעיה מח, יג): „אף ידי יסדה ארץ וימינו טפחה שמים קורא אני אליהם יעמדו יחדו". וכולם ברגע אחד ובשעה אחת נבראו, ועשה העולם הזה כנגד העולם של מעלה, וכל מה שיש למעלה כדוגמתו למטה, וכל מה שיש למטה כדוגמתו בים, והכל אחד. (מדרש הנעלם).

גבורה, נצח, הוד, תפארת, יסוד, מלכות. די ערשטע, כתר, איז די העכסטע מדרגה (ספירה), וואָס איז די געט־לעכע אויסשטראַלונג, אָדער, ווי אַנדערע מקובלים לערנען, דער אין־סוף, — גאָט. די דאָזיקע ספירה שטראַלט אויס צו חכמה, וואָס ווערט אָנגערופן שכינה. די ספירות ווירקן נאָר לויט זייער איינגעשטעלטן סדר: כתר פאַרבינדט זיך ניט מיט בינה, אָן דער צווישנפאַרמיטלונג פון חכמה, און אַזוי כסדר. ווייל כאָטש אַלע ספירות זיינען פאַרבונדן, שטעלט אָבער יעדע ספירה פאַר אַ נידעריקערע אָדער העכערע גייסט־ספערע.

לאָמיר זיך באַמיען עס צו זען בילדעריש: די וועלט איז אַ געבוי פון פיר עטאַזשן (וועלטן) און דורך איר באַ־וועגט זיך אַ הייב־מאַשין, (אַ ליפט), וואָס האָט צען אָפּטיי־לונגען (ספירות). און אָט אַזוי, זיך האַלטנדיק ביים משל, פרעגן מיר: ווער זיצט אין דער הייב־מאַשין? — אויף דעם ענטפערט די קבלה: דער גאַנצער באַשאַף. און ווער באַ־וועגט די מאַשין, ס'זאָל גיין אַרויף אָדער אַרונטער? — דער מענטש. די מענטשלעכע גוטע אָדער שלעכטע מעשים, ווייל די נעמען פון די ספירות ווערן אויך באַצייכנט ווי מידות — רחמנות, עניוות, גוטסקייט, כעס א. אַ. וו. — פון ג אָ ט און פון מ ע נ ט ש ן . און אָט די מידות (ספי־רות) באַוועגן עס דעם אוניווערס אַרויף־צו און אין דער נידער: גוטע מענטשלעכע מעשים באַוועגן דעם אוניווערס אַרויף, צו העכערקייט, און רעפלעקטירן אַרויס פון דער געטלעכקייט די זעלבע מידה אויף אַראָפּ: טוט דער מענטש חסד — איז ער משפיע אויף דער וועלט חסד, און פאַר־קערט אויך אַזוי, ווייל „אין למעלה מה שאין למטה“; די וועלט איז אַן איינהייט, די ספירות זיינען פאַרבונדן, ווי מדרגות, צווישן זיך, און דער מענטש באַשטימט דעם אויסזען פון דער וועלט, ווייל די מענטשלעכע מעשים זיינען די איינציקע וואָס זיינען משפיע די געטלעכע הנהגה.

געוויס, דאָס געטלעכע אַלייך־ווילן איז „פאַרשמע־לערט“ געוואָרן, אָבער גראָד דאָס האָט די קבלה אַרויס־געהויבן ווי די סאַמע געטלעכע גרויסקייט. ווייל אויב צום מענטש — דער געטלעכער העכסטער באַשאַף (בצלמו) — איז איבערגעגעבן געוואָרן די הויפּט־באַשטימונג אין דער וועלט, און פון דעם מענטשן איז אפילו אָפּהענגיק דער געטלעכער רצון, איז אָבער גאָט די איינהייט, וואָס האָט איינגעשטעלט אַזוי דעם סדר, און אויך איז ער דער איינ־ציקער אויסשטראַלער און איינזאַמלער פון אַלע מידות

(ספירות). אַזוי האָט די קבלה אָפּגעטייטשט דעם באַגריף פון דער געטלעכקייט און אַוועקגעשטעלט דעם מענטשן אַלס איינציק וואָס באַוועגט דעם גאַנג פון דער וועלט: וואָרום מענטש קאָן לאָזן זינקען די וועלט צו דער טיף־סטער געפאַלנקייט, אָדער דערהויבן זי צו שכינה און גאָט אַליין, ווייל אויך גאָט רעפלעקטירט די מענטשלעכע מידות — לויט דעם אייגענעם געטלעכן ווילן. און די מענטש־לעכע מעשים זיינען טאַקע די הויפּט־באַשטימער, לויטן פאַרויסיקן סדר, וואָס די געטלעכקייט האָט איינגעשטעלט. די געטלעכע אצילות קאָן אָבער האַנדלען קעגן די „נאַטור־געזעצן". איז שוין ניט אָפּגעפרעגט תפילה צום באַשעפער, השגחה פּרטית, די באַזונדערע אויסווירקונג פאַר יעדער יחיד.

די בעלי קבלה האָבן איינגעטייטשט פסוקים פון תנך, אַרויסגעהייבן און באַלויכטן מדרשים מיט אַ ניי ליכט, אַז זיי זאָלן דינען די השקפות און נויטיקע צילן זייערע. אָבער די לערנערס פון נסתר האָבן אויך געבראַכט שאַרפע חידושים פון באַגריפן, און זיי האָבן אַריינגעפירט נייע טערמינען, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט גאָר נייע אידייען. יידישע לערנערס האָבן אַלע מאָל געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר ווערטער; ווערטער האָבן געקענט זיין הייליקע און איינהאַלטן אין זיך סודות; ווערטער האָבן געטראָגן קרוינען און געהאַט קרעפטן, וואָס מיטן ריכטיקן באַנוץ זייערן האָט מען געקענט ברענגען און ענדערן געשעענישן. דאָס איז דאָך דער גלויבן אין דעם עצם כוח פון תפילה. אָבער די תפילות האָבן געדאַרפט דערגיין און פועלן; זיי זיינען נאָר געווען פאַרמיטלערס. פאַראַן אָבער אַ סך מאמרים אין מדרש און תלמוד, וועלכע לאָזן פאַר־שטיין, אַז ווערטער האָבן זייער אייגענעם כוח, אַ קראַפט וואָס איז איינגעבויט אין זיי גופא, און אויב נאָר מען ווייס ריכטיק ווי צו באַנוצן דאָס וואָרט אָדער דעם שפרוך, מוזן קומען די אויסווירקונג, וואָס דאָס וואָרט אָדער דער שפרוך האָט געוועלט. מיטן אַרויסברענגען דעם ריכטיקן וואָרט, נאָר דורך זיין באַנוץ, קען מען ברענגען בענטשונג און דאָס פאַרקערט. מיט ווערטער קען מען ענדערן דעם גאַנג פון דער נאַטור, ברענגען רעגן, אָפּשטעלן די זון (יהושע האָט ניט געטאָן תפילה, אַז די זון זאָל זיך אָפּשטעלן — יהושע י, יג׳ — נאָר ער האָט גערעדט צו גאָט און געזאָגט „שמש בגבעון דום". דאָרטן ווערט טאַקע צוגעגעבן, אַז „אַזאַ טאָג ווי יענער איז ניט געווען, פאַר אים אָדער נאָך

אים, אַז גאָט זאָל געהערכן דעם קול פון אַ מענטשן". פונדעסטוועגן האָבן אַ סך אגדות זיך ניט גערעכנט מיט דער באַהויפּטונג, דערציילנדיק ווי ווערטער האָבן אויך שפּעטער געהאַט זייער אייגענע קראַפט). אָבער ערשט די קבלה האָט צוגעשריבן ווערטער אַ קאָסמישן באַדייט און אומבאַגרענעצטע מיסטישע כוחות. די בעלי קבלה האָבן אין יעדן וואָרט און אות פון דער תורה געפילט פאַרהוי־לעניש, וואָס דורכן אַנטפּלעקן זיי קען מען דערגיין צו באַגרייפן די סודות פון אוניווערס. אָבער בעיקר האָבן זיי געשטרעבט צו אַרויסלערנען פון די סודות התורה דעם חשבון פון קץ. די ימות המשיח, דאָס קומען פון דער גאולה. צוליב די דאָזיקע צילן האָבן זיי גענוצט אַלע פאָרמען און מעטאָדן אין דער קאָמבינירונג פון אותיות, ווערטער, מאמרות און פסוקים, דורך צונויפהעפטן זיי, אַקצענטירן, מיטן גאַנג פון סעמאַנטיק און דיקדוק, אַגרי־מאַטיש און עפּיגראַמאַטיש, דורך די אונטערשיידן פון כתיב און קרי, דורך אימאַזשן און דורך אָנגעשטרענגטן דרוש. אַזוי האָבן זיי אַרויסגעלערנט סימנים און אָנדייטונ־גען אין תנך וועגן פּלאַן און ציל פון באַשאַף, די דרכים פון באַשעפער, דעם גורל און באַשערטן גאַנג פון יידישן פאָלק, און וועגן דער גאולה, וואָס דאַרף קומען בקרוב. די עצם מעטאָדע איז גאָר ניט געווען קיין נייע. דאָס איז דאָך דער זעלבער דרך פון תלמוד, פאַר אַרויסלערנען קאָנקרעטע דינים און הלכות. און דער תלמוד און מדרש האָבן אויך גענוצט די זעלבע מעטאָדע פאַר סימבאָליס־טישע און מעטאַפיזישע גלויבונגען. און אויך ניט יידן, ווי די פאָטערס פון דער קירך, האָבן עס גענוצט. אָבער נאָר די בעלי קבלה האָבן עס געמאַכט ווי אַ הויפּט מעטאָד און ווי אַ גאַנצע לערע, ווי דער יסוד פאַר תורת הסוד.



אָבער די קבלה האָט אויך אַריינגעבראַכט גרונטיקע נייע באַגריפן און טערמינען, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין באַקאַנטע אָנשפּאַרן אין דער תורה, וואָס מען האָט זיי געקענט צוהעפטן צו דער תורה נאָר אויף אַ זייער קאָמפּ־ליצירטן וועג. און זיי זיינען געוויס געווען אָנגעהויבט פון דער אַרומיקער סביבה און ציייטיקע לערעס. אין דער ערשטער ריי זיינען דאָס די פיגוראַטיווע, בילדערישע פאָרשטעלונגען וועגן גאָט מיט וועלכע דער זוהר האָט זיך

באַנוצט. פון איין זייט האָט די קבלה באַצייכנט די געטלעכקייט מיט לויטערע גייסטיקע נעמען, אויסגעטאָענע פון יעדער חומרדיקייט: אין סוף, עתיקא דעתיקא, נעלם מכל הנעלמים. פון דער צווייטער זייט האָט עס געניצט פאַרמיישע בילדער, געשטאַלטלעכע ציורים פון גאָט, געמאָלענע לויט אַלע מענטשלעכע אברים. די קבלה האָט אויך אַריינגעבראַכט שאַרפערע חידושים אין דער איינגעשטעלטער יידישער אמונה. זי האָט געצייכנט געשטאַלטן און קרעפטן, וועלכע זיינען אונטערטעניק דעם באַשעפער, אָבער זיינען פאָרט אַזוי ווי זעלבסטשטענדיקע. דער באַגריף ש כ י נ ה איז געווען באַקאַנט פון דער תורה ווי די געטלעכע אויסשטראַלונג, רוח הקודש (ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם — שמות, כה, ח׳). אָבער אין דער קבלה ווערט די שכינה געזען ווי אַ קאָנקרעטער פאַקטאָר, און דערביי פון ווייבלעכן מין. און טאַקע די פרוי געשטאַלט ווערט אַרויסגעהייבן אין דער קבלה, וואָס באַנוצט זיך כסדר מיט די באַגריפן פון זוגות און זיווג (פאָרן און פאָרונג) אויך פאַר דער געטלעכקייט. צום ערשטן מאָל אין יידישן דת ווערט אַריינגעבראַכט אַזאַ באַגריף ווי מטרנותא, די רוימישע באַצייכנונג פאַר אַן ערנווירדיקע פרוי. און די לילית, וואָס ווערט אין דער אגדה (בבא בתרא ע״ג) פאָרגעשטעלט ווי די מלכה פון די שדים, האָט די קבלה געגעבן אַ גרויסע און וויכטיקע ממשלה. דערביי האָט די קבלה זיך געניצט מיט בילדער פון יחוד, פאָרשטעלנדיק דעם באַשאַף און דעם גאַנג פון דער וועלט ווי אַן אַרויסקום פון כסדרדיקע באַציונגען צווישן מענלעכע און ווייבלעכע קרעפטן. רבי אבא האָט געלערנט אויפן פסוק (תהלים מב, ב׳) „כאיל תערוג על אפיקי מים כן נפשי תערוג אליך אלהים״, אַז עס איז פאַראַן אַ זכר און נקבה. אָבער, ווערט צוגעגעבן, „ואף על פי שיש זכר ונקבה הכל אחד״, אַז דאָס ענדערט ניט, נאַטירלעך, די אמונה אין אחדות הבורא. און הגם די דאָזיקע רייד, וועגן זכר און נקבה, ווערן כסדר (פון שפּעטערדיקע) אויסגעטייטשט ווי די פאַרבינדונג צווישן די ספירן — אין דעם פאַל צווישן תפארת און מלכות — איז, אָבער, דאָס עצם לשון, דאָס באַנוצן זיך מיט אַזעלכע פאָרונגס־בילדער, געווען ניי און אויך סכנהדיק פאַרן יידישן דת. לערנט דער זוהר (וועגן אישת חיל, אין „רעיא מהימנא״), אויפן פסוק (אין ויקרא כג, יא), אַז מיטן קרבן פון עומר באַפרייט זיך די שכינה פון די קליפות, און דער קרבן איז באַשטימט

„להכניס אהבה בין האשה לבעלה“, צו אריינברענגען די העכסטע ליבשאפט און באהעפטונג צווישן מאן און פרוי. ווידער ווערט דאס פארשטאנען און געטייטשט ווי די ליבשאפט צווישן פאלק ישראל און די שכינה. אבער דער עצם געמעל — ניט אין קיין מדרש, נאר אין א פילאסאפישע לערע פון יידנטום — איז ניי און געוואגט. אזוי אויך איז דער באשטאנדיקער באנוץ פון דער קבלה מיט די כוחות פון קליפות, שדים, רוחות, אלערליי גייסטער, גוטע און שלעכטע, וואס האבן א שליטה אין דער וועלט. די קבלה לערנט: „אמר רבי אבא, כמה אלפים, כמה רבבות של מחנות קדושים יש לו לקדוש ברוך הוא, בעלי פנים נעלים, בעלי עינים, בעלי זין . . . לשרת לפניו בהיכל. לעומת אלה יש לה, למטרונית, מחנות מזוינים . . . וכולם עומדים סביב לה חגורי חרב“. הקדוש ברוך הוא האט טויזנטער און צענער טויזנטער פון הייליקע מחנות. און אנטקעגן דעם האט די מטרונית אנדערע מחנות. די „מטרונית“ ווערט דא פארשטאנען ווי די שכינה. אבער סיקוי איז דער געמעל און דאס געבן, אין אזא פארם, מאכט צו ארומיקע קרעפטן פון קדוש ברוך הוא, ווען אפילו זיי זיינען אים אונטערטעניקע, ניי פאר דער יידישער אמונה.

אבער מער נאך ווי די תורה פון נסתר איז געקומען באקרעפטיקן פילאסאפיש די אמונה, איז זי געקומען פארשטארקן די אמונה צו געבן אויסהאלט־כוח דאס פאלק אין גלות. און דאס איז געווען א טאפלטע אויפגאבע: באהיטן דאס פאלק פון פרעמדע איינפלוסן, אנטקעגן דעם קריסטלעכן מיסטיציזם, וואס האט זיך שטארק אויסגעווירקט, און מוטיקן דאס פאלק אין דער (איבערנאטירלעכער) אמונה פון בית המשיח, אין גלויבן פון גאולה; אז די ליידן פון גלות האבן א העכערן זין, דערפאר וועט אויך קומען דער שכר פאר די ליידן, דער צוריקגאנג פון יידן אין זייער לאנד. אט דער פלאמיקער אידיאל, זיך צוריקצוקערן קיין ארץ ישראל, און די אמונה אין דער העכסטער קדושה, וואס איז פאראן אין ארץ ישראל, איז דער גרויסער עיקר אין אלע לערנונגען פון דער קבלה און דאס פלעכט זיך אריין כסדר אין אלע לערנונגען פון זוהר. אט איז אזא איין כאראקטעריסטישע לערנונג (אין „פתח האהל“): די נשמה פון מענטשן קען קיינער ניט זען און ניט באגרייפן, סיידן דורך די אברים פון גוף, וואס זיי זיינען מדרגות, וועלכע טוען אלץ לויטן ווונטש פון דער נשמה. דערפאר

איז די נשמה יאָ און ניט באַקאַנט צום מענטשן. אויך אַזוי איז הקדוש ברוך הוא, באַקאַנט און ניט באַקאַנט, ווייל ער איז דער גייסט צום גייסט, די נשמה צו די נשמות, באַהאַלטן און פאַרשטעלט פון אַלעמען. אָבער אין יענע טויערן, וואָס זיינען די עפענונגען (געמיינט ספירות) פאַר דער נשמה, איז די געטלעכקייט יאָ באַקאַנט. אָבער אַט די עפענונג איז איצט פאַרשלאָסן, ווייל יידן געפינען זיך אין גלות, און אַלע טויערן האָבן זיך פאַרמאַכט. אָבער ווען יידן וועלן אַרויס פון גלות, וועלן אַלע העכסטע מדרגות (געמיינט ספירות) זיך עפענען און דאַן וועט די וועלט וויסן די גרעסטע חכמה און אַלץ וועט דינען דעם מלך המשיח. און וועלכע איז דער העכסטער טויער צו דער געטלעכקייט? „התקין הקדוש ברוך הוא לפניו היכל קדוש, היכל עליון, עיר קדושה, עיר עליונה, הנקראת ירושלים עיר הקודש. מי שנכנס למלך לא נכנס אלא מעיר קדושה זו". דער איינציקער טויער צו דער געטלעכקייט איז דורך ירושלים, וועלכע די קבלה מאָלט אויס אין די שענסטע פאַרבן, מיט די דערהויבנסטע ווערטער, וואָס נאָר מיט איר ווידעראויפבוי קען קומען חכמה און פאַרשטאַנדיקייט און אַלדאָס גוטס פאַר יידן און פאַר דער וועלט. די היימישע אידייען האָבן געהאַט נאַציאָנאַלע אידיאַלן. און די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג פון די אידייען — דורך דעם אויפקום און גאַנג פון די נייע כיתות בעלי קבלה אין ארץ ישראל, און גאָר באַזונדערס דורך דער באַוועגונג פון חסידות — האָבן געבראַכט די געגאַרטע סטימולן, פאַר דעם פאַרשטאַרקטן גלויבן אין גאולה.

דער אר"י הקדוש (ר' יצחק לוריא, 1532־1572) און זיינע מיטצייטלער און תלמידים אין צפת, האָבן געבויט אויף דעם וואָס אין זוהר גייען ענג געקניפּט די מחשבות וועגן ב אַ ש ע פ ע ר און דעם גאַנג פון באַשאַף מיט דעם הייסן ווילן צו ירידישער גאולה. האָבן זיי דאָס לעצטע געמאַכט פאַרן סאַמע עיקר פון זייער לערנונג, אין שאַרפסטן ווילן צוצואיילן די גאולה, דורך תפילה, צרופי אותיות, השתפכות־הנפש. דער עיקר פון זייער לעבן און לערנונג איז געווען: גאולת ישראל. צו דער גאולה האָבן זיי זיך געליטערט, באַנייענדיק מיט האַרציק־עקזאַלטירטן אחפּן די פלאַמיקע משיח־בענקשאַפט. און אין גאַנג צו דער גאולה זיינען די דאָזיקע מקובלים געקומען צום פאָלק. האָט דורך זיי אַראָפּגעציטערט פון די צפתער בערג, פון הר כנען און צמון, דער וווּנדערלעכער ניגון פון מקובל־

דיכטער ר׳ שלמה אלקבּיץ:

קומי צאי מתוך ההפכה.
רב לך שבת בעמק הבכא.

און דאָס דאָזיקע געטלעכע ליד האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון „תפוחיך״ פעלד אין צפת, אַ טראָג אַוועק צו יידן אומעטום, ווו ס׳איז אַרויפגעפאַלן אויף גאולה־דאָרשטיקע ליפן און אַלץ האָט זיך צעזונגען און אַלץ האָט זיך פאַרנויגט —

בואי כלה, בואי כלה.

דאָס איז די האַרציק־טרוימערישע גאולה־בענקשאַפט, וואָס די קבלה האָט געשאַנקען דאָס פאָלק, אַ מיסטיש־כישופדיקע און האַרציק־פּאָעטישע אידיי, וואָס האָט, במילא, צוגעגעבן יידנטום נייטיקע זאַפטן און פון וועלכע עס איז מיט איבער פיר הונדערט יאָר שפּעטער אויסגעצייטיקט געוואָרן חסידות.

אין גלות איז דאָס יידישע פֿאָלק צעטיילט געוואָרן אויף עדות, לויט די לענדער אין וועלכע מען האָט געלעבט, און לויט די קולטורן, פֿון וועלכע מען איז באַווירקט געוואָרן. מיט אַלע חסרונות וואָס זיינען פֿאַראַן אין דעם, האָט עס אָבער אויך באַשאַפֿן אַ וווּנדערלעכע מאָזאַיִק, אַריינגעוועבט אין פֿאָלק פֿאַרשיידענע פֿאַרבן און לעבנס־פֿאָרמען. איינע פֿון די שענסטע, איידלסטע און לויכטענדיקע שטיינער אין דער דאָזיקער מאָזאַיִק איז געוויס געווען דער ספֿרדישער שבט.

די ערשטע ייִנגלשע באַקאַנטשאַפֿט מיט ספֿרדים איז געווען אויף אַ בילד, וואָס איז געהאַנגען אויף דער שטוביקער וואַנט. עס איז געווען דאָס איינציקע בילד אין שטוב, איינגעראַמט אונטער גלאָז. אויפֿן בילד האָבן זיך געפֿונען אַ פֿינף מנינים פּנימער פֿון גאוני ישׂראל, פֿון פֿאַרשיידענע צייטן און ערטער. אַריבערן בילד־מאָנטאַזש איז געווען אַן אויפֿשריפֿט „והיו עיניך רואות את מוריך" (דיינע אויגן זאָלן זען דיינע לערערס). אונטער יעדער פּנים איז געווען אַ צושריפֿט, דער נאָמען, און ווו ער איז געווען רב. אָפֿט טאָקע רופֿט זיך יעדער לויטן אָרט פֿון זיין רבנות, און אָפֿטער נאָר לויטן נאָמען פֿון זיין וויכטיקסטן ספֿר. איז אָט דאָס בילד געוואָרן דאָס ערשטע בוך אין יידישער געאָגראַפֿיע און יידישער געשיכטע. ווען קיינער איז ניטאָ אין שטוב, שטעלט זיך דער ייִנגל אויף אַ בענקל און לערנט די פּנימער און די צושריפֿטן, ביז זיי קריצן זיך אָפּ אין זכרון.

דער שענסטער פֿון אַלע פּנימער קוקט אויס דער פֿון רמב״ם, וואָס געפֿינט זיך אויבן אָן, און איבער אים איז פֿאַראַן אַ כתר תורה מיט אַ מגן דוד. עס קען זיין, אַז ווייל דער רמב״ם איז אויפֿן סאַמע יחוסדיקסטן אָרט, האָט עס געפֿירט צו טראַכטן, אַז זיין פּנים איז דער שענסטער. און אפֿשר איז עס געווען דערפֿאַר, ווייל ער טראָגט אויפֿן ברוסט אַ יחוס־קייט מיט אַ מעדאַל, וואָס קיין אַנדער בילד פֿאַרמאָגט עס ניט. ער האָט מילדע אויגן, אַ קורצע באָרד און אַן אליון פּנים, וואָס אַזאַ קאָליר זעט מען ניט ביי יידן אין מזרח אייראָפּאַ. דערביי ווייס דאָך אַיעדער, אפֿילו אַ

יינגל, אַז דער רמב״ם איז געווען אַ דאָקטאָר אין הייף פֿון פּרעה מלך מצרים. און פֿאַר אַ דאָקטאָר האָט מען גרויס דרך ארץ, געמישט מיט מורא. אַלץ צוזאַמען רופֿט אַרויס פֿאַרן רמב״ם יראת הכבוד, אַ פּחד און אַ שטאָלץ.

זייטיק פֿון רמב״ם, אין דער לינקער האַנט, איז דאָס פּנים פֿון מנשה בן ישׂראל. וועגן אים האָט מען געהערט דערציילן, אַז ער האָט זיך משתדל געווען פֿאַר ייִדן ביי דעם מלכות ענגלאַנד. און פֿון דעם רמב״ם׳ס רעכטער זייט קוקט אַראָפּ ר׳ יצחק אבוהבֿ, וועלכער דערציילט אַזעלכע וווּנדערלעכע מעשׂיות אין „מנורת המאור״. די מעשׂיות לערנט אַ רבי מיט די פּראָסטע ייִדן, ביים טיש אין בית המדרש, און דער ייִנגל, שטייענדיק אַ ביסל זייטיק, שלינגט זיי מיט פֿאַרגאַפֿונג. אין דער זעלבער ריי איז דאָס בילד פֿון דון יצחק אברבנאל. שוין דער נאָמען אַליין איז אַזוי שיין, משונהדיק, קלינגעוודיק. דערביי ווייס מען שוין, אַז „דון״ מיינט „אַ פֿירשט״, און אַמאָל רופֿט מען דעם זעלבן טאַקע „נשיא״ אויך, און דאָס מיינט דערהויבונג, העכער פֿון אַלע ייִדן אין גלות, וואָס דער טיטול ציט זיך אַזש פֿון ארץ ישׂראל און פֿון בבל. פֿילט עס אַז דאָס יונגע האַרץ מיט אַ התרוממות און מיט ליבשאַפֿט צו דעם פּנים. העכער איז דאָס בילד פֿון ר׳ יצחק אלפֿסי, דער רי״ף. אַריינקוקן אין אַזאַ ספֿר קען דער ייִנגל נאָך געוויס ניט. נאָר ער האָט אָפֿטמאָל געהערט, ווי די לומדים, ווען זיי שפּאַרן זיך אין לערנען, גיבן אַ זאָג מיט לעצטן פּסק: אָבער אַזוי זאָגט דער רי״ף! דערפֿון פֿאַרשטייט שוין אפֿילו דער קלענסטער, אַז ער איז געווען פֿון די גאונים גרעסטע. און זיי אַלע זיינען — ספֿרדים. אין די זעלבע אויבערשטע רייען איז אויך דער רמב״ן, און ר׳ יוסף קאַרו, דער „בית יוסף״, דער מחבר פֿון „שולחן ערוך״. זייער יחוס איז אין די אויגן פֿון דעם ייִנגל גרויס אויך דערמיט, וואָס זיי זיי־נען געפֿאָרן לעבן אין ארץ ישׂראל, און זיי אַלע זיינען ספֿרדים.

די אַנדערע פּנימער, אין די טיפֿערע רייען, רופֿן אויך אַרויס אַ ציטערפֿולן דרך ארץ. עפּעס אַ קליינקייט אַזעלכע נעמען ווי דער רא״ש, דער ש״ך, דער ט״ז און זייערס גלייכן; נעמען וואָס האָבן שוין אויפֿגעליכטיקט אין די יונגסטע יאָרן, הגם מען ווייס נאָך גאָר ניט וועגן זייערע ספֿרים. אויפֿן בילד איז אויך פֿאַראַן דאָס פּנים פֿון רש״י. דו קוקסט אויף אים און וווּנדערסט זיך, ווי אַט דער מענטש האָט עס געקענט אָנשרייבן אַזוי פֿיל, און מיט אַזעלכע

דריבנע, משונהדיקע אותיות, אַז יידישע קינדער זאָלן דאַרפן אַזוי שווער לערנען. אָבער יעדער האָט אים ליב. וואָרום ער איז אַזוי היימיש. און ווי שווער עס איז זיין כתב, אַזוי לייכט איז דאָס וואָס ער זאָגט; ניט ער פרעגט קיין האַרבע קשיות און ניט ער לאָזט זיך גאָר מאַטערן איף שווערע תירוצים.

אַזוי ליב און נאָענט איז אויך דער ווילנער גאון, וואָס זיצט אויפן בילד אָנגעטאָן אין טלית. מען ווייס, אַז ער האָט אַ גאַנץ לעבן זיך געהאַלטן אָפּגעשלאָסן הינטער טיר און לאָדן. אָבער ער איז נאָענט, אין צייט און אין שטח. אַלע רופן אים איינן „דער ווילנער גאון“, און ווילנע איז ירושלים דליטא — איז עס אַן אייגענער גאון. און ווערטלעך דערציילט מען זיך אָן פון אים אַזעלכע שיינע. אָט זאָגט איעדע מאַמע דאָך מיט זיכערקייט צו יעדן קינד: וויל נאָר, וועסטו אויך זיין אַ גאון . . .

די באַגייסטערונג פאַר די גדולים פון ספרד איז געוואַקסן מיט די יאָרן, מיטן לערנען. אָט דערוויסט מען זיך, אַז אין שפּאַניע האָבן יידן געהאַט אַ „תקופת הזהב“, אַ גאָלדענע עפּאָכע, אַ גאַנצע תקופה מיט אייגענעם גאָלד . . . נאָר אַז מען ווייס שוין, אַז דאָס יידישע גאָלד אין יענער עפּאָכע איז געווען חכמה און שירה, און אויך גדולה ביי מלכים ושרים — צעפּיבערט עס רעכט די יונגע פאַנטאַזיע. און אויך דאָס וואָס איז געשען נאָך דעם קילט ניט אָפּ די באַגייסטערונג. ווי גרויס עס איז געווען דער אויפשטייג פון יידן אין שפּאַניע, אַזוי טיף איז געווען זייער נידער, זייערע צרות. אָבער אויך פון זייערע ליידן אָטעמט טרויםהאַפטיקייט. וואָרום דאָרטן, אין שפּאַניע, און אין פּאָרטוגאַל, האָבן די יידן געקעמפט אין אַ גרויסע מלחמה — פאַר זייער אמונה. זיי זיינען געגאַנגען אויף שייטערהויפנס, אויף קידוש השם, קעגן קעניגלעכע גזירות. איז זייער אומקום געווען אַזוי ווירדיק ווי זייער לעבן, זייער אונטערגאַנג אַזוי שטאַרק ווי זייער אויפקום. אָבער איצט, אַרום דיר, אין גלות אדום, איז אַלץ אַזוי קליין און גרוי, אָן אַ גרויסן חלום, אָן גרויסע יידן, אָן געדאַנק און אָן געזאַנג. אפילו די ליידן זיינען קליינע. עס איז אַ גרויער גלות, צווישן פּראָסטע גוים, וואָס לעבן אַליין ווי אין גלות. אַזוי טראַכט אַ יונגער בעל חלומות, ווי עס טראַכטן אַלע מאָל און אומעטום יונגע מענטשן, אומצופרידענע מיט זיך און מיט זייער סביבה, וואָס מיינען אַז שענער ווי דער היינט איז געווען דער נעכטן, און גלויבן אַז שענער וועט

אויך זיין דער מאַרגן.

וואָס מער מען עלטערט זיך, מיט יאָרן און מיט וויסן, אַלץ העלער שיינען אויף די חכמי ספרד. וואָרום ווו מען קערט דעם יידישן געדאַנק, קומט מען צו זיי. די צייט פון בבל־תקופה איז געווען אַ קורצע. און די חכמים אין בבל האָבן נאָר ממשיך געווען דאָס, וואָס זיי האָבן געלערנט אין ארץ ישראל. אַנדערש איז געווען אין שפּאַניע. דאָ האָט די תורה זיך פאַרנומען אויף ברייטע וועגן, אין חברשאַפט אָדער אין צוזאַמענשטויס מיט די לערעס פון דער וועלט. יידן און וועלט האָבן זיך באַווירקט און באַקעמפט, ווי קיינ־מאָל ניט פריער און אויך ניט שפּעטער. שפּאַניע איז געווען די היים פון יידישע מחשבות אין אַלע ריכטונגען. דאָ האָט געטראַכט חסדאי קרשקש, וועמענס מחשבה עס איז טראַנס־פאָרמירט געוואָרן ביי שפּינאָזאַ'ן. און דאָ האָט אויך גע־לעבט זיין שאַרפער קעגנער רבנו בחיי. עס איז די היים געווען פון ר' יוסף אלבו און פון רשב"א.

דאָס לעבן און די געדאַנקען פון יענע יידן מיניען זיך און גלימערן און ציען, ווי עס ציען דינע, ווייטע פייערלעך אין אַ פינצטערע נאַכט. וואָרום אין אשכנז איז ווי אַ שטערנ־לאָזע, קאַלטע נאַכט, בשעת דאָרט איז געווען ליכט און וואַרעמקייט. עס קומט אויף אַ שטאַרקער געפיל אַזאַ, אַז יידיש לעבן אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און איטאַליע האָט נאָך געטראָגן אין זיך דעם אָפּגלאַנץ פון ארץ ישראל, — שוין צוליב געאָגראַפישער נאָענטקייט. עס מוז זיך טראַכטן, אַז אַזוי לאַנג ווי יידן זיינען ניט אַוועק פון די ברעגנס פון ים התיכון, האָבן זיי ניט אויפגעהערט אָטעמען די לופט פון ארץ ישראל, און זיינען ניט געווען רעכט אין גלות. די געטאָ איז טאַקע אויפגעקומען אין איטאַליע, אין ווענעציאַ, אין 16טן י"ה. נאָר אין יענע געטאָ־קוואַרטאַלן זיינען גע־קומען לעבן אויך פּאַטריצער, איידעלע און רייכע קריסטן, ווייל אין דעם יידן־קוואַרטאַל איז געווען זויבערער און שטילער. אָבער נאָר אין מזרח פון אייראָפּע לעבן יידן טאַקע אין געטאָ, אין פולער אָפּגעזונדערטקייט, פאַרהאַסטע און באַליידיקטע פון אַלע גויים.

אין שפּאַניע, אין איטאַליע און אומעטום אין יענע מקומות, האָבן יידן געשריבן גרויסע ווערק, אין די גרויסע שפּראַכן פון דעם אָרט, און אויך אין לשון קודש. זיי האָבן געשריבן שירה און פילאָזאָפיע און חכמת היהדות, וואָס מיט דעם קוויקן זיך איצט יידישע גייסטער אין מערב פון אייראָפּע, חכמים אין לאַנד פון אשכנז. אָבער אין מזרח פון

אייראָפּע זייַנען נאָר פאַראַן ייִדישע לייַדן, די פינצטערניש פון גלות, ווי פינצטער, טריב און אומעטיק דאָ איז אויך די נאַטור. דער הימל ליגט נידעריק, די לאַנדשאַפט איז פלאַך, אָן הייכע בערג, אָן טיפע טאָלן, אָן ברויזנדיקע ימים. טיפע זייַנען דאָ נאָר די וועלדער, וועלכע שרעקן, און טיף איז אויך די בלאָטע, און דער שניי, וואָס האַלט די מענטשן איינגעקוועטשט אין פינצטערע, אין קליינע, אָרעמע היימען.

און די לענדער אַרום דעם מיטלענדישן ים איז געוויס אַלץ אַזוי שיין ווי אין ארץ ישראל. און אַ יונגער ייִד, מיט גאולה־בענקשאַפט, וועמען דער גלות פאַרשעמט און באַלייַדיקט, ווייס אויף זיכער, אַז ארץ ישראל איז דאָס לאַנד פון זון און שיינקייט, ווי עס איז געשריבן און געשילדערט אין די ספרים אַלע. דאָרט איז דער הימל הייך און לויטער אין די טעג. און אין די נעכט איז ער טיף און בלוי און שטערן פינקלען ווי ברילִיאַנטן.

פון שפּאַניע און פון איטאַליע קומען אָן מאַראַנצן, וואָס מען רופט זיי אַפּעלציִנעס, וואָס אַזעלכע, און נאָך זאַפטיקערע געוויס, וואַקסן אין ארץ ישראל. יעדער אַפּעלציַן איז געוויקלט אין זייַדן־פּאַפּיר, דורך וועלכער עס זוניקט אַרויס אַ גאָלדענע הויט. די אַפּעלציִנעס רייַפט אויס די זעלבע זון, וואָס שייַנט אויך אין ארץ ישראל. פון אָט די לענדער קומען אויך העננגלעך ווייַנטרויבן, וואָס זעען אויס ווי די אויסגעשניצטע אויפן ארון קודש. ביים שטענגל אויבן זייַנען זיי אין אַ בונט, און לאָזן זיך אַראָפּ אין גלייַכע ליניעס רונד אַרום, ביז זיי פאַרשפּיצן זיך מיט אַן איינציקן ווייַנטרויב. די גרינע טרויבן האָבן געוויס די פאַרב פון ים, אַהינטער וועלכן זיי וואַקסן. און די בלויע טרויבן, ווי דער תכלת, וואָס מען האָט אַמאָל אַרייַנגעפלאָכטן אין די ציצית, טראָגן אויף זייערע סאַמעטענע הויטן דעם אָטעם פון פרימאָרגנדיקן טוי, ווי עס ווערט דערציילט אין תנך. אָט די אַלע שיינע, זיסע פּירות, וואָס מיר פאַרזוכן נאָר ראש השנה, וואַקסן אין די לענדער אַרום דעם ים התיכון. דאָרטן וואַקסן אפילו אויך אתרוגים. אַלץ אַזוי ווי אין ארץ ישראל. טאָ קען דאָך ניט געמאָלט זייַן, אַז ייִדן האָבן דאָרטן געהאַט דעם זעלבן גלות, ווי אין דער חשכות צווישן געצנדינער, אין מזרח פון אייראָפּע, וווּ ייִדן זייַנען איצט פאַרוואָגלט...

(אַ סך יאָרן זייַנען פאַרפלאָסן, ביז דער גורל האָט צונויפגעפירט אויף איין אָרט אַ סך טיילן פון דער ייִדישער גלות־מאַזאַיק, — כּדי צו צעברעכן די מאַזאַיק.

עס איז געווען אין דאַכאַו. דאָ האָבן זיך צונויפגע־

טראָפּן אַ סך ייִדישע שבטים, עדות פון פֿאַרשיידענע לענ־דער. גייט מען אַרום צווישן די עדות אַלע, מיט שוואַכע קני, אָבער ווי אַ באַרוישטער. אַט זיינען זיי, ייִדן פון גאַנץ אייראָפּע, מיט פֿאַרשיידענע לשונות און מנהגים, אַפּט פֿרעמדלעכע, אָבער אַלע ייִדן, אין איין ייִדישן גורל. אָט איז אויך דער שבט ספרדים, פון מקומות וועלכע זיינען דאָן געווען פאַר אַ מזרח אייראָפּעאישן ייִדן ווייטע. זיי זיינען אָבער נענטערע צו ארץ ישראל, אין שטח און אין הנהגה. זיי קומען פון סאַלאָניקי, וואָס געהערט האָט מען אַז דאָרטן זיינען ייִדן טרעגער אין פּאָרט, טרעגער אַזעלכע וועלכע היטן שבת, און דערפֿאַר איז דער פּאָרט שבת פֿאַר־מאַכט. דאָס אַליין זאָגט שוין, אַז די ייִדן זיינען דאָרטן גאָר אַנדערע. און אָט זיינען ייִדן פון ציפּערן — וואָס איז שוין גאָר מיטן האַנט צו דערלאַנגען קיין ארץ ישראל. און אַלץ וואָס איז נענטער צו ארץ ישראל, איז נענטער פאַר אַ ייִדן. און עס געפינט זיך אַיין אפילו אַ ספרדי פון מאַראָקאָ. און ייִדן פון איטאַליע — געוויס אָפּשטאַמיקע פון די גולי ספרד, פון די דן׳ס, די אברבנלס, פון אנוסים, אַנטלאָפענע פון דער אינקוויזיציע — און אַ גרעסערע אינקוויזיציע האָט פֿאַרכאַפּט זייערע אייניקלעך, פינף הונדערט יאָר שפּעטער. דער גלות פירט אַ חשבון, און לאָזט קיינעם ניט אַנטרינען.

זאָגט אין דאַכאַו אַ יונגער ייִד פון רוים, אַן איינגע־בראָכענער אין גוף: „איך וועל עס ניט אויסהאַלטן. עס איז ניט די מאַטערניש און דער הונגער וואָס צעבראָכן מיר, נאָר דער דראָט אַרום לאַגער, די באַליידיקונג פון פאַר־שקלאַפונג. די מזרח אייראָפּעאישע ייִדן איז לייכטער; זיי זיינען געוווינט געוואָרן צו טראָגן דעם גלות־יאָך מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ. דאָס איז זייער גבורה. אָבער איך בין אַ ספרדי, און איך בין געבוירן געוואָרן פריי, געלעבט פריי; איך קען די פאַרשקלאַפונג מער ניט טראָגן“.

אויף וויפל זיינע ווערטער האָבן דאַן ניט ווי געטאָן, — האָבן זיי אָבער אויך פּאָרט געמוטיקט; זיי האָבן געגלעט דיין שטאָלץ, באַרעכטיקט אַ גלויבן פון יוגנט אָן, אַז דער שבט ספרדים איז טאַקע גאָר אַן אַנדערער, ווי אָט די אשכנזים פון מזרח אין אייראָפּע. ווייל אין זיי ריזלט נאָך דאָס הייסע בלוט פון ייִדישע פּריוויליטס־קעמפער; אין זייער זכרון לעבט נאָך די גאָלדענע עפּאָכע פון שפּאַניע, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל טיפע טראַכטערס און לויכטיקע זינגערס, גאונים און פּאָעטן; זיי טראָגן נאָך אין זיך דעם

יחוס־שטאַלץ פון די גולי ספרד, פון די וועלכע האָבן צוריקגעשליידערט שמד און צלם).



אַזוי האָט געשריבן איינער פון די גדולי ספרד, דער רשב"ץ (ר' שמעון בן צמח דוראַן. געב. 1361): יהודי אשכנז מובדלים מן העולם החיצוני על ידי קיר ברזל של אכזריות. מרגישים עצמם ככבשה בין שבעים זאבים. לפיכך הרבו להוסיף גדרים וסייגים, להבדיל עד כמה שאפשר מן הסביבה העוינת: „די יידן אין אשכנז זיינען אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער אַרומיקער, פיינטלעכער וועלט, ווי מיט אַן אייזערנע וואַנט. זיי פילן זיך ווי אַ שעפעלע צווישן זיבעציק וועלף. דערפאַר האָבן די יידן דאָרטן גענומען אויף זיך דינים און מנהגים אַ סך, וועלכע זאָלן זיי איינהיטן, אויף וויפל מיגלעך, פון דעם פיינטלעכן אַרום". פון דעם איז קלאָר, אַז יידן אין שפּאַניע, אַפילו צו יענער צייט, אין אָנהייב 14טן יאָרהונדערט, ווען יידן דאָרטן האָבן געליטן שווערע רדיפות, איז זייער לאַגע נאָך אַלץ געווען אַ בעסערע ווי די אין אשכנז, און די ספרדישע יידן האָבן געוווּסט וועגן דעם. און זיי האָבן באַדויערט דעם פאַקט, וואָס יידן דאַרפן לעבן אָפּגעזונדערט, אין פיינט־שאַפט פון אַרום. אָבער מיר האָבן דאָ אויך די דערקלערונג פון אַ פוסק אין הלכה, אַז אַ סך אָנגענומענע און באַגרע־נעצנדיקע דינים זיינען נויטיק געוואָרן נאָר צוליב דער אַרומיקער אכזריות. און אַזוי טאַקע האָט געשריבן אַן אַנדער פוסק פון יענער צייט, אין איטאַליע, ר' יוסף קולן (שו"ת מרי"ק, שורש פ"ח): אין הישראלי מחוייב להשתנות מן הגוי כלל. אין שום איסור ללבוש הנהוג בין הגויים: „אַ ייד איז ניט פאַרפליכטעט זיך צו אונטערשיידן (אויסערלעך) פון זיין אַרום. עס איז ניטאָ קיין פאַרבאָט זיך צו קליידן לויט דעם אַלגעמיינעם (קריסטלעכן) שטייגער". אין די רייד פון רשב"ץ איז פאַראַן אויך אַ כמו פאַרוואָרף אויפן חשבון פון די יידן אין אשכנז, הלמאי זיי שטעלן זיך ניט קעגן די רדיפות. אין שפּאַניע און אַנדערע ספרדישע קהילות איז דאָס געווען אַ לאַנגע צייט אַנדערש; זיי האָבן געקעמפט, ניט נאָר קעגן בלבולים, נאָר אויך קעגן די אידייען פון קריסטנטום. אַזוי האָט געטאָן ר' חסדאי קרשקש, אין זיין ספר „בטול עיקרי הנוצרים" (געשריבן אין אַראַביש. איבערזעצט אין לשון קודש פון

זיין תלמיד יוסף בן שם טוב). אזוי האט געטאן — אויך אין אפענעם מינהלעכן דיספיוט — ר׳ יוסף אלבו. און ר׳ יוסף בן שם טוב (זון פון מקובל שם טוב בן שם טוב) האט געשריבן: הנצרות הוא חלימת הגויים וחרפת ערלים: דער קריסטנטום איז די שאנדע פון די פעלקער און די חרפה פון די אומבאשניטענע״. פאר אט די שטאלצע, הארבע און אפענע רייד איז ער אומגעקומען אויף קידוש השם. אבער אזוי האבן יידן אין שפאניע געקעמפט פאר די אידייען פון יידנטום, אויפנעמענדיק דעם ארויסרוף פון קריסטנטום (און נאך שטארקער קעגן די קראים, קארעאימער). א סך האבן באצאלט פאר דעם מיטן לעבן. זיי האבן פארטיפט דעם געדאנק פון קידוש השם, געווען וויליג אפצוגעבן דאס לעבן אין עקזאלטירטער אמונה (ישראל מצוין על קדוש השם — ירושלמי, סנהדרין כ״א).

די גרויסע תקופה פון ספרדישן יידנטום האט זיך אפגעשפילט אין קנאפע פיר הונדערט יאר, פון 10טן ביז 15טן יארהונדערט. זי איז געווען שיין און גרויס און אל־זייטיק, און איר ווירקונג איז געבליבן באשטאנדיק. עס לאזט זיך טראכטן, אז נאר אדאנק די גייסטיקייט פון אט דער תקופה האט יידנטום איבערגעלעבט אין גלות. און געוויס האט אט די תקופה עס פארזיכערט, אז עס זאל קענען געשען, פינף הונדערט יאר שפעטער, דער צוריקער פון יידן אין ארץ ישראל. (ספרדישע יידן האבן אויך גע־לייגט דעם יסוד פארן יידישן ישוב אין אמעריקע). און דאס איז ניט געווען קיין צייט פון מאסן אויסדרוק, ווי יידישקייט האט עס געהאט אין מזרח פון אייראפע. די ספרדישע קהילות זיינען געווען קליינע, אויך אין זייערע בעסטע צייטן, און זיי זיינען בסדר דורכגעגאנגען שווערע פאר־פאלגונגען, אויך פאר דער אינקוויזיציע. ניט געווען ביים ספרדישן יידנטום קיין גרויסע ישיבות, לויטן פארנעם פון בבל און, שפעטער, אין מזרח אייראפע. נאר איינציקע גרויסע גייסטער האבן באשטימט דעם גאנג און דעם אויסזען און די בלייבהאפטיקייט פון דער עפאכע. אבער די איינציקע זיינען געווען קאראפייען, גייסטיקע ריזן אין תורה און אין וויסנשאפט, פילאסאפן און מעדיקער, פאעטן, פייטנים און אויך פראקטישע טוערס, היסטאריקערס און וויזארן ביי מלאכים, אסטראנאמען, קארטאגראפערס, מאטימאטיקער, לאגיקער, פרשנים, אויסטייטשערס פון דער תורה, פילאלאגן, גראמאטיקער, בעלי דקדוק, בעלי קבלה, מחשבי קץ, טראכטערס, זינגערס און זעערס. נאר

דער ספרדישער יידנטום האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע אַלזייטיקע גדולים, ביי וועמען עס האָט זיך האַרמאָניש געפּאָרט תורה מיט וויסנשאַפֿט, ראַציאָנאַליזם און קבלה, שירה און מעשים.

עס איז די ערשטע תקופה אין דער יידישער געשיכטע וואָס האָט אַריינגענומען פּאָעזיע ווי אַ גרונטיקן באַשטאַנד אין דער יידישער קולטור־שאַפונג (אין אשכנזישן יידנטום האָט זיך עס שפּעטער איבערגעטראָגן אין יידיש, וואָס איר ליטעראַטור צייכנט זיך אויס מיט פּאָעטן און וויכטיקע פּאָעטישע שאַפונגען. און די פּאָעזיע אין שפּאַניע האָט געהאַט אַ דירעקטע ווירקונג צום אויפקום פון דער מאָ־דערנער העברעאישער פּאָעזיע און פון דער העברעאישער ליטעראַטור בכלל). די שירה פון דער תקופה האָבן רעפּרעזענטירט, בעיקר, אירע דריי גרויסע פּייטנים: שלמה איבן גבירול, דורך זיינע האַרציקע תפילות, משה איבן עזרא און רבי יהודה הלוי, וועמענס „ציון, הלא תשאלי לשלום אסיריך" האָט אויפגעפּיבערט גאולה־דאָרשטיקע הערצער דורך אַלע יידישע ישובים און דורות. די דריי האָבן געלעבט אין דער זעלבער קולטור־ספערע און, בערך, אין זעלבן יאָרהונדערט.

ספרדישער יידנטום אין דער צייט האָט פאַרמאָגט די גרויסע תורה־מפרשים, דענקערס און קעמפערס פאַר יידישקייט — טאַקע אַלע די דריי זאַכן צוזאַמען: אברהם אבן עזרא, מיט זיינע פילאָסאָפישע אויסטייטשונגען פון דער תורה; אברהם איבן דאוד, מחבר פון „ספר הקבלה" און פון „אמונה רמה" (אומגעקומען אויף קידוש השם); ר' חסדאי קרשקש, מחבר פון „אור ה'", וואָס אין זיין פילאָסאָפישער שיטה איז ער אַרויס קעגן אַרעסטאָטל, און בעיקר קעגן די זעלבע אידייען ווי זיי קומען צום אויסדרוק ביים רמב"ם, און וואָס זיין לערע זאָל האָבן געהאַט אַ קאַנטיקע השפעה אויף שפּינאָזע'ן; ר' יוסף אלבו, מחבר פון ספר „העיקרים", וואָס האָט געגעבן יידישקייט אַ סך גייסטיקע אַנהאַלטעוודיקייט, אין זיין צייט און אַ סך דורות שפּעטער.

אָבער די סאַמע גרויסקייט פון ספרדישן יידנטום איז געקומען צום אויסדרוק און געבליבן אייביק דורך די פּוסקים פון דער תקופה, די גדולי ישראל, ווי דער רי"ף (ר' יצחק אלפסי), דער לויכטיקער רמב"ם, דער רמב"ן, דער רשב"א און דער רא"ש. אַרום זיי, מיט זיי, זיינען געווען נאָך הונדערטער וויסערס און קענערס און שעפערש

(דער ראב״ד, אין „ספר הקבלה״, זאָגט וועגן דער צייט פון אָנהייב 12טן י״ה, אַז עס זיינען דאַן געווען אין שפּאַניע „אלף אלפים חכמים קדושים״, טויזנטער יידישע געלערנטע אין אַלע צווייגן פון חכמה. אָבער דאָס איז געוויס נאָר אַן אויסדרוק פון באַגייסטערונג — אַ באַרעכטיקטע — פאַר דער תקופה). ר׳ יוסף קרו האָט זיך געשטיצט אין „שולחן ערוך״ אויף די דריי פוסקים, וועלכע ער רופט די דריי זיילן פון הלכה: דער רי״ף, דער רמב״ם און דער רא״ש. דורך דעם איז געקומען די מזיגה, די בריק צווישן ספרדישן און אשכנזישן יידנטום, ווייל דער רא״ש (ר׳ אשר בר׳ יחיאל) איז געווען אַן אשכנזי, וואָס האָט, שפּעטער, געלעבט אין טאָלעדאָ. ער איז געווען דער סאַמע בעסטער אויסדרוק פון תורהדיקן יידנטום אין אשכנז, אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. ער איז געווען אַ תלמיד־חבר פון מהר״ם. ווען רבי מאיר פון רוטנבורג איז אַרעסטירט געוואָרן, אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין תפיסה, האָט דער רא״ש געמוזט אַנטלויפן און ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין טאָלעדאָ. אויך דאָ האָט ער זיך געפירט אין אַ סך מנהגים לויטן דרך פון די חכמים אין אשכנז, ווייל אַ טייל מנהגים פון די חכמי ספרד זיינען אים ניט געפעלן געוואָרן. אָבער אין זיינע פילצאָליקע ספרים, פסקים אין הלכה, האָט ער אָנגענומען מיינונגען וועלכע עס האָבן אַרויסגעבראַכט פריערדיקע, ספרדישע תלמידי חכמים. מיט אַט דער תורהדיקער פאַרבינדונג זיינען ביידע טיילן פון יידנטום געוואָרן נענטער; די תורה האָט פאַרבונדן דאָס פאָלק, און די שטרעבונג צו גאולה, וואָס איז געווען שטאַרק אַפילו ביי די ראַציאָנאַליסטישע גדולים פון ספרד, און וואָס איז געקומען צום בעסטן אויסדרוק מיט דער עליה קיין ארץ ישראל פון רמב״ן, האָט זיך אויך אויסגעווירקט ביים אשכנזישן יידנטום. עס האָט אָנגעהאַלטן די גייסטיקע און נאַציאָנאַלע ראַם פון איין פאָלק, דורך אַלע גלותן, ביזן באַנייטן גרויסן צוריקקער קיין ארץ ישראל, וואָס שטעלט ווידער צוזאַמען די צעפּיצלטע מאָזאַיק פון דער אומה.

# א

דער גלות האָט אַרויפֿגעצוווּנגען געאָגראַפֿישע גרענעצן, וועלכע האָבן אָפּגעטיילט איין ייִדישן ישוב פֿון אַ צווייטן, אָבער דאָס פֿאָלק האָט זיך אַלע אַלע באַמיט אַריבערגיין די דאָזיקע באַריערן, איינגעשטעלטע צווישן מדינות, און איינהאַלטן בריקן צווישן די ייִדישע ישובים. אין דער צייט פֿון ערשטן ביזן צווייטן חורבן, ווען גרויסע פֿאָלקס־טיילן האָבן זיך שוין געפֿונען אין בבל און מצרים, איז ארץ־ישׂראל נאָך אַלץ געווען די גייסטיקע מעטראָפּאָליע, און איר דין האָט געגאָלטן אויך פֿאַר די גלותן. שפּעטער, נאָכן צווייטן חורבן, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק איז שוין געווען אין גלות, — צעטיילט דורך גרענעצן פֿון פֿײַנטלעכע פֿעלקער און לענדער, וועלכע האָבן געפֿירט מלחמות — אויך דאַן זײַנען ייִדן געבליבן אין אַ גרויסע מאָס פֿאַראייניקט, — דורך געזעצן און אַ לעבנספֿיר, זיך אונטערוואַרפֿנדיק די אויטאָריטעטן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין איינעם אָדער מערער צענטרען, אַפֿילו ווען דער דאָזיקער צענטער איז ניט דווקא געווען אין זעלבן לאַנד וווּ די גולים האָבן זיך געפֿונען. געווען צײַטן ווען די גייסטיקע פֿאָלק־פֿאַראייניקונג־מעטראָפּאָליע איז געווען אין יבנה, פּומבדיתא, אַלעקסאַנדריע, טאָלעדאָ, און ייִדן פֿון אַלע גלות־לענדער האָבן זיך צוגעהערט צו די אויטאָריטעטן פֿון די דאָזיקע ערטער.

אַ ביז גאָר בולטער באַווײַז, פֿאַרן ווילן פֿון פֿאָלק צו זײַן פֿאַראייניקט, איבער אַלע געאָגראַפֿישע צעטיילונגען, קען דינען דער פֿאַקט פֿון די ועדים, אין 16טן י״ה, ווען קהילות פֿון באַזונדערע שטחים — פּוילן, פּאָדאָליע, וואָלין און ליטע — האָבן קאָאָרדינירט זייער קהילה־לעבן, אין באַוווּסטזײַן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ געמיינזאַם פֿאָלק, מיט אַ פֿאַראייניקטן לעבנספֿיר און אינטערעסן, טראָץ זייער צעטיילטקייט צווישן פֿאַרשיידענע פֿעלקער. דער דאָזיקער ווילן, צו זײַן גייסטיק פֿאָלק־האָמאָגען, איז אָבער ניט אַלעמאָל — און נאָר טיילווײַז — געקרוינט געוואָרן מיט דערפֿאָלג. ייִדן זײַנען ניט געווען קיין אויסנאַם פֿאַרן געזעץ

פון ווירקן און באַווירקט ווערן. יעדער יחיד און כלל איז משפיע און ווערט באַווירקט אין און פון דער סביבה. זיינען אויך יידן באַווירקט געוואָרן פון דעם באַזונדערן אַרום, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען. אָבער יידן האָבן געקעמפט קעגן די אַרומיקע השפעות. און אַט אַזוי, ווערנדיק באַווירקט פון דער סביבה און אין קאַמף ניט אויפצוגעבן זייער באַזונדערקייט, האָבן זיך אויסגעפורעמט ספּעציפישע שטריכן און סאָציאַל־גייסטיקע אַנדערשקייטן, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק בולט געמאַכט, ביז דאָס פאָלק האָט אָנגעפאַנגען באַצייכנען די דאָזיקע באַזונדערע שטריכן, ווי „דייטשער ייד“, אָדער גאָר, מיט שפּאָט „יהודי“, „יעקע“; „אָלרייטניקעס“ — די איבערגעוואַנדערטע יידן אין די נייע וועלט־טיילן — און אַזוי זיינען אויך די ליטווישע יידן באַצייכנט געוואָרן מיטן שם הכולל „ליטוואַקעס“. ובכן, וויבאַלד די סביבה און דער קאַמף זיך נישט צו לאָזן פאַרשלינגען דורך איר האָט עס אַרויפגעדריקט דעם באַזונדערן שטעמפּל אויף די באַשטימטע פאָלק־טיילן, מוז מען, אין ווילן צו פאַרשטיין די סאָציאַל־גייסטיקע ספּעציפישקייט פון אַ באַשטימטן פאָלק־טייל, קודם פאַרשטיין דעם אַרום, די סביבה, וווּ דער דאָזיקער פאָלק־טייל האָט געקראָגן זיינע באַזונדערע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, און אויף וויפל די געאָגראַפיע פון אָרט האָט געהאַט אַן איינווירקונג אויף דעם כאַראַקטער און אייגנשאַפטן־געשטאַלטונג פון דעם אָרטס באַוווינער.

דורך אַט די דריי קענצייכנס — אויסווירקונג פון דער סביבה, קאַמף קעגן באַווירקט ווערן פון איר, און די ספּעציפישע געאָגראַפיע פון אָרט — דאַרף זיך לאָזן אויך דערקענען דער כאַראַקטער פון „ליטוואַק“, דעם ייד פון ליטע לאַנד.

## ב.

ווען מען רעדט וועגן ליטווישן יידנטום, מיינט מען ניט נאָר די יידן וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אויפן שטח פון דער זעלבסטשטענדיקער ליטווישער טעריטאָריע, זינט 1918, נאָר די אַלע וועלכע זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטערן יידישן באַגריף „ליטווישער ייד“, ווי ווילנער, וועמענס שטאָט ס'האָט געטראָגן דעם נאָמען ירושלים דליטא (וועמען זלמן שניאור האָט אָנגערופן, אין זיין געזאַנג צו ווילנע: ירושלים פון צפון); די יידן פון גראָדנער און ביאַ־

ליסטאָקער קרייז, וועלכע זיינען געבליבן באַצייכנט, אפילו נאָך 1918, אין מויל פון די א״ג גרויס־פּוילישע יידן: ליטוואַקעס.

ליטע איז געווען אַ פלאַכער שטח, אָן באַזונדערע נאַטור־שיינקייטן. די פיר יאָר תקופות האָבן זיך געביטן שווער, מאָנאָטאָן; די איבערגאַנגען פון איין תקופה צו דער צווייטער האָבן זיך געצויגן לאַנג און גרוי. אַ לאַנד אָן אַ ים, במילא אָן אַן אימפּעטיקן האַנדל. מענטשן פון דאָזיקן לאַנד קומט ניט אויס צו אַוועקשווימען אין ווייטע לענדער, דורך ריזיקע, און ברענגען צוריק דעם אָטעם פון ברייטע צע־צויגענע ימים, פון ווייטע ערטער. אַ לאַנד פון קליינע אָזערעס און שמאָלע טייכן. אַן אידיליע פון שטילע, פאַר־חלומטע פעלדער. טיפע, שרעקנדיקע וועלדער. די דערפער זיינען קליינע, מיט פרימיטיווער פאַרבינדונג. ניטאָ קיין גרויסע שטעט. ווירקט די געאָגראַפיע אויף דעם כאַראַקטער פון אירע איינוווינער. קומט אויף אַ רואיק פויערים פאָלק, אָן העראָאיק, אָן שווער־בלוטיקע קאַמפן, אַ מאַסע וואָס האָט כמעט ניט קיין אייגענע געשיכטע. קומען אונטערדריקונגען — לאָזן זיך די מענטשן באַצווינ־גען פון זיי; בלייבן יאָרהונדערטער פאַריאָכט, אָן אַ שאַרפן ווילן צו קעמפן פאַר זעלבסטשטענדיקייט. אָן פאַרוואָרצלט־קייט פון שפּראַך און אָן אַ סימן פון קולטור. אַ פויערים־פאָלק אין אָרעמקייט, אין דחקות, וואָס שלעפּט געדולדיק דעם דאָזיקן שווערן יאָך.

איבער זעקס הונדערט יאָר זיינען יידן געזעסן ביי די ברעגן פון ניעמאַן און ווילִיע. איינגעלאַדן געוואָרן ווי סוח־רים און בעלי־מלאכות, כדי אַנטוויקלען דאָס לאַנד, האָבן זיי די איינלאַדונג־תנאים דערפילט: געבראַכט אין דער פאַרגליווערטקייט יידישע באַוועגונג, קליין האַנדל, פאַר־לייגט פאַרבינדונגען צווישן די דערפער, איינגעשטעלט מערק, געטאָן אַלע מלאכות, געבראַכט בילדונג און געווען אַ ביישפּיל מיט זייער רעליגיעזן, קולטורעלן און סאָציאַלן לעבן. אָבער יידן זיינען אויך באַווירקט געוואָרן פון דער נאַטור און פון די אַרומיקע מענטשן. קומען אויף יידן מיט געדולדיקייט, מיט רואיקייט, לעבן בטחונדיק, אַז אַלץ וועט געשען ווי ס׳באַדאַרף, יידן וואָס טראָגן מיט פאַר־שטילטער עקשנות דעם יאָך און דעם גורל. ווי די נאַטור און די סביבה אָטעמען מיט שטילקייט, אַזוי אָטעמט און לעבט אויך דער צוגעקומענער ייד. אָבער העכער פון זיין אַרומיקן מענטשן איז דער ייד געווען, דערמיט וואָס ער איז

אַהער געקומען מיט געזעצן און מיט יאָרהונדערטער פֿאַר־וואָרצלטער ירושה־קולטור. האָט ער די דאָזיקע ירושה קאָנסערווירט, איינגענעסטיקט אין זיין האַרץ און אין ווינקל פֿון בית־המדרש, וואָס ער האָט דאָ באַלד מיט זיין קומען אויפֿגעשטעלט, ווי אַ שוץ קעגן דער אַרומיקער אָפּגעשטאַנענקייט. ער האָט געעפֿנט תלמוד־תורה׳ס, ישי־בות, חברות פֿון גמרא, משנה, געלערנט „עין יעקב“, „מנורת המאור“, „חיי אדם“, געזאָגט תהלים, געלערנט, געשיקט זיינע קינדער לערנען, אַבי ראַטעווען זיך און זיי פֿון דער אַרומיקער פֿאַרגרעבטער סביבה. און ביים יידן אַליין — אין ווילן צו אַנטלויפֿן פֿון זיין אַרום — זיינען אויפֿגעקומען רבנים, גאונים, און די תורה איז דאָס גייסטיקע פֿאָטערלאַנד. דער ציל איז געווען לומדות, קענען, וואָס מער תורה־וויסן. דער ליטווישער ייד, ווי אַלע יידן, האָט אויך געדאַוונט, אָבער מער פֿון דעם האָט ער געלערנט. לערנען איז געווען דער עיקר, ווי אַ באַריער קעגן אַרומיקער קולטורלאָזיקייט. און אָט אַזוי איז אויפֿגע־קומען דער ליטווישער למדן, — אַ פֿאַרפֿאַנצערטער אין דינים און אַ „טרוקענער“ קולטור מענטש, וואָס דאָס עצם לערנען איז, נאַטירלעכערהייט, דערגאַנגען ביי אים צום סאַמע תכלית.

ג.

צוליב דער זעלבער סיבה, צוליב דער ליבשאַפֿט צו לערנען, ווי אַ באַריער קעגן קולטורלאָזן אַרום, האָט אויך די השכלה באַוועגונג אין ליטע זיך אָנגעשטויסן אויף קלע־נערער קעגנערשאַפֿט ווי אין אַ סך אַנדערע ערטער. אָפֿט האָט געהאַט דער מתנגד און משכיל אַ קולטור־פֿאַרבינדע־טן קעגן עם־הארצות. אברהם מאַפּו, יהודה ליב גאָרדאָן, זייערע מיטגייער און נאָכגייער האָבן אָנגעטראָפֿן אויף אַקטיווער קעגנערשאַפֿט צו זייער השכלה. דאָך זיינען זיי געווען איינגייער און געאַכט אויך אין די רבנישע קרייזן. און נאָר אין ליטע האָט דאָס געקאָנט געמאָלט זיין, אַז אַן אַרבעטער־דיכטער — אברהם רייזען — זאָל שרייבן אַן עלעגיע, אַ הספּד־ליד אויף אַ רב, אויף ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, דעם קאָוונער רב. מתנגד און משכיל האָבן זיך באַקעמפֿט, מיט פֿאַרמעסט פֿון למדישער פּקחות, מיט אַ וואָרט און אַ ווערטל, אָבער זיי האָבן זיך ניט געהאַסט. די ביכער פֿון די משכילים, וועלכע האָבן אויסגעלאַכט און

באַקעמפט געוויסע רבנים, חומרות און מנהגים, האָבן אָפט געלייענט אַפילו די רבנים, שוין אָפגערעדט פון סתם רע־ליגיעזן פאָלק. ווייל די שפּראַך אַליין — לשון הקודש, העברעאיש — איז ליטווישע יידן געווען אינטים־נאָענט; עס איז געווען די גייסטיקע שפּראַך, פון חדר און ישיבה, פון בית המדרש און פון שרייבן אַ בריוו, — און ווען אַפילו דער בריוו איז געשריבן געווען אין יידיש, איז דער אָנהייב, דער אַריינפיר פון בריוו אָפט געווען מיטן לשון פון חומש און פון משנה, דאָס לשון וועלכן עס האָבן געניצט די משכילים. דערפאַר אויך האָט אין ליטע, שוין אין דער זעלבסטשטענדיקער, זיך אַזוי אַ צעשפּרייט געטאָן דאָס העברעאיש לשון אין אַלע שטעט און שטעטלעך, מער ווי אין אַנדערע ערטער פון מזרח־איראָפּע: אומעטום פאָלקשולן, פּראָגימנאַזיעס, לערער־סעמינאַרן, אין זיי העברעאיש ווי די לערן־שפּראַך. און דאָס אין האַרמאָניע מיט די יידיש־וועלטלעכע שולן פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט די וועלט־באַרימטע ישיבות. ווייל אַלץ וואָס איז געווען קולטור און וויסן האָט דער ליטווישער ייד געשמידט ווי אַ פּאַנצער אַרום זיך. האָט זיך דערפאַר אויך אַזוי וווּנדערלעך אַקלימאַטיזירט ביי די ליטוואַקעס דאָס יידישע לשון, געשליפן און געפיינערט גע־וואָרן, ביז דווקא דער דאָזיקער צאָל־ווייניקער קיבוץ האָט ווכה געווען אַז זיין אויסלייג און רייד־דיאַלעקט זאָל אָנגע־נומען ווערן אַלס דער סאַמע ליטעראַרישער. דאָס האָט געוויס אויך מיטגעווירקט, אַז דער יידיש וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייוו״אָ) זאָל געבויט ווערן אין זיינע תחומים, אין ווילנע — און ניט אין דער גרויסער יידישער וואַרשע. (יאָרנלאַנג האָט י. מ. וויסנבערג, דער קרעפטיק פּויליש־יידישער דערציילער, געקעמפט פאַרן אייגענעם וואַרשע־ווער אויסלייג אין דער ליטעראַטור און ס'האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, אפילו ניט אין זיין אייגענער וואַרשע). ז. סעגאַלאָוויטש, קומענדיק קיין קאָוונע פון דער גרויסער יידישער וואַרשע, האָט מיט פּיעטעט און פרייד געשריבן, אין זיין בוך „געבערענטע טריט״, וועגן וווּנדער פון יידיש אין ליטע, ווי פול די דאָזיקע שפּראַך איז געווען, אין בית המדרש, אויפן מאַרק, אין אוניווערסיטעט, אין קאַפע, דאָס לשון פון פאָלק און פון דער אינטעליגענץ.

אַזוי איז אויך אויפגעקומען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ליטע, געבויט און באַגלייט פון יידישע קול־טור־אינסטיטוציעס. געוויס האָט דאָ דער יידישער אַרבע־

טער געהאַט זייַנע סאָציאַלע אינטערעסן און קאַמפן, ווי אין דער גאָרער וועלט. אָבער סאָציאַליזם ביים יידישן אַרבעטער אין ליטע האָט געהאַט טיפע באַוווסטזיניקע וואָרצלען אין נביאישן יושר, אין אייביקע יידישע שטרעבונגען פאַר אַ גערעכטערער, ערלעכער וועלט. און אפשר האָט אויך דערפאַר דער סאָציאַליזם ביים רוב יידישן אַרבעטער דאָ זיך אַזוי נאַטירלעך האַרמאָנירט מיט ציוניזם.

די דאָזיקע אַלע אייגנשאַפטן זייַנען געקומען צום ליטוואַק, ווערנדיק באַווירקט פון אַרום און, בעיקר, אין ווילן זיך ניט צו לאָזן באַווירקן איינגאַנצן. אַדאַנק דעם ניט וועלן זיך לאָזן באַווירקן, אין קאַמף קעגן אַסימילאַציע, איז אויפגעקומען דער ליטווישער למדן. דאָס האָט אויך געהאָלפן דעם אויפקום פון השכלה, עס האָט זיך פאַרוואָרצלט העברעאיש, אויסגעכאַוועט געוואָרן יידיש, און ס'האָט געלייגט דעם שטעמפל אויפן רוב יידישע אַרבעטער. די אומראָמאַנטישע נאַטור האָט געוויס צוגעווירקט צו דער פאָרמירונג פון „טרוקענעם" מוח, פון „צלם־קאָפּ", און לומדות האָט אויסגעשאַרפט דעם שכל, דעם קאַלטן מתנגד.

אָט די אייגנשאַפטן פון ליטווישן יידנטום האָבן ניט דערלאָזן, אַז דאָ זאָל זיך אָננעמען דער חסידותער עקסטאַז, וואָס איז געקומען פון די קאַרפּאַטן בערג, מיט דער התגלות פון בעל שם טוב. פאַר „טרוקענע" לומדים איז געווען שווער אויפצונעמען דעם דאָזיקן דרך, וואָס דריקט בעיקר אויף אמונה. ווייל די אַרומיקע, ניט יידישע סביבה האָט זיך אויך געשפּייזט מיט גלויבן נאָר, וואָס איז געווען פול מיט אַבערגלויבנס, זועגן רוחות, שדים, כל המינים גייסטער. און דער למדן האָט זיך דאָך פאַרפּאַנצערט מיט תורה קעגן אָט דעם אַרום. אָבער אויך די מאַסן, אפילו די עמי הארצים, האָבן אַלץ געטאָן כדי זיך ניט פאַרמישן מיטן אַרום און כדי זיין וואָס ווייניקער ענלעך צום אַרום — דווקא ווייל זיי זייַנען געווען אַזוי נאָענט צו אים, פיזיש, און ניט מיט קיין סך מדרגות העכער פון אים גייסטיק. די ברייטע מאַסן זייַנען ניט געווען קיין לומדים, אַפילו וויַיט פון זיין וויסנדיקע אין יידישקייט. אָבער דער דינער שיכט לומדים האָט דאָמינירט, גייסטיק און פּאַקטיש, און צו זיי האָבן די מאַסן אַרויפגעקוקט. דאָס לערנען תורה איז געווען ווערטיק און חשוב, „די בעסטע סחורה". און דערפאַר נאָר איז מיגלעך געוואָרן, אַז אַזאַ קליינער הייפל

יידן, הונדערט טויזנט אין די שפּעטער־איינגעשטעלטע גרענעצן (אָדער אפילו לויטן יידישן באַגריף פון „ליטוואַק״, וואָס האָט איינגעשלאָסן אויך ווילנע און גראָדנער גובער־ניע, ווייניקער ווי אַ מיליאָן יידן), זאָל האָבן אַזאַ השפעה און אויסווירקונג אין גייסטיקן לעבן פון פאָלק. דער גרויסער דרך ארץ פאַר לערנען וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט, האָט עס מיגלעך געמאַכט די אויסנאַמ־לעכקייט און די השפעה פון ליטווישן יידנטום. און דערפאַר, ווייל די לומדים האָבן ניט תופס געווען און ניט אָנגענומען דעם דרך פון חסידות, האָבן די מאַסן זיי נאָכ־געטאָן, הגם, אין גרונט, האָט חסידות געדאַרפט אַפּעלירן צו זיי. האָט חסידות זיך איינגעוואָרצלט אין דרום פּאָדאָליע, וואָלין, טיף אין ווייסרוסלאַנד, אין גרויס פּוילן, דערגאַנגען צו די גרענעצן פון ליטע, און אין ליטע גופא זיך ניט אָנ־גענומען. עס איז געווען, צו ערשט, די קעגנערשאַפט פון ווילנער גאון, דער געשטאַלטיקער און פאָרבילד פון לומ־דות, וואָס האָט דאָ ניט דערלאָזן דעם אויפקום פון חסידות. און שפּעטער זיינען עס געווען זיינע תלמידים און פאַר־ערערס — אויך צווישן פּשוטן פאָלק, וועלכע האָבן, אין ערפורכט פאַרן גאונס נאָמען און זיין ווילן, זיך געהאַלטן ביי זיין שיטה. ערשט יאָרן שפּעטער איז אַ לערע פון חסידות אַריינגעדרונגען אויך אין ליטע, דאָס איז געווען די שיטה פון חב״ד.

ד

חב״ד — חכמה, בינה, דעה — איז געווען אַן אָפּגע־צווייגטע אידיי אין אורשפּרינגלעכן חסידות. דער באַ־גרינדער פון חב״ד, ר׳ שניאור זלמן מלאדי, אויסער זיין גרויסער לומדות (און אפשר אַדאַנק דעם) איז אַוועק מיט אַן אַנדער דרך ווי זיין רבי ר׳ דוב בער, און אַוודאי פון זיין רבי׳נס רבי׳ן, פון בעש״ט. די שיטה פון חב״ד, פון שכלדיקן חסידות, אויב מען קען אַזוי זאָגן, איז געווען דער האַלב־וועג, דער טרעף־פּונקט צווישן ווילנער גאון און דעם בעל־שם־טוב. דערפאַר איז אויך ר׳ שניאור זלמן געווען דער וואָס האָט אַזוי פיל כוח געגעבן צו דער־ברענגען אַ שלום צווישן ביידע מחנות, חסידים און מתנג־דים, — כאָטש ער איז געווען דער וואָס בעיקר געליטן פון מתנגדישע רדיפות. און געליטן האָט ער מער (צוויי אַרעסטן, אויפן גרונט פון מתנגדישע מסירות), ווייל

זיין גורל איז געווען דער גורל פון אַ בריק, וואָס דינט אַזאַ נוצלעכן צוועק, ווי פאַרבינדן צוויי ברעגעס (אָפט איבער אַ טיפן תהום), און דאָך איז ער ניט זעלטן דער אָנגריף־ציל פאַר ביידע עקסטרעמען. די שפּעטערדיקע מחלוקה צווישן ר׳ שניאור זלמן און די רביים אין ישראל (ר׳ מנדל וויטעבסקער) איז, ווי מען קען משער זיין, אויך ניט געווען נאָר אויפן גרונט פון די צדקה־געלטער פאַר ארץ־ישראל. די מאָטיוון זיינען געווען טיפערע, אידייאישע: די מיט־צייטלער און דירעקטע תלמידים פון בעש״ט האָבן ניט משיג געווען דעם „ליטווישן חסידות״, פון דעם ליטוואַק למדן ר׳ שניאור זלמן, וועלכער איז יאָ חסיד און יאָ רבי און דאָך באַמיט זיך צו פילטרירן דאָס געפיל דורכן שכל, ווי דאָס קומט צום אויסדריק אין זיין „תניא״. אָט די לער־נונג איז געווען אַ ווייטערדיקע פאַרטיפונג פון חסידות, וואָס האָט אין אַנהייב לגמרי פאַרנייגט דעם מענטשלעכן שכל, ווי דאָס האָט אויסגעדריקט ר׳ נחמן בראַצלעווער. חב״ד האָט געזוכט אַנצובינדן זיך צו אַ מער ראַציאָ־נאַליסטישער פילאָזאָפיע און איז געגאַנגען געפּאָרט מיט למדות, דערפאַר איז איר שיטה געלונגען איינצוברעכן אויך די פעסטונג פון ווילנער גאון, ליטע. און די דאָזיקע שיטה איז גאָר באַלד פון חסידים געקרוינט געוואָרן — אָפט ניט אָן שפּאָט — ווי אַ ליטווישע. חב״ד־„שטיב־לעך״ זיינען אויפגעקומען אין ווילנע, אין קאָוונע, גראָדנע, אין דעם גאַנצן פּאָנעוועזשער קרייז, אין אַ סך שטעט און שטעטלעך. חסידות פון נאָר התלהבות, אָן דעם רבנישן סיג לסיג, האָט אין ליטע ניט געקאָנט געדייען. די אַרומיקע סביבה איז ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר דעם. חב״ד — שכל געפּאָרט מיט דין — האָט שוין דאָ געקראָגן אַן אחיזה. אָבער פון דעם ליטווישן אייגענעם נאַטור־פּייזאַזש און קעגן דער קריסטלעכער אַרומרינגלונג איז שפּעטער אויפגעקומען אַ גאָר אַנדערע, אַן עכט־ליטווישע האַרציקע באַוועגונג — מ ו ס ר .

## ה.

אין זיווג פון אידייען, אַנטוויקלטע אין מוח־טראַכט פון דורות, ווערן געבאָרן נייע לערעס. אַלע אידייאישע זוימענס ליגן אין איין ווייט־ווייטן בראשית, ציען זייער עיקר־יניקה פון איין קוואַל. נאָר זיי זיינען זיך ענלעך, ווי מענטשן, אָבער זיי האָבן זייערע באַזונדערע שטריכן. אויף

די איסיים פארוואַרפֿט זיך אָפּט דאָס קריסטנטום און — ווי ווייט איז דער מהלך, פֿון די פרושים ציט אַ דירעקטע קייט צום ווילנער גאון. פֿון ווילנער גאון — צו זיין תלמיד ר׳ חיים וואָלאָזשינער. זאָגט ר׳ חיים אויף זיין תלמיד, אויף ר׳ יוסף זונדל סאַלאַנטער: „מיין זונדל איז אַ מענטש״. אין אַ וואָרט איז אָפּט אַ גאַנצע אידיי. ר׳ יוסף זונדלס תל־מיד, ר׳ ישראל סאַלאַנטער, בויט אויף אַ וועלט־אַנשויאונג, אַ יידיש־מענטשלעכע, אויף איין הויפּט־וואָרט: זיי אַ מענטש.

ווי ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, אַזוי אויך פֿלעגט ר׳ ישראל סאַלאַנטער, (געבאָרן 1810, אין זאַגער), אַרומגיין אַ פּאַרטיפֿטער אין זיך, שפּאַצירנדיק אין די צעשפּרייטע וועלדער, אַרום דער קליינער שטעטעלע סאַלאַנט. אין איינזאַמער באַהעפֿטונג מיט דער שטילער נאַטור האָט ר׳ ישראל זיך געוואָלט דערגרונטעווען צו השגת הבורא, פֿאַרשטיין דעם געטלעכן באַשאַף. ווי דעם בעל־שם־טוב האָט ניט באַפֿרידיקט נאָר תורה לערנען, אַזוי האָט ר׳ ישראלן ניט צופֿרידן געשטעלט נאָר „טרוקענע״ אמונה. מען דאַרף וויסן גאָט, דערפֿילן אים, דורכן פֿאַר־שטאַנד, מיט הילף פֿון דער לאָגיק, אמונה זאָל זיין אין בחינה פֿון דעת. „מוסר מאַכט ניט פֿרום — האָט שפּעטער געלערנט ר׳ ישראל מיט זיינע תלמידים, — עס העלפֿט נאָר, וויזט נאָר דעם דרך״. פֿרעגט דער בעל־מוסר: „מה חובתי בעולמי״ — וואָס איז מיין פֿליכט, אין מיין וועלט, וואָס דאַרף איך טאָן — מיטן שכל וואָס כ׳פֿאַרמאָג יאָ, אויב אפילו ניט אַלץ קאָן דער שכל משיג זיין. אַקעגן חסי־דישן געפֿאָדער פֿון גאָט, איז מוסר געקומען מיט פֿאָדע־רונגען צו זיך. און אַז די משכילים האָבן געוואָרפֿן די לאָזונג: קען די וועלט! האָט ר׳ ישראל אויסגערופֿן: קען זיך! הערמאַן כהן זאָגט: "Wozu die Frage: was ist. wenn nicht die Frage und Antwort: was soll!"

און אָט אויף דעם „וואָס זאָל״ איז געקומען דער מוסר־דיקער ענטפֿער: דו, מענטש, זאָלסט ווערן שענער, איידע־לער, מאָראַלישער, — ווייל „דאָס פּראָבלעם פֿון דער לאָגיק איז די נאַטור (מוסר האָט געזאָגט: גאָט), דאָס פּראָבלעם פֿון עטיק איז דער מענטש״ (כהן). מענטשלעכע לאָגיק האָט גרענעצן, וואָס דערלאָזן ניט צו פֿאַרשטיין די דרכים פֿון דער געטלעכקייט. אָבער דאָס געפֿיל פֿאַר גוטס, פֿאַר אַ מאָראַלישע און עטישע אויפֿפֿירונג, דאָס איז דאָך דיקטירט פֿון אונדזער אינערלעכן פֿאַרשטאַנד און געפֿיל

(לויט קאַנט). זאָגט מוסר, אַז דער מענטש דאַרף אַט־די אינערלעך־מאָראַלישע געפילן אַנטוויקלען, פּאַרטיפן, באַקעמפנדיק די שלעכטע קעגן־קראַפט און, דורך דעם גופא שוין, דורך די מעשים טובים, — דינט מען גאָט. ווייל די מענטשלעכע מאָראַלישקייט איז דער העכסטער געטלעכער ווילן. אַנשטאָט דעם חסידישן דערהויבן דאָס בייז, ווייל אויך די טומאה האָט אין זיך אַ ניצוץ פון קדושה, איז מוסר געקומען זיך ראַנגלען מיט דאָס בייזע אין מענטשן, ווייל מוסר ווייס „לב האדם רע מנעוריו" (דער מענטש איז שלעכט פון געבורט). און אַפילו גוטע כוונות — אויף וואָס חסידות לייגט דעם הויפּט־טראָפ — זיינען ניט גענוג, אויב די כוונות זיינען ניט באַגלייט, בעיקר, מיט גוטע מעשים. אין שטענדיקן געראַנגל מיט זיך אַליין דאַרף מענטש זיך לייטערן, ניט כדי אַראָפּצוברענגען די שכינה אויף דער ערד, נאָר מענטש אַליין זאָל ווערן דערהויבן, צו זיין וואָס ער קען זיין, — מענטש. אויב חסידות האָט זיך פּאַרטיפט אין סודות און רמזים, וועלנדיק דורך מיסטיציזם דערגרונטעוועז די סודות פון גאָטס וועלט, האָט מוסר געלאָזן צו רו — און אַ גרויסער מאָס — די אייביק געטלעכע סודות; מוסר האָט אינטערעסירט דער לעבע־דיקער מענטש, ווי ער איז, מיט זיינע רצונות, תאוות, גוטע און שלעכטע מידות. בעלי מוסר האָבן זיך ניט פאַר־נומען מיט מלאכים און שדים, מיט יענוועלטיקע גייסטער, ניט געטריבן קיין דיבוקים, ניט באַוויזן און זיך ניט אָפּגעגעבן מיט קיין ניסים ונפלאות, וואָס זיינען ניט בגדר־הטבע. און אַז ר' ישראל סאַלאַנטער גייט אַרום מיט אַ גרופּע בחורים איבער די ווילנער שטיבער אין צייט פון דער כאָלערע־מגפה (1898), העלפט געפּאַלענע, קראַנקע, — ציטערט ר' ישראל איבערן געזונט פון די בחורים. ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף ניסים. ער טוט נאָר זיין מענטש־לעכע פליכט, ווי אַן אמתער בעל מוסר דאַרף טאָן. (צייטנ־ווייז האָט ר' ישראל געלעבט אין דער דייטשער שטאָט מעמעל, וווּ ער האָט געהאַט אַ גרופּע תלמידים. אין שטאָט איז דאַן ניט געווען קיין יידישע בעקערייי. אויפן ווינקל הויער שטראַסע, לעבן גרויסן בית המדרש, וועלכן ר' ישראל האָט געהאָלפן אויפשטעלן, איז געווען אַ דייטשע בעקערייי, וווּ די אָרעמע יידן האָבן געקויפט זייער גע־בעקס. יעדער פרימאָרגן, גייענדיק פון דאַוונען, פלעגט ר' ישראל אַריין אַהין, פאַררויכערן אַ ציגאַר און דערביי אַריינוואַרפן די שוועבעלע אין ברענענדיקן אויוון. דורך

דעם איז דאָס ברויט שוין, על־פּי דין, ניט געווען קיין פּת־עכּום (קריסטלעך ברויט). אָט אַזוי, אין שטילקייט, האָט ר׳ ישראל מזכּה געווען דעם רבים. וויפל סובטעלע איידלקייט, וויפל חן האָט דער דאָזיקער עפּיזאָד, וויפל סיפּורי־מעשׂיות וואָלטן זיך געלאָזט דערפון אויספלעכטן).

עס איז כאַראַקטעריסטיש: מוסר האָט די משיח־אמונה, וועלכע האָט גענערט און געהיילט יידישע פאַנטאַזיע אין די אַלע צוויי טויזנט יאָר פון לעבן אין צעשפּרייטקייט, די אידיי וואָס האָט פאַרנומען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט אין אַלע ביז דאַן אויפגעקומענע באַוועגונגען, — אין מוסר האָט עס גאָר קיין צוטריט ניט געהאַט. די באַגרינדער פון מוסר, ווי אויך די שפּעטערדיקע תּלמידים, איז נאָענט געווען דער זוהר און קבלה. זיי זיינען דאָך געקומען צו מוסר געטריבן פון אַ טיפן מיסטישן דראַנג. ארץ ישׂראל און דער גלויבן אין יידישער גאולה איז אין זיי שטאַרק געווען. האָט דאָך דער, אויף וועמען ר׳ ישׂראל פאַררופט זיך ווי אויף זיין רבי אין מוסר, ר׳ יוסף זונדל סאַלאַנטער, עולה געווען קיין ארץ ישׂראל (אין יאָר 1838, אונטער דער ווירקונג פון זיין רבין, ר׳ חיים וואָלאָזשינער, וועלכער האָט געשמ׳ט מיט זיין ליבשאַפט צו ארץ ישׂראל). און נאָענטסטע תּלמידים ר׳ ישׂראלס האָבן זיך באַזעצט אין ארץ ישׂראל, געבויט ישיבות. אָבער מוסר, ווי אַ שיטה, האָט ניט אַקצענטירט ווילן צו גאולה. דעם בעל מוסר האָט ווייניק אינטערעסירט די אויסווירקונג פון מעשׂים טובים אויפן גאַנג פון גאָטס וועלט און אויפן גורל פון יידישן פאָלק; אים האָט בעיקר אינטערעסירט אייגן מאָראַליש לעבן. ער האָט געהאַלטן זיך אַליין, די אייגענע מעשׂים, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער געזעלשאַפט. דער בעל מוסר איז אַן אינדיווידואַליסט. זיין קאַמף פאַר גוטס אין דער געזעלשאַפט הייבט ער אָן פון זיך. יעדער מענטש איז, לויטן תּלמודישן אויסדרוק, אַ קליין וועלטל. אויב דער יחיד האָט אויסגעבעסערט זיינע אייגענע מידות, האָט ער שוין במילא אויסגעבעסערט אַ טייל פון באַשאַף. אין דער צייט ווען חסידות האָט געבויט אויפן כּלל, אויפן רבים, איז מוסר געקומען צום יחיד. אַ בעל מוסר לערנט: אויב ס׳וואָלטן קיין מענטשן ניט געווען און קיין פאָלק ניט געווען, נאָר איך איינער אויף דער גאָרער וועלט, — וואָלט איך נאָך אַלץ געדאַרפט זיין אַ מאָראַלישער מענטש. על אחת כּמה וכמה, אַז ס׳זיינען דאָ מיטמענטשן, אַ פאָלק, וואָס נייטיקן זיך אין מיינע גוטע מידות.

מען איז געוווינט צו זאָגן: מוסרניקעס האָבן אַקצענ־טירט די מצוות שבין אדם לחברו. דאָס איז אָבער ניט זייער פּינקטלעך דעפיּנירט. מוסר האָט אַקצענטירט דעם זיך, די אייגענע פאַראַנטוואָרטונג. פון דעם ערשט זיינען שוין במילא אַרויסגעדרונגען די מצוות בין אדם לחברו, די געבונדנקייט צום פּאָלק און כלל מענטש, וואָס נאָר אַזוי איז דאָך מיגלעך אַן אמת־עטישע געזעלשאַפט. צוזאַמען אָבער דערמיט האָט מוסר — אַן אַרויסגעוואַקסענע פון בית המדרש און גמרא — געהאַלטן און פאַרשטאַרקט די סיג לסיג יידישקייט, די מצוות שבין אדם למקום, ווייל עס האָט ניט געזען קיין סתירה אין די ביידע טיילן, נאָר פאַרקערט, אַ זיך קעגנזייטיקע דערגאַנצונג צו איין איינ־הייט. די מצוות און דינים — געזעצן פאַר אַ מאָראַליש־געאָרדנטן לעבן; גאָט — דער קוואַל פון מאָראַל; די תורה — ווי אַן עטישע לערע, מיט משפטים, וועלכע מען פאַר־שטייט און מיט חוקים, וועלכע מענטשן׳ס שכל איז באַ־גרענעצט משיג צו זיין, אַזוי ווי יידישקייט האָט עס גע־לערנט דורך אַלע צייטן, פון די פרושים ביזן ווילנער גאון.

חסידות האָט אויפגעלעבט אַלטע געדאַנקען, אָבער אין נייע כלים. האָט דאָך ר׳ נחמן בראַסלעווער גע־זאָגט: „ווי איז מיגלעך מען זאָל ניט קריגן אויף מיר, אַז איך גיי מיט אַ נייעם דרך, וואָס קיין מענטש איז נאָך אויף אים קיינמאָל ניט געגאַנגען. און אף על פי וואָס ער איז שוין זייער אַלט, איז ער דאָך איינגאַנצן ניי״. (זען כתבי ר׳ נחמן מברסלב, רעדאַקטירט פון אליעזר שטיינמאַן, הוצאת „כנסת״, ת״א, תשי״א, ז׳ 343). מוסר האָט נאָר געזוכט אַרויסצוברענגען דעם תמצית פון אַלטע געדאַנקען אין די זעלבע כלים. קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז עס ניט געווען, אָבער אין גאַנצן ניי מיט איר הגדשה, מיטן איינשטעל און געפּאָדער. האָט מוסר, אין די גרענעצן פון איר איינווירקונג, געבראַכט נייעם קאָלאָריט, באַלעבונג פון מוח און רגש, באַנייט מחשבות, וואָס האָבן טיף גע־דרימלט אין אַלטע ספרים, אין אַלטן יידישן גייסט־אוצר.

## ו.

אַ סך לערנונגען און הנהגות פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָבן זיך איבערגערופן מיטן דרך פון די חסידי אשכנז, וועלכע זיינען אויפגעקומען אין 13טן י״ה, אין די דייטשע קהילות (רעגענסבורג, שפּייער, וואָרמס, מיינץ א״אַ). עס

שיקט זיך, אַז זייער אמונהדיקער גאַנג און דער „ספר החסידים“, פון רבינו יהודה החסיד, פון רעגענסבורג, האָבן געמוזט האָבן אַ קאָנטיקע השפּעה אויף ר׳ ישראלן (און מיגלעך אַז דאָס איז געווען אַ פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו, פאַר וואָס אים האָט אַזוי שטאַרק — אומנאַטירלעך, ווי מיר וועלן עס ווייטער זען — געצויגן צו די קהילות אין דייטשלאַנד). די מוסר באַוועגונג אין ליטע איז געווען, אין איר עצם מהות און אין אַ סך פון אירע פירונגען, אַ כמו המשך פון די חסידי אשכנז. אָבער אין ר׳ ישראלס צייט איז יענע כיתה פון די דייטשע קהילות געווען אַזוי גוט ווי פאַרגעסן, אַפילו צווישן לומדים און אנשי מעשה, געווים אַזוי אין די קהילות פון מזרח אייראָפּע. ר׳ ישראל און זיינע תלמידים האָבן זיך ניט פאַרופן אויף יענער באַוועגונג און דעם „ספר החסידים“ ניט געלערנט. זיי זיינען געגאַנגען גראַד צו די ווייטערע מקורות — ווייטער אין צייט און אין שטח: צו די גדולי ספרד.

דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעלערנט פון דער תורה די מאָראַלישע דינים און עטישע געדאַנקען, כדי שאַפן דורך זיי אַ באַזונדערע שיטה אין יידישקייט, איז געווען רבנו בחיי בן יוסף אבן פקודא (אין שפּאַניע, 11טן י״ה). רבנו בחיי האָט עס געטאָן דורך זיין ספר „חובת הלבבות“, וואָס האָט, שפּעטער, זיך שטאַרק אָנגענומען אין פאָלק. און געווען אויך אַנדערע גדולים, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט, אויך אין ספּעציעלע ספרים, די זעלבע מחשבות: אַז מען דאַרף זיין באַזונדערס שטאַרק אָפּגעהיט מיט די עטישע מצוות און מאָראַלישע לערנונגען פון דער תורה. אַזוי האָט געטאָן שלמה אבן גבירול (11טן י״ה), אין זיין ספר „תיקון מידות הנפש“; יונה בן אברהם גירונדי שפּאַניע (אָנהייב 13טן י״ה), אין זיין ספר „שערי תשובה“ און אין זיינע דרשות וועגן תורת המוסר. מיט גרויס קלאָרקייט און ווי אַ פולן סיסטעם האָט געבראַכט צום אויסדרוק די דאָזיקע לערע ר׳ משה חיים לוצאטו, אין זיין ספר „מסילת ישרים“.

אַלע גרויסע יידישע אידייען אין גלות זיינען אויפגעקומען צווישן די ספרדים, אָדער געהאַט זייער מקור ביי די ספרדישע גדולים. אָבער ביים ספרדישן שבט האָבן די געדאַנקען געלעבט אין ספרים. ערשט ביים אשכנזישן טייל זיינען יענע מחשבות אַרויס פון די ספרים און אַריין אין לעבן, מן הכוח אל הפועל, געוואָרן מענטשן, גרויסע אָדער קלענערע קרייזן פון פאָלק. דער ספרדישער טייל איז בכלל

געווען ווייניקער אין צאָל, ווי דער אשכנזישער, און זייערע קהילות זיינען געווען קליינע. אָבער די ספרים און שולן פון די ספרדישע גדולים זיינען, ווייזט אויס, מלכתחילה געשאַפן געוואָרן פאַר יחידים, פאַר אויסדערוויילטע. זיי האָבן געוועלט אַפּעלירן נאָר צו אנשי סגולה, צו דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. אויך די ניט־יידישע אינטע־לעקטואַלן, אין דער אַרומיקער, ברייטערער קולטור־סביבה, האָבן געצילט מיט זייערע געדאַנקען און לערעס צו די קליינע גרופּן אינטעליגענץ. אַזוי האָבן געטאָן די אַראַבישע דענקער און דיכטער, אין די ערטער וווּ יידן האָבן געלעבט אונטערן איסלאַם. אַזוי האָבן געשריבן (אין לאַטיין) די קריסטלעכע לערערס, די קירכלעכע טעאָלאָגן אין די לענדער פון איטאַליע. אַזוי אויך האָבן אַפּעלירט מיט זייערע אידייען די קולטורעלע טראַכטערס און קינסטלער פון רענעסאַנס — אַלץ ניט צו מאַסן. האָט דאָס זעלבע געווייס זיך אויסגעווירקט ביי יידישע בעלי מחשבה אין אָט די לענדער. ביי די ספרדישע גדולים איז אָבער געווען נאָך אַ מאָטיוו, פאַרוואָס זיי האָבן געצילט זייערע אידייען צו קליינע גרופּן נאָר: דאָס רוב פון זייערע גייסטיקע ספּעקולאַציעס זיינען געווען דירעקט פאַרבונדן מיטן ווילן צו יידישער גאולה; זייער כוונה איז געווען צו שטאַרקן די אמונה אין ביאת המשיח. און אַזעלכע אידיאַלן האָט מען געקענט פאַרטרויען נאָר צו די וועלכע זיינען ראוי, פעאיק און וויליג זיי אויפצונעמען. און עס איז אין דער עצם נאַטור פון אַזעלכע אידיאַלן, אַז זיי זאָלן זיין קאָנספּיראַטיוו. אַלע פרייהייטס־באַוועגונגען, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע, קומען אויף אין באַהעלטעניש, צווישן אנשי סוד, און טאָקע על פּי רוב צווישן דער אינטעליגענץ. און געווייס האָבן יידן, אונטערן איסלאַם, און אין פאַנאַטיש־קריסטלעכע לענדער, זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן מיט זייערע רעוואָלוציאָנערע גאולה־שטרעבונגען. און אויך די מחברים פון די עטישע לערנונגען האָבן געהאַט דעם זעלבן ציל: מאָראַלישע מעשים ווי אַ מיטל צו דערנענטערן די גאולה; אויסלייטערן די אייגענע מידות, אָפּגעהיט זיין מיט דער הנהגה, פירן אַן עקסטרעם מאָראַלישן לעבן, ווי באַדינגונגען און מיטלען כּדי צו קומען (אָדער ברענגען) פון משיח׳ן, ווייל די מחברים פון ספרי מוסר זיינען געווען בעלי קבלה, וועלכע האָבן כסדר געזוכט צו שטאַרקן די אמונה אין גאולה. גאַר באַזונדערס איז אַזאַ געווען רמח״ל, דער מחבר פון „מסילת ישרים״, וואָס אָט דעם ספר (אין

„חובת הלבבות״) האָבן די בעלי מוסר אין ליטע געלערנט בסדר און מיט גרויס כוונה.

ר׳ משה חיים לוצאטו (געבוירן אין פּאַדואַ, איטאַליע, 1707; נפטר געוואָרן אין עכו, 1746) איז זיין גאַנץ (קורצן) לעבן געווען פאַרטיפט אין קבלה. ער האָט געקענט וועלטלעכע קולטור און וויסנשאַפט. ער ווערט פאַררעכנט ווי דער פאָרויסגייער פון דער נייער העברעאישער ליטע־ראַטור, צוליב דעם וואָס ער האָט געשריבן און ווי ער האָט געשריבן, צוליב די שיינקייט פון זיין לשון און צוליב דעם וואָס ער האָט געשריבן ליטעראַטור ממש, דערציי־לונגען, דראַמעס, שירה און חקירה. עס איז כדאי געווען צו ברענגען כאָטש איין מוסטער, פון זיין דראַמע „מגדל עוז״ (אין דער איבערזעצונג פון מרדכי יפה, „אַנטאָלאָגיע פון דער העברעאישער פּאָעזיע״):

## דער פּאַסטעך

( פון „מגדל־עוז״ )

אַ יונגער פּאַסטעך, וועלכער פּיטערט
זיינע שאָף — ווי גוט און וויל עס איז אים;
גייט זיך נאָך אַזוי זיין סטאַדע,
לויפט אַרום און שפּרינגט זיך אונטער —
אָרעם איז ער — אָבער מונטער.
ס׳איז זיין פּנים העל־צעלויכטן
און דאָס האַרץ ביי אים — צעזונגען.
אָנגעגאַנגען, אָנגעשפּרונגען —
ציט ער אויס זיך באַלד אין שאָטן
פון אַ בוים; און ליגט זיך דאָרטן
רואיק, ווי אַ גאַנצער מלך —
אָרעם איז ער — אָבער פריילעך.
ס׳צערט אים ניט די לוסט צו רייכקייט,
יאָגט זיך נישט צו גלאַנץ און כבוד.
עסט ער קרייטעכער און גרינסן —
האָט ער אויך פון דעם הנאה,
ווייל ער איז פון אַלץ צופרידן.
אויף זיין אָרעמען געלעגער
שלאָפט ער, און אויף אים באַגייט שר
אויף פרימאָרגן זיינע כחות,
ווי די פעדערן — אַן אָדלער.
זיינען פעלדער גרין באַוואַקסן,
אָדער אויסגעברענט און טרוקן,
איז דער הימל שווער פאַרוואָלקנט

און עס רעגנט און עס שטורעמט —
אַרט אים נישט; זיין האַרץ איז רואיק.
ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא,
ער איז זיכער פון בלבולים
און פון יענעמס פאַלשע „שטיקלעך״ —
אָרעם איז ער — אָבער גליקלעך.
טרעפט ער אַן אַ מיידל, וועלכע
עס געפעלט אים און ער ליבט זי,
טיילט ער זיך מיט איר זיין לעבן,
און זי גיט אים אויך איר ליבע,
און זיי זיינען ביידע טריי זיך,
און זיי זיינען ביידע גליקלעך.
ווייל זיי זיינען פונקט ווי איינע:
קיינער קאָן זיי נישט צעשיידן,
נישט באַריידן און צעשטערן
זייער ליבלעך פרידלעך לעבן.
ווערט ער מיד פון אַרבעט, לייגט ער
אויף איר ברוסט זיין קאָפּ און ס׳ווערט אים
גרינגער, פרייער אויפן האַרצן;
ער פאַרגעסט אָן אַלע זאָרגן
ווען ער זעט איר ליכטיק פּנים.
אים איז בעסער פון אַ מלך —
אָרעם איז ער — אָבער פריילעך.

רמח״ל, וואָס האָט געשריבן אַזעלכע שיינע וועלט־לעכע פּאָעזיע (דאָס רוב איז פאַרלאָרן געגאַנגען, אָדער זיינע קעגנער האָבן עס פאַרברענט) איז געווען אַ בעל מקובל, און געוואָלט אַז אַט די ספרים זיינע, אין קבלה, זאָלן זיין די הויפּט ווערק פון זיין לעבן. ער האָט פּראַק־טיצירט מיסטישע לערנונגען, מיט אַ פאַרשווערענעם מנין חברים, און וויל צו דערנענטערן די גאולה. ער איז באַשולדיקט געוואָרן, אויפן גרונט פון געוויסע רעיונות אין זיינע ספרים, אַז ער זעצט פאָר דעם גלויבן אין שבתי צבי, און דערפאַר שטאַרק געראָדפט געוואָרן, געליטן פאַרטרייבונג פון זיין היים און אַ צייט לאַנג געווען נע ונד. איז נאָר נאַטירלעך, אַז רמח״ל האָט אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, אויך אין זיינע ליטעראַרישע ווערק, און געוויס אין „מסילת ישרים״, געזען אין זיינען דעם הויפּט ציל פון זיין לעבן: די בענקשאַפט און דעם ווילן צו יידישער גאולה. (דאָס לאָזט זיך אויך קלאָר זען פון דער פּאַסטאָראַלער פּאָעמע, וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט

ווי אַ מוסטער). דער ציל פון „מסילת ישרים" איז געווען, ווי דאָס לערנען אָט די פּרקים אין דעם ספר: זהירות, זריזות, נקיות, פרישות, טהרה, חסידות, ענוה, יראת חטא און קדושה. דאָס הייסט: אַנעמען אַלע פאָרמען פון אַן אָפּגעהיטן לעבן, אין פרומקייט און גוטע, דערהויבענע מידות, כדי — ווי עס זאָגט דער אויספיר, די לעצטע שורה פון דעם ספר: „ישמח ישראל בעושיו, בני ציון יגילו במלכם", אַז עס זאָל קומען באַנייטע פרייד, גאולה פאַר ציון, די בני ציון. דאָס קומט אויך צום אויסדרוק אין זיין צווייטן מוסר ספר „דרך עץ חיים". אין דער הקדמה ברענגט רמח"ל דעם פּסוק פון הושע (ב, ב') „ונקבצו בני יהודה ובני ישראל יחדו ושמו להם ראש אחד" (און די קינדער פון יהודה און די קינדער פון ישראל וועלן זיך איינזאַמלען אין איינעם, און זיי וועלן זיך מאַכן איין הויפּט, און זיי וועלן אויפגיין פון דעם לאַנד). און אין אָט דער הקדמה זאָגט ער אויך אָפן, אַז ער רעכנט זיך פאַר דעם הויפּט, ווייל „מימות משה ועד משה לא קם כמשה", ווי עס איז באַקאַנט אַז ער האָט געגלויבט אין זיינע כחות צו קענען ברענגען די גאולה. טאָ פאַר וואָס האָט גראָד אָט דער ספר זיך אַזוי אָנגענומען צווישן „טרוקענע" לומדים, ביי מתנגדים, אין אַ כיתה וואָס האָט גאָר ניט אַקצעפּטירט די הייסע גאולה־כוונות פון דעם מחבר? אָבער דאָס איז אָפט דער גורל פון רעיונות, פון אידייען: זיי ווערן טראַנספאָרמירט אין נייע וואַריאַציעס און באַקומען אַנדערע אינטערפּרעטאַציעס; זיי ווערן מגולגל און קומען אויף אין נייע ערטער און צייטן, אין געביטענע באַדינגונגען אין נייע גייסטיקע קלימאַטן, פאַר נייע צילן און אידיאַלן. אַזאַ איז געווען דער גורל פון אַ סך ספרים. ליטעראַטור, אַפילו די שענסטע, וואָס שילדערט נאָר און דריקט אויס נאָר געפילן, אונטערליגט די געזעצן פון צייט און אָרט; פאַרגייט די צייט און בייט זיך דער אָרט, פאַרגייט די אַקטועלע ווערטיקייט פון שיינער ליטעראַטור. אָבער ספרים, וועלכע האָבן אויסגעדריקט גלויבהאַפטיקע רעיונות, זיינען בלייבהאַפטיק, אויב אַפילו די ספרים זיינען געשריבן געוואָרן אָן סטיליסטישן חן און אָן קאָמפּאָזיטאָרישן טאַלאַנט, ווי דאָס רוב ספרים זיינען אָפט. אַזוי איז אויך געשען מיט די ספרי מוסר פון די ספרדישע גדולים.

עס לאָזט זיך אויך שיקן, אַז אויף ר' ישראל סאַלאַנ־טער האָט געהאַט אַ ווירקונג דאָס לעבן פון רמח"ל, די

ווידערשטאנד וואס זיינען געווען שארף אין אים, צווישן פאעזיע און חקירה, טרוים און ווירקלעכקייט, מוסר באגלייט מיט א גאנג צו פילאסאפיע, צו א פארם פון ראציאנאליזם, — ווי דאס איז אויך געווען אין דעם מהות פון ר׳ ישראלן. דאס לעצטע, דער גאנג צו פילאסאפיע, איז געקומען ביי ר׳ ישראל סאלאנטער צום אויסדרוק אין זיין שטארקן ווילן זיך צו באקענען מיט דער לערע פון עמנואל קאנט, ווי דאס דערציילט איינער פון זיינע תלמידים און בעסטע ביאגראפן, עמיל בנימין
("Rab. Israel Lipkin Salant", Berlin 1899).

קאנט האט ניט געקענט און ניט געהאט קיין גרויס אינטערעס אין יידישער מחשבה, (ווי דאס ווייזט אן הערמאן כהן
("Innere Beziehungen Der Kantischen Philosophie Zum Judentum", Judische Schriften, Erster Band, Berlin, 1924).

אבער גראד יידישע טראכטערס זיינען געווען צווישן זיינע בעסטע פארשטייערס, אויסטייטשערס און אנהענגערס פון זיין פילאסאפיע. אזעלכע זיינען געווען די קינדער פון די מלמדים, סופרים און חזנים, ווי משה מענדעלסאן, שלמה מיימון, פראנץ ראזנצווייג, מארטין בובער, הערמאן כהן, די „מארבורגער שול“ פון נעא קאנטיאנער. אויך ר׳ ישראל האט געהאט שפּליטערדיקע באווירקונגען פון דער קאנטיאנישער לערע, אין דער באגרענעצטער מאס אויף וויפל דאס איז דערגאנגען צו אים. עס האט אפּעלירט צו אים דער רעיון פון „עטיק דורך לאגיק“, צו געבן די עטיק א לאגישן יסוד. דער דאזיקער ווילן איז אויך געווען ביי די פריערדיקע גרויסע שעפער פון יידישן מוסר (ווי ביי אלע תורהדיקע פילאסאפן), הגם עס איז ניט מיגלעך צו געבן קאנקרעטע ראציאנעלע באווייזן פאר מעטאפיזישער אמונה, ווי דאס איז ניט מיגלעך געווען אפילו פארן רמב״ם. אמונה קען ניט ווערן וויסן. אבער באמיאונגען דאס צו טאן זיינען שטענדיק געמאכט געווארן, דורך די אנגענומענע דעדאקטיווע פארמען און שכלדיקע ספעקולאציעס. און אזוי האבן אויך געטאן די שעפערס פון מוסר, אנהייבנדיק פון ר׳ סעדיה גאון, אין זיין ספר „אמונות ודעות“. און אין „חובת הלבבות“ האט געלערנט רבנו בחיי „ואל תשיאך הגאוה שתחשוב שהכרתך לא תוסיפה . . . כי זה מפתוי היצר לך שירשל אותך מעיין ומתקור על אמת הענינים“ (דער מענטשלעכער שטאלץ דערלאזט ניט טראכטן, אז מען קען

מערן באַוווסטזיניקייט. ווייל אַזוי רעדט איין דער יצר הרע, ניט צו דערלאָזן זיך פאַרטיפן אין פאָרשן דעם אמת פון די זאַכן). מיט אַנדערע ווערטער: מען קען קומען צו אמונה דווקא דורך לאָגיק. און אַזוי אויך לערנט דער „מסילת ישרים" וועגן דעם, „אז תבין יראת ה'", און ער ברענגט דעם פסוק פון איוב (כח, כח') „יראת ה' היא חכמה". „ומי שיתבונן בם יראה שאין החסידות תלוי . . . אלא בדברי שלמות אמתי וחכמה רבה" ( ווער עס וועט זיך גוט אַריינטראַכטן, וועט איינזען, אַז פולע ערלעכקייט (פרומקייט) איז אָפּהענגיק נאָר פון פאַרשטאַנד). וואָס ר' ישראל האָט געוועלט דערצילן מיט מוסר לאָזט זיך דעפּי־נירן לויט די נעמען פון הערמאַן כהן'ס דריי ווערק: די לאָגיק פון דער קלאָרער דערקענונג (ר' ישראל וואָלט געזאָגט: פון דער געטלעכקייט); די עטיק פון ריינעם ווילן; די עסטעטיק פון ריינעם געפיל. די דאָזיקע שטרעבונג האָט געפירט ר' ישראלן זיך צו וועלן באַקענען מיט דער פילאָסאָפיע פון עמנואל קאַנט. עס דערציילט זיין תלמיד עמיל בנימין, אַז ר' ישראל האָט געבעטן, זייענדיק אין מעמעל, באַזאָרגן אים קאַנטס „ריינע פאַרנונפט", „ווייל איך דאַרף עס זייער נויטיק". ר' ישראל האָט יאָרן געלעבט אין קעניגסבערג, אין קאַנטס שטאָט. און ביידע האָבן געפונען זייער לעצטע רו אין דער דאָזיקער שטאָט, דער באַגרינדער פון עטישן אימפּעראַטיוו, דער פילאָסאָף וואָס האָט קיין מאָל ניט פאַרלאָזן קעניגסבערג, הגם מיט זיין געדאַנק האָט ער אַרומגעוואַנדערט און אויסגעמאָסטן וועלטן, און דער נע ונדניק, וואָס האָט די עטיק מקיים געווען און געשאַפן די עטישע כיתה פון בעלי מוסר.

ז

מענטשן וועלכע קענען אָנפירן מיט מענטשן, פירן אָן מיט מענטשן וועלכע קענען באַהערשן נאָר קעגנשטאַנדן (People who can manage people manage people who can only manage things — Will Durant).

ר' ישראל סאַלאַנטער איז געווען פון די אויסנאַמלעכע פערזענלעכקייטן וואָס באַשאַפן באַוועגונגען. ער האָט פאַרמאָגט אַלע נויטיקע באַגאַבונגען פון אַ מנהיג. ער האָט געקענט באַווירקן מענטשן, זיי אָרגאַניזירן, אַוועקשטעלן אַ ציל, און אויסאַרבעטן מעטאָדן, אַ ראַם, ווי צו דערגרייכן דעם ציל. דער ערשטער תנאי אויף קענען צונויפברענגען

און צונויפהאַלטן אַ גרופּע מענטשן איז צו האָבן אַ רבין, אַזאַ וואָס וויל און קען אויפשטעלן תלמידים, צוציען מענטשן און זיי באַגייסטערן. ר׳ ישראל איז בנאַטור געווען אַזאַ רבי. ער האָט לייסט געוווּנען תלמידים און זיי טיף באַווירקט. אין אַלע ערטער וווּ ער האָט געלעבט, האָבן זיך באַלד צוגעטאָן צו אים מענטשן, בעיקר יונגע; געצייל־טע, אָבער דורשטיקע צו וויסן, אינטעליגענטע, בעלי כשרונות (און בדרך כלל אויך אָרעמע און אומצופרידענע, וואָס זיינען שטענדיק אַ הייסער מאַטעריאַל צו שמידן נייע כלים). ר׳ ישראל איז זיי געווען אַ מנהיג און אַ מחנך, אַ פריינד און אַ דערציער. ער האָט געהאַט די כוחות צו געווינען תלמידים און אויך זיי אָפּקליבן, דערנענטערן אָדער האַלטן פון ווייטן — און אַמאָל פלעגט ער זיך דערווייטערן פון די סאַמע נאָענטסטע תלמידים זיינע, אין דורך דעם זיי געבראַכט גראָד נענטער צו זיך. ר׳ ישראל איז ניט נאָר געווען אַ גוטער ייד. ער איז געווען אַ גרויסער מענטש. ער האָט פאַרמאָגט גרונטיקע פּעדאַגאָגישע כש־רונות און אויך אַזעלכע פסיכאָאַנאַליטישע באַגאַבונגען. ער האָט דערקענט די פעאיקייט פון יעדער תלמיד אין באַשטימט, אָדער באַווירקט, יעדערענס וועג, לויט זיינע פעאיקייטן. די תלמידים האָבן אים אַרומגערינגלט, פאַר־ערט, אָדער טאָקע פאַרהייליקט, אַרויפגעקוקט צו יעדע תנועה זיינע, און זיך באַמיט עס נאָכטאָן. צווישן ר׳ ישראלס אויסגעמלעכע תלמידים געהערן געוויס אָט די צוועלף: ר׳ יצחק בלאַזער, ר׳ שמחה זיסל זיו, ר׳ נפתלי אַמסטערדאַם, ר׳ נתן נאָטע (צבי) פינקל, ר׳ אליעזר שולעוויץ, ר׳ אליעזר גאָרדאָן, ר׳ הירשל (צבי) לויתן, יעקב יוזיף, ר׳ יהושוע העלער, ר׳ משה יצחק דרשן, ר׳ אלכסנדר משה לפידות און ר׳ שניאור זלמן הירשאָוויץ. (ביאָגראַפישע פרטים וועגן זיי, און וועגן אַנדערע תלמידים, אין „תנועת המוסר“, כרך שני, פון הרב דב כ״ץ). אַלע זיי האָבן באַלד פאַרנומען ווירקנדיקע פּאָזיציעס. זיי האָבן עס געטאָן מיט די בעסטע אָרגאַניזאַציאָנעלע מעטאָדן און לויטן אָנגענומענעם גאַנג פון יעדע נייע באַוועגונג מיט אַ מיסיע. די תלמידים זיינען געוואָרן שליחים, פונאַנדערגע־טראָגן די לערע פון מוסר, פאַרשפּרייט די נייע שיטה און באַקאַנט געמאַכט דעם נאָמען פון זייער רבין. די ערשטע זיבן תלמידים, פון די אויסגערעכנטע, האָבן אויפגעשטעלט ישיבות, געווידמעט זייער לעבן צו דערציען יונגע לער־נערס. די ווייטערדיקע פינף זיינען געווען ספרים און

דרשנים — צווישן די גרעסטע פון די רבנים אין זייער צייט, אפט מיט שארפע פעדערס, מיט פובליציסטישן פייער, און דרשנים מיטן גרעסטן טאלאנט און ווירקונג. אט די תלמידים ר׳ ישראלס האבן באלד אליין געהאט תלמידים, באזונדערס דער זעלטענער דערציער ר׳ שמחה זיסל זיו, אין קעלם. צווישן דעם צווייטן דור, וואס א טייל פון זיי האבן נאך אויך באקומען א טיילווייזע דירעקטע השפעה פון ר׳ ישראלן, זיינען געווען די גרויסע לומדים ר׳ יוסף ליב בלאך (ראש הישיבה אין טעלז), ר׳ איסר זלמן מעלצער און ר׳ משה מרדכי עפשטיין (ראשי ישיבה אין סלאבאדקע), ר׳ יוסף יוזיל הורוויץ (דער פונאנדער־בויער און דערציער פון די נאוואראדאקער ישיבות, וואס זיינען שוין געגאנגען מיט אן אפגעצווייגטן שטעג פון ר׳ ישראלס דרך), ר׳ נפתלי טראפ (ראש הישיבה אין ראדין), און ר׳ אהרן באקשט, דער רב פון לאמזע (שפעטער אין שאויל), וועלכער האט געזאגט שעורים אין דער דארטיקער ישיבה, געגרינדעט פון ר׳ אליעזר שולעוויץ. אט די און אנדערע, די דירעקטע תלמידים ר׳ ישראל׳ס און זייערע תלמידים, זיינען עס געווען די גרונטלייגערס און פונאנ־דערבויערס, אין גאר א קורצע צייט, פון די גרויסע ישיבות, וואס ניט געווען זייערס גלייכן זינט די ישיבות אין בבל. דאס זיינען זיי געווען די לומדים און מלמדים, אין מוסרדיקן גאנג פון ר׳ ישראל סאלאנטער, וואס האבן געבראכט הרבצת התורה, די תקופה פון לומדות אין מזרח אייראפע. און די גרויסע ישיבות היינט, אין ישראל און אין גלות, זיינען, בדרך כלל, דער המשך פון יענער תקופה.

איך ר׳ ישראל סאלאנטער איז געווען א צירוף פון קעגנערישע ווילנס, א סינטעז פון עקסטרעמען. א טיף פאעטישע נאטור, וואס האט געזוכט שטילקייט, אפילו אפזונדערונג, התבודדות. אין דער זעלבער צייט האט אים געצויגן צו גרויסע שטעט און צו זייער אקטיוו אין עסקנות, צום געטומל פון געזעמל און צום ריעש פון רייד. און דאס האט זיך אויסגעווירקט אויך אין זיין לערע און ביי זיינע תלמידים. מוסר האט מען געלערנט אין האלבן טונקל, אין בין השמשות, באזונדערס אזוי אין די ישיבות; מען האט געזוכט יחידות, אפזונדערונג, מעדיטאציע און שטימונג, א געלייטערט געפיל און פשוטקייט פון מחשבה. אבער א טייל פון ר׳ ישראלס תלמידים זיינען געווען מענטשן פון הייסן טעמפעראמענט, אפט אפילו תקיפים אין זייער דעה, שארף אין זייערע מיינונגען, מענטשן מיט פעסטע כאראק־

טערן. זיי זײַנען ניט געגאַנגען פֿאַרשטילט און זײַטיק. פֿאַרקערט, ר׳ ישראל האָט דערמוטיקט זײַנע ערשטע תּלמידים צו גיין אין געטומל פֿון דער וועלט. זיי האָבן פֿאַרנומען רבנות דווקא אין גרויסע שטעט, אויסער דעם יידישן תּחום המושב, אין פּעטערבורג און העלסינגפֿאָרס (פֿינלאַנד), אין מינסק, געזוכט די רבנות אין מאָסקווע, און איינער פֿון די באַוואוסטסטע תּלמידים ר׳ ישראלס איז געוואָרן רב הכּולל אין ניו־יאָרק.

כּדי שאַפֿן אַ וועלכע באַוועגונג, איז נייטיק צו געבן די אָנהענגערס אייגן לשון, ווערטער, פֿאָרמען, אויסדרוקן און אויך הנהגות, וואָס זאָלן ווערן אייגן דער דאָזיקער באַוועגונג, דערמיט אויסצוטיילן און צוזאַמענהאַלטן די באַזונדערע געזעלשאַפֿט. מוסר האָט געשאַפֿן אַזעלכע ווערטער, נייע, און אַלטע מיט אַ נייעם באַדייט: חבורה און ועד, ווען עטלעכע בחורים נעמען זיך צונויף צו לערנען צוזאַמען מוסר; שמועסן הייסן די לעקציעס פֿון דעם מנהל רוחני, דעם גייסטיקן לערער. אַ בערזע איז ווען אַלע לערנער גייען אַרום אין דער ישיבֿה, אָדער ביי דער ישיבֿה, און בייטן זיך איבער מיט זייערע ווערט־פּאַפּירן: זייערע פֿאַרלוסטן און דערגרייכונגען אין מידות און מעשׂים טובֿים.

אַ באַוועגונג ווערט אויך צוזאַמענגעהאַלטן דורך ניגונים, לידער, אָפֿט נאָך מער ווי דורך די אידייען גופֿא. האָט מען מוסר געלערנט מיט אַן אייגענעם ניגון, אַ טרויעריקן, אַ מעלאַנכאָלישן (ווי די ליטווישע לאַנדשאַפֿט), אַזאַ וואָס זינגט זיך אַריין אין געמיט מיט שטילער בענקשאַפֿט.

יעדע נייע באַוועגונג וויל אַפּעלירן צו די שאַרפֿערע עמאָציעס פֿון פֿרויען. און דער נאַטירלעכער מנהיג, וואָס ר׳ ישראל איז געווען, האָט אויך דאָס ניט פֿאַרזען. אין אַ בריוו צו דער ווילנער קהילה (1849) לייגט ער פֿאָר, אַז גרופּן זאָלן זיך צונויפֿקומען אין די שבּתים און לערנען מוסר, אויסבעסערן די מידות, אַרויסהייבן דאָס גוטע און טאַדלען דאָס שלעכטע, און אַז די פֿאָרלערנער זאָלן ריידן שטיל, רואיק, אָן שטראָף־רייד, און אַז אויך פֿרויען זאָלן זיך צונויפֿקומען לערנען גוטע מידות. אָט דאָס איינשליסן פֿרויען איז געוויס געווען צו יענער צייט אַ גרויסער חידוש.

ר׳ ישראל איז ניט געווען קיין שרייבער, אָדער ניט געוועלט זיין. אויך דאָס איז אין גאַנג פֿון אַ סך שפּעטערס פֿון באַוועגונגען: זיי מיידן אויס צו פֿאַרשרייבן זייערע געדאַנקען, אַרויסגעבן ספֿרים. דאָס איז דער אימווילן צו

קאַנאָניזירן אידייען נאָך איידער זיי האָבן זיך אויסגערייפט; עס איז גלייכער צו לאָזן רוים פאַר די נייע געדאַנקען זיך צו פאָרמירן, לויט די באַדינגונגען פון לעבן, און ערשט די תלמידים זאָלן עס פאַרשרייבן, סטיליזירן די אידייען. ר׳ ישראל האָט אָנגעשריבן געציילטע, קליינע מאמרים, אין זיין זשורנאַל „התבונה״, אַרויסגעגעבן נאָר אַן „אגרת המוסר״, פינף געדרוקטע בלעטלעך, ראשי פרקים־מדיקע מחשבות. אויך זיינע בריוו צו תלמידים (אַן איינגעשטעלטע פאָרם מיט וועלכע אַלע שפּער פון באַוועגונגען האָבן זיך געניצט) זיינען קורצע, לאָזן אָרט מען זאָל זיי קענען טייטשן.

ר׳ ישראל האָט שטענדיק געוואַנדערט, גענומען אויף זיך צו זיין נע ונד, ווייל דאָס איז אַ וויכטיקער באַדינג פאַר יעדער פאָלקס־לערער, וואָס האָט דעם ווילן אין די גייסטיקע כוחות אויפצושטעלן אַ באַוועגונג. עס איז דער נאַטירלעכער אומרו, וואָס טרייבט אַזעלכע מנהיגים, אין ווילן צו געפינען די מענטשן וועלכע זיי זוכן און אַרויס־שטורעמען די כוחות וואָס יורן אין זיי, דעם שטורעם וואָס טרייבט מענטשן מיט אַ מיסיע. ר׳ ישראל האָט כסדר פאַרלאָזן זיינע תלמידים, די נעסטן פון מוסר און די ישיבות וואָס ער האָט אויפגעשטעלט, און געוואַנדערט גראָד אין דייטשע שטעט, אין מעמל, אין קעניגסבערג, אין פראַנק־פורט, בערלין און אין זיינע לעצטע יאָרן אין פאַריז. ער האָט געוועלט איינבויען מוסר אין ערטער ווו יידישקייט איז געווען שוואַך און וויניק. אָבער מען מעג אויך זוכן אַ פסיכאָלאָגישן ענטפער פאַר אָט די וואַנדערונגען און פאַרן אַנטלויפן פון דער אייגענער סביבה: עס איז אַן אויסדרוק פון דעם געשפּאָלטענעם כאַראַקטער ביי אַזעלכע גאַנצע פערזענלעכקייטן. (נישטאָ קיין גאַנצערע זאַך ווי אַ צעבראָ־כענער ייד, האָט געזאָגט אַ חסידותער רבי). אַפילו פאַר זיינע נאָענטסטע תלמידים האָט ער זיך ניט געלאָזט פול דערקענען. וויפל ער האָט זיך ניט אַנטפּלעקט פאַר זיי, האָט ער פאָרט געלאָזן אַן אייגענעם ווינקל אין זיך, ווו ער האָט זיי ניט אַריינגעלאָזן. „והוא נשאר בסתר ונעלם . . . ולכן מעט מעט יודעים אותו מעט מעט״ (ער איז געבליבן באַהאַלטן און פאַרבאָרגן, און דערפאַר ווייסן נאָר גאָר ווייניקע גאָר ווייניק וועגן אים״. אַזוי דערציילט, אין אַ בריוו, זיין בעסטער תלמיד, ר׳ שמחה זיסל זיו. דאָס זעלבע האָבן באַשטעטיקט אויך אַנדערע אינטימע תלמידים. דאָס זיינען אַלץ סימנים פון דעם מנהיג, וואָס עפנט קיין

מאָל ניט פול און גאַנץ זיין אינערלעכע וועלט, אַפילו פאַר זיינע נאָענטסטע. לויט זייער נאַטור, לאָזן אַזעלכע אַלע מאָל עפעס ניט דערזאָגט — ווייל זיי האָבן אַפילו זיך נאָך ניט אַלץ געזאָגט, ניט געמאָסט קלאָר אַלע ניגודים אין זיך. עס איז דער גאַנג פון אַ אידיאַליסטישער פערזענלעכקייט, זיך צו ראַנגלען מיט מיינונגען איפן וועג צו זיין אמת און שלימות. אָבער די אַרומיקע זיינען אָפט געווען פאַרוווּנדערט פון זיינע הנהגות און מעשים. דער מענטש וואָס איז איבערגעציטערט פאַר דער וויטסטער חומרה און דינסטן ספק אַרום אַ דין, שטעלט זיך אויף יום כפור אין שול, אין ווילנע, און עסט בפני כל עם ועדה. אין שטאָט איז אַ מגפה, איז עס פיקוח נפש, און ר׳ ישראל טוט עס על פי דין. אָבער ער איז ניט דער רב פון שטאָט, איז ניט אויף אים די אחריות פאַרן קהל. און אַזאַ זאַך טוט מען ניט על דעת עצמו. און אָפגעהיטע יידן קענען מתיר זיין דעם רבים, ווען מען מוז, אָבער אַליין טוען זיי לפנים משורת הדין, פונדעסטוועגן טוט ניט אַזוי ר׳ ישראל. און דאָס אין סאַמע הייליקסטן טאָג, אין דער סאַמע אָפגעהיטסטער פירונג פון יידן, צו פאַסטן. איז ניט קיין וווּנדער וואָס ר׳ ישראלס שאַרפע האַנדלונג די רופט אַרויס שרעק און קעגנערשאַפט ביי רבנים און אויך ביי פאָלקס מענטשן. דער זעלבער אַקט, אָבער, רופט אַרויס באַגייסטערונג ביי די משכילים. זיי זעען שוין אין ר׳ ישראלן אַ חבר לדעה, אַ פאַרגרינגערער פון טראַדיציע, אַ טאַט פון ליבעראַליזם און אויפגעקלערטקייט. דערפאַר טאַקע לייגן די משכילים באַלד פאָר, אַז ר׳ ישראל זאָל ווערן דער אָנפירער פון דער געפלאַנטער ראַבינער שול אין ווילנע (פון וועלכער ר׳ ישראל וויל ניט הערן און ער פאַרלאָזט די שטאָט). עס טראָגן זיך אַרום שמועות וועגן ר׳ ישראלס זאָגונגען און הנהגות, וועלכע שטעלן אים אין ליכט פון אַן סאָציאַלן און קולטורעלן ענדערער פון אַ צאָל אָנגענומענע איינשטעלונגען. מען דערציילט אַז ער האָט זיך קעגנגעשטעלט מיט שאַרפקייט בעלי בתים אין סאַלאַנט, פאַר דעם וואָס זיי האָבן געהאָלפן די „כאַפערס“ אָפגעבן אַ קינד פון אַן אָרעמער אלמנה צום מיליטער, כדי אויסהיטן זייערע אייגענע קינדער. ר׳ ישראל האָט זיך אָפגעזאָגט צו האַוונען מיט אָט די בעלי בתים. מען דערציילט, אַז ערגעץ האָט מען מעביר געווען (אָפגעזאָגט) אַ שוחט, ווייל ער זאָל האָבן געשאָכטן מיט אַ פגימהדיקן חלף. האָט ר׳ ישראל געזאָגט: די שעכטערס פון דעם שוחט (ווייל מען האָט צוגענומען

זיין חיונה) האבן געוויס מער פגימות . . . עס טראגט זיך ארום דער ווערטל פון ר׳ ישראלן: פרום דארף א ייד זיין אויף איגענע פלייצעס (אייגענער ארבעט). ר׳ ישראל גייט אין קראמען, אדער שיקט זיינע תלמידים, קאנטראלירן די געוויכטער, צי מען פארקויפט ניט מיט אן פאלשע וואג און מאס, און ער רעדט כסדר וועגן דער זינד פון אפנארן אין מסחר. ר׳ ישראל דערמוטיקט יידישע יוגנט זאל לערנען דאס לשון פון לאנד און זיך לערנען מלאכות. אין די שפעטערדיקע יארן באמיט זיך ר׳ ישראל צו איבערזעצן דעם תלמוד אין פראנצויז. מען זעט זיין עסטעטישע הנהגה, זיינע אפגעהיטע טואונגען, זיין קליידן זיך אייראפעאיש, און אפילו מאהערן. פון דעם אלעמען דערינגען די משכילים, אז ר׳ ישראל גייט מיט אן דרך וואס איז נאענט צו זייערן. שרייבן א טייל משכילים (צווישן זיי נחום סאקאלאוו) וועגן אים מיט גרויס פארערונג. אבער ר׳ ישראלס דרך האט ניט געצילט צו קיין סאציאלע רעפארמעס, נאר צו אינדי־ווידועלער מאראל, לויט די מאראלישע מצוות פון דער תורה. און אזוי אויך האט זיין דרך ניט געצילט צו קיין קולטורעלע ענדערונגען, אדער צו אריינברענגען וועלכע נייע פארמען. דערפאר האט מוסר ניט באשאפן קיין סיסטעם און קיין שול, אין דעם אנגענומענעם זין. כדי דאס צו טאן דארף א באוועגונג זיין רעוואלוציאנער, און דאס מיינט ניט נאר ארויסהייבן פאזיטיווע לאזונגען; זי דארף זיך אויך איינשטעלן, און שארף, קעגן עפעס, שטרעבן עפעס צו צעברעכן, אפראמען, כדי מאכן ארט פאר דאס נייע — און אפט איז א סך וויכטיקער פאר א נייער באוועגונג דאס וואס זי נעגירט, וואס זי באקעמפט אין אנדערע.

אין דער שיטה פון ר׳ ישראלן זיינען געווען א סך רעוואלוציאנערע פונקטן, אבער זיי האבן זיך ניט אויפגע־צונדן אין קיין ליכטיקן פלאם. און דאס איז געווען דערפאר, ווייל מוסר האט געפעלט דער נאציאנאלער אימפולס, די משיחישע בענקשאפט, דער הייסער שטרעבן צו גאולה, ווי דאס האט זיך ארויסגעווירקט אין אלע יידישע באוועגונגען דורכן גאנצן גלות. אן אט דעם שטרעבן האט מוסר ניט געקענט דערגיין צו מאסן, צום פאלק. און דאס לייגן דעם טראפ אויף זיטלעכקייט, אויף מאראל, צווישן פארפאלגטע און באליידיקטע, ארעמע מענטשן, צעפייניקטע פון א לאנגען און שווערן גלות — אט די לערע האט, אין די באדינגונגען, געקענט דערגיין נאר צו ווייניקע. און ווען

מען קוקט איצט צוריק אויף יענער תקופה, נאָכן אָפּגאַנג פון צייט און פון די גרויליקע געשעענישן, מוז מען זיך וווּנדערן צו די מאָראַלישע לערע פון מוסר, אין יענע באַדינגונגען, איז געווען אַ נויטיקע. צו שאַפן אַ גייסטיקע עליטע, ווי מוסר האָט עס געשטרעבט, צווישן דעפּרימירטע מענטשן, סאָציאַל באַליידיקטע, רעכטלאָזע, איז געווען קינסטלעך, ניט אַרויסגעוואַקסן פון דער ווירקלעכקייט. און דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל ר׳ ישראל איז, מיט זיין גאַנצן גאַנג צו דער וועלט און אין דער וועלט, ניט אַוועק פון זיין אייגענער סביבה. זיינע סאָציאַלע אויפשטורעמונגען, זיין עטישע לערע, זיין מאָראַלישער פּיר, זיין עסטעטישע הנהגה, און געוויס די פילאָסאָפישע דורכבליצן און וועלטלעך־קולטורעלע פאַרמעסטונגען זיינען נאָר געווען באַגלייט־דערשיינונגען, אַרויסלויכטונגען פון די ראַנגלענישן פון זיין פּערזענלעכקייט. אָבער זיין צייט און זיין סביבה, די אַלגעמיינע און די יידישע, האָבן באַשטימט דעם ווירקלעכסטן אויפטו פון מוסר: דאָס פונאַנדערבויען ישיבות — און אין דעם איז מוסר געוואָרן אַ פאָלקס באַוועגונג. אין דעם איז איר גרויסקייט און אויפטו, וואָס זי האָט מיטן קול התורה פאַרליכטיקט, דערוואַרעמט און דערקוויקט אָרעמע יידישע היימען פון מזרח אייראָפּע. דערפון איז דער יידישער מצב ניט געוואָרן בעסער, אָבער עס האָט אַריינגעבראַכט אין די געמיטער פון אירע טרעגער און לערנערס גייסטיקע אצילות.

## ח

שטיל און באַשיידן זיינען אויפגעקומען די מוסרניקעס אין דער ליטע, ווי די שטילע ליטווישע לאַנדשאַפט, ווי דאָס שטילע פליסן פון ניעמאַן, ביי וועמענס ברעגעס, אין אַלעקסאָט פון קאָוונע, די ערשטע חבורה האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן. אַ פאַרשטילטער, אין אַן איינזאַמען בוידעמאַלקער, איז דאָ געזעסן ר׳ ישראל, מיט עטלעכע תלמידים נאָר, פאַרטייפטע אין זיך, געלערנט „חשבון הנפש״ און געמאַכט חשבון הנפש, כדי אויסצואיידעלן די אייגענע מידות. און אַזוי שטיל ווי מוסר איז אויפגעקומען, אַזוי איז די שיטה שוין אויך פאַרבליבן. ניט חוסה געווען צו ווערן אַ גרויסע פאָלק־באַוועגונג, ווי דאָס איז באַשערט געווען חסידות. אין דעם עצם וועלט־באַנעם פון מוסר איז שוין גלייך פון אָנהייב געווען אָנגעצייכנט איר צמצום, איר

באַשיידענע איינשטעלונג צו בלייבן מער אַ כיתה, אַ קרייז פון אויסדערוויילטע. חסידות איז געקומען צו און פאַרן פאָלק. מוסר האָט געזוכט דעם יחיד. חסידות איז געקומען מיט פריידיקן געטומל, האָט געזאָגט צום פאָלק: שענק קאָן אויך זיין אַ בית המדרש. פאַרן בעל מוסר איז אַפילו דער בית המדרש צופיל טומל. אין פאָליש איז שטילער, אין שטוב, אויף אַ בוידעם־שטיבל — נאָך רואיקער. האָט דער בעל מוסר זיך פאַרקליבן מיט זיך און אין זיך, אויסבאַהאַלטן פון רעש פון גאַס, פון געטומל, אין זיין אייגענער נשמהדיקער וועלט. „איך האָב ליב די קלענערע מצווה, אַבי שייך זאָל זי זיין". אין אָט־דעם זאָג פון ר' ישראלן איז שוין געווען דער באַריער, וועלכער האָט „ניט צוגעלאָזן" קיין מאַסן. מען האָט געדאַרפט זיין אַ גרויסער ייד, כדי קאָנען זיין אַ קליינער בעל־מוסר. אַ אידיי געבויט אויף אידיאַליסטישן ראַציאָנאַליזם האָט ניט געקאָנט זיך ברייט אַריינשניידן אין פאָלק. אָבער מוסר האָט געהאַט האַרציקע פאָלקישקייט. און אינטערעסאַנט: חסידות איז געקומען צום פאָלק, כדי צו זיין מיטן פאָלק, און אויפגעשטעלט רביישע הייפן, דינאַסטיעס, מיט אַ ברייטן פיר — ווי רבנות האָט עס גאָר קיינמאָל ניט געוווסט — מיט אָפּגעשלאָסענע חדרים, ביי וועמענס טירן „ס'וואַלגערן" זיך חסידים, אין דערוואַרטונג צו קאָנען באַרירן דעם רבנס ברעג בגד. מוסר איז געקומען פון איינזאַמער התבודדות, צו בלייבן אַן איינזיכיקע, און געטראָגן אַ כאַראַקטער פון פאָלקישקייט. די ערשטע לערער פון מוסר — באַשיידן אָנגעטאָן, ווי פּשוטע יידן. און כאָטש פון דער וועלט אָפּגעזונדערטע, זיינען זיי געווען כסדר אַריינגעטאָן אין מענטשלעכע פּראָבלעמען. ר' ישראל באַמיט זיך אַרויסגעבן ש"ס אין פּראַנצויזישער איבערזעצונג; גיט אַרויס אַ העברעאישן זשורנאַל; („תבונה") זיצט גאַנצע נעכט, לערנט אויס מגידים, וועלכע קומען קיין קאָוונע, נייע דרשות, זיי זאָלן ניט מוסרן יידן מיט די אָנגענומענע מוסר־רייד, נאָר ריידן צום פאָלק וועגן דעם, אַז מען טאָר ניט פאַרנעמען יענעמס אַ פּרוטה, וועגן מידות טובות און באַציאונג צום מיטמענטשן, און ער אַגיטירט פאַר פּראָדוקטיווער אַרבעט צווישן יידן. מוסרניקעס האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון אַרום, כדי קומען צוריק צו דער וועלט געלייטערטע פון אייגענעם שוויגן. מוסרניקעס זיינען ניט געווען אַ כיתה פון אַסקעטן, אַזוי ווי אָפּגעשלאָסענע מאָנאַכן אין די פיר

ווינקלען פון אַ מאָנאַסטיר. מוסר איז פון דער וועלט ניט אַנטלאָפן. דער מוסרניק האָט געזען די וועלט, ווי אַ מענטש וואָס קוקט אַראָפּ פון אַ באַלקאָן אויף אַ טומלדיקער גאַס, מיט שׂכל און געפיל זי באַטראַכט. דער געדאַנק און קאַמף פאַר ביטול־היש איז געווען גראָד אין פאַרווונדערונג פאַרן „יש מאין", פאַרן ווונדערלעכן באַשאַף. דערפאַר איז דער בעל מוסר אַנטלאָפן, ניט פון דער וועלט, נאָר פון דער וועלטס גשמיות, זיך מסתפּק געווען במועט ווייל, ווי געטע האָט עס שאַרף געזאָגט: Geniessen macht gemein.

עס איז דער גורל פון יעדער אידיי, אַז אין גאַנג פון ציַיט דערווייטערט זי זיך פון מקור. דאָס זעלביע איז אויך געשען מיט דער באַוועגונג פון מוסר. אפילו אין די באַגרענעצטע ראַמען פון אַנהענגער, סביבה און צייט, אין וועלכע מוסר האָט געווירקט, זיינען אויך אויפגעקומען ביי איר חבורות, וואָס האָבן שוין מיט זייער גאַנג געהאַט גאָר אַ קנאַפּן שייכות צו ר' ישראלס דרך און הויפט־שיטה. אָט די כיתות האָבן די אידיי פון ביטול־היש, פאַרמינערן די איגענע חשיבות, דערפירט צו אַסקעטיזם. אַנשטאָט פשטות, באַשיידענעם לעבן, זיינען געקומען סי־גופים פון לעבן; אַנשטאָט זיך ניט יאָגן נאָך כבוד, האָט מען געריצט דאָס געפיל פון כבוד, געזוכט זיך לאָזן פאַר־שעמען — וואָס האָט, דורך דעם אַליין, אַקצענטירט די איגענע העכערקייט; אַנשטאָט אַן אידעלן לעבן אין דער וועלט, זיינען שוין אויך אויפגעקומען מוסר חבורות, וועל־כע האָבן זיך באַמיט די וועלט און דאָס לעבן צו פאַרליי־קענען. אַזאַ גאַנג איז פרעמד געווען דעם יידישן גייסט. טיפער חלום און ווייטע בענקשאַפט איז יידיש. אַסקעטיזם, מאַזאָכיזם זיינען ניט לויט די אידייען פון תורה חיים. נאָר דאָרט וווּ עס איז געווען דאָס וויגעלע פון מוסר, אין ליטע, האָט מען זיך געהאַלטן ווייט דערפון, און פאַרגעזעצט צו גיין מיטן אָנגעצייכנטן דרך פון ר' ישראל סאַלאַנטער.

מוסר איז געבליבן, ווי געזאָגט, אַ קליינע, אין זיך איינגעשלאָסענע באַוועגונג, וואָס האָט קוים — מיט קליינע אויסנאָמען — אַריבערגעשפּאַנט די ברעגעס פון ליטע־לאַנד. געבליבן אין וואָלאָזשין און סלאָבאָדקע, אין נאָוואַ־רעדאָק און קעלעם, פאַרשטילט אין איגענע כותלי בית־המדרש. אין דער ליטעראַטור — נאָר פאַרבייגייענדיק דערמאָנט געוואָרן, אַנטקעגן חסידות, וואָס איז אַזוי ברייט אַריין אין דער ליטעראַטור און אַרויסגעקומען דאָ גרויס און שיין. מוסר האָט אפשר נאָך געוואַרט אויף גערייען אין

הערציער און מוחות. איז אָבער געקומען דער אומברענגער און צעטראָטן די מוסר־נעסטן, וואָס זיינען דורך פיר דורות האַרציקע יידן אויסגעוואָרעמט געוואָרן. זיינען די קעלמער תלמוד־תורהניקעס אַוועק זינגענדיק אָקעגן טויט, ווי זמתע בעלי מוסר, וואָס גלויבן אין נצחון פון צדק, ליכט און גוטס, אפילו אין דער שרעקלעכסטער צייט.

מוסר איז אויפגעקומען פון די טיפסטע יידיש עטישע קוואַלן. אין ליטע־לאַנד האָט עס געווירקט. דאָרט האָט די לאַנדשאַפט, די נאַטור צוגעהאָלפן אַז מוסר זאָל קענען געדייען, זיך אַריינזינגען מיט האַרציקן געפיל, מיטן אייגע־נעם מעלאַנכאָלישן ניגון. עס איז געווען אַן עכט יידיש־ליטווישע תורה־באַוועגונג, אפשר די איינציקע וואָס איז אַזוי כולו אין סאַראַקטער פון „ליטוואַק״.

לאָרענצאָ מאַרקס, סוף נאָוועמבער, 1952.

דער אַקטיווער יידישער רעוואָלט אין ארץ ישראל האָט זיך אָנגעהויבן אין מודיעין און זיך פאַרענדיקט אין מסדה — פאָרמעל־היסטאָריש. פאַקטיש האָט דער דאָזיקער רעוואָלט ניט אויפגעהערט ביז היינט.

די קאַמפן האָבן אָנגעהאַלטן 240 יאָר, פון מודיעין ביז מסדה, — אָבער זיי זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן, אין אַנדערע פאָרמען, אויך אין גלות, און דאָס וואָס עס געשעט היינט אין ארץ ישראל איז אַ המשך פון יענעם רעוואָלט — 19 הונדערט יאָר זינט מסדה.

פון מודיעין ביז מסדה (מצדה) איז ניט ווייט — אין שטח, אָבער אומציייליקע מיילן אין דער יידישער געשיכטע. פון מודיעין ביז מסדה — דאָס איז די יידישע געשיכטע; דאָס וואָס עס איז געשען אין די 240 יאָר האָט באַשטימט דעם גורל־גאַנג פון פאָלק. אין אָט דער באַגרענעצטער תקופה, פון 163 פאַר דער היינטיקער צייטרעכענונג ביז 73 אין דער היינטיקער צייטרעכענונג, האָבן זיך אָנגעהויבן, פאָרמירט און אָפגעשפּילט די גרונטיקע היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע האָבן געבראַכט פּיין, ליידן, חורבן, קאַמף, ווידערשטאַנד, נאַציאָנאַלע עקשנות, גלויבן, אידייען, בטחון — אַלץ וואָס האָט געפירט דאָס פאָלק דורך בלוט און פייער, דורך אומקום צו אויפקום. דער געשיכטלעכער גאַנג פון פאָלק איז אויסגעשמידט געוואָרן אין אָט די 240 יאָר.

מען מעג טראַכטן, אז ווען ניט מודיעין און מסדה וואָלט די תורה פאַרגעסן געוואָרן, דאָס פאָלק וואָלט אונטערגעגאַנגען, ווייל עס וואָלט ניט געהאַט דעם כוח אויסצוהאַלטן דעם גלות, ווייל עס וואָלט ניט געווען דער גלויבן און די האָפנונג און דער ווילן צום געראַנגל אויף זיך אומקערן קיין ארץ ישראל. ווייל די תורה שבעל פה (דער תלמוד) האָט אָנגעהייבן געשטאַלטיקן דעם דרך פון פאָלק אין אָט דער תקופה; די אמונה אין בית המשיח איז אויפגעקומען אין דער צייט;

*) כראָנאָלאָגיש, לויט די באַהאַנדלטע היסטאָרישע טעמעס, האָט די עסיי (און אויך די חייטערדיקע, „אַ לעקציע") געדאַרפט זיין געדרוקט פאַר „צייט פון רענעסאַנס" (זייט 97). אָבער אין מוקדם ומאוחר, חייל יעדע אַרבעט איז אַ גאַנצע אין זיך. הגם אידייאיש זיינען אַלע עסייען פאַרבונדן.

גרעסטע יידישע תלמידי־חכמים האָבן געווירקט אין דער צייט; די ארץ ישראלדיקע גרענעצן זיינען דאַן, פּאַקטיש, אויסגעקעמפט געוואָרן. און די ליבשאַפט צו ארץ ישראל איז אויסגעשמידט געוואָרן, דורך מסירת נפש, אין די קאַמפן פון מודיעין ביז מסדה. דער נאַציאָנאַלער איגנאָרט פון יידן ווי אַ פאָלק איז דאַן פאַרמירט געוואָרן. די ערשטע קאַמפן קעגן קריסטנטום, וואָס איז דאַן אויפגעקומען, האָבן אָנגעצייכנט דעם ווייטערדיקן שווערן געראַנגל, וואָס איז אָנגעגאַנגען דורכן לאַנגן גלות, און באַשטימט די בלייבהאַפטיקייט פון יידישן פאָלק.



על הנסים... וועלכע נסים זיינען פאָרגעקומען אין די טעג פון מתתיהו בן יוחנן, פון דעם דאָרף מודיעין?

די אַלע וואונדער, וועלכע ווערן אויסגערעכנט אין „על הנסים", וואָס יידן זאָגן אין די טעג פון חנוכה, האָבן זיך שפּעטער אויסגעלאָזן מיט פּונקט דאָס פאַרקערטע פון נס און גאָר ניט אין דעם גייסט, צו וועלכן מתתיהו האָט געשטרעבט. דער אַלטער כהן פון דאָרף מודיעין האָט געזען ווי אַ גריכישער אָפּיצער צווינגט יידן ברענגען אַ קרבן פאַר איינעם פון די גריכישע געטער, זעאוס, וואָס דאָס איז אויך געווען פאַרן כבוד פון דעם גריכישן אימפּעראַטאָר אַנטיוכס אפּיפנס. אַ ייד פון דעם דאָרף האָט געטאָן לויטן באַפעל פון גריכישן אָפּיצער. מתתיהו האָט זיך קעגנגעשטעלט און ארויס אין רעוואָלט קעגן דעם גריכישן אָקופּאַנט פון ארץ ישראל, — ווייל ער צווינגט ארויף געצנדינסט אויף יידן (כשעמדה מלכות יון הרשעה על עמך ישראל להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך). ווען די גריכן וואָלטן זיך געפירט ווי די ערשטער פון פרס (פּערסיע) פריער און ווי טייל שפּעטערדיקע רוימישע הערשער אין ארץ ישראל, ניט ארויפגעצוווּנגען זייער קולטור אויף יידן, געלאָזן יידן אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה, וואָלט מתתיהו ניט ארויס אין קאַמף. יידן וואָלטן געטראָגן געדולדיק דעם יאָך פון פּאָמפּיי און די הערשאַפט פון דער מעקאַדאָניש־גריכישער סילוקים דינאַסטיע, וועלכע האָט רעגירט איבער ארץ ישראל פון סיריע. יידן זיינען שוין דאַן געווען דערשלאָגן, געוווינט צו לעבן אונטער אַ פרעמדע פּאָליטישע אויבערהערשאַפט, פון בבל, פרס, מצרים און סיריע.

די יידן וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון בבל, אונטער דער אָנפירונג פון עזרא און נחמיה, האָבן שוין ניט געהאַט

קיין פולע מדינהשאַפטלעכע זעלבסטשטענדיקייט, ווי דאָס איז געווען ביז דעם חורבן בית ראשון. זיי האָבן איינגעשטעלט אַ ברייטע קולטור־אויטאָנאָמיע, אונטער דער אימפּעריע פון פּרס (פּערסיע), וואָס האָט אויך געהערשט איבער מצרים, אין דרום פון ארץ ישראל, און איבער סיריע, אין צפון. די פּערסישע מושלים, וועלכע זיינען געזעסן אין ירושלים בערך צוויי הונדערט יאָר, האָבן ניט געשטערט יידן צו לעבן לויט זייערע געזעצן און פירונגען, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געצאָלט דעם שטייער פאַר דער אימפּעריאַלער מאַכט. דאָס גייסטיקע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט ארום בית המקדש, וואָס איז ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן — ניט אין זיין פולער פּראַכט, ווי דער ערשטער בית, אָבער מיט דער פולער אָפּהיטונג פון דער עבודה אין אים. דער כוהן גדול איז געווען אָנערקענטער מנהיג פון די יידן, וועמען די מאַכט האָט רעספּעקטירט. דאָס זעלבע האָט אָנגעהאַלטן, מיט פאַרשיידענע קליינע ענדערונגען, ווען אלכסנדר מוקדון האָט באַזיגט די פּערסישע אימפּעריע און אויסגעשפּרייט זיין הערשאַפט איבער דעם טייל וועלט (פּרעגנדיק: „עס זיינען נאָך פאַראַן וועלטן איינצונעמען?”). אלכסנדר דער גרויסער האָט ארויפגעפירט אויף דער אַרענע ניט נאָר די פיזישע מאַכט פון גריכנלאַנד, נאָר אויך איר העליניסטישער קולטור. דער נאָענטער מזרח, מערב אזיע און צפון אפריקע און ווו נאָר עס האָט זיך געשפּרייט די מאַכט פון אלכסנדר, האָט אויך אָנגענומען די גריכישע קולטור, לשון און מנהגים. (דער רוימישער פילאָסאָף לוציוס אנואס סענעקאַ פון 1טן י״ה, דערציילט ווי די גריכישע מאַכט און קולטור פון דער צייט האָט באַהערשט לענדער און פעלקער, פון שוואַרצן ים ביז טיף אין אַזיע. — סענעקאַ, טרייסט־בריוו צו זיין מוטער). נאָכן טויט פון אַלכסנדר מוקדון איז די אימפּעריע צעטיילט געוואָרן צווישן זיינע יורשים, אויף צוויי דינאַסטיעס. ארץ ישראל, ווי מצרים, איז געווען אונטער דער איבער־מאַכט פון דער תלמי (פּטאָלעמייער) דינאַסטיע, פאַר, בערך, הונדערט יאָר. אין אָט דער צייט זיינען שוין געווען שטאַרקע גריכיש־העליניסטישע איינפלוסן צווישן יידן, אין ארץ ישראל, און נאָך מער צווישן יידן וועלכע האָבן געלעבט אויסער ארץ ישראל, אין אלכסנדריה פון מצרים, אין אַ סך שטעט פון קליין אזיע. אָבער די העליניזירונג איז געווען אַ פּריוויליקע. ערשט ווען די מאַכט איבער ארץ ישראל איז איבערגענומען געוואָרן פון דער צווייטער פּערסישער דינאַסטיע, די סילוקים, וועלכע האָבן געהערשט פון סיריע, האָבן זיי אָנגעהויבן צווינגען די יידן אָנצונעמען העליניסטישע פירונ־

גען. קעגן דעם דאָזיקן צוואַנג איז אַרויס אין אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף מתתיהו מיט זיינע פינף זין. דאָס פאָלק איז צוגעשטאַנען צו דעם ווידערשטאַנד, און אַ סך זיינען אַוועק אין די הײלן פון מדבר, וווּ זיי האָבן זיך באַוואָפנט מיט מוט. דער דריטער זון פון מתתיהו, יהודה המכבי, האָט זיך געשטעלט בראש פון די קעמפער. פופצן יאָר האָט אָנגעהאַלטן די מלחמה, אַ סך קעמפער זיינען געפאַלן, אויך יהודה המכבי, ביז עס איז דערגרייכט געוואָרן דער נצחון, די באַפרייאונג פון ירושלים, די באַנייאונג פון דער עבודה אין בית המקדש און די אייגענע נאַציאָנאַלע פירונג פון יידן.

אָבער נאָר איין דור שפּעטער האָבן די קינדער פון דער חשמונאים משפּחה, די אייניקלעך פון מתתיהו, אָנגעהויבן איבערנעמען גריכישע מנהגים. זיי האָבן זיך גערופן מיט גריכישע נעמען: הורקנוס, אריסטובלוס, אלכסנדר און אלכסנדרה. צווישן זיי און זייערע נאָכקומענדיקע דורות איז ניט געווען קיין איינער וואָס זאָל זיך רופן מיטן נאָמען פון זיידן אָדער מיט די נעמען פון זיינע פינף העלדישע זין; זיי האָבן זיך ניט געגרויסט מיט יהודה המכבי און מיט די אַנדערע העלדישע ווידערשטענדלערס פון זייער משפּחה. די קינדער און אייניקלעך פון מתתיהו האָבן געקעמפט פאַר דער אייגענער שררהשאַפט, פאַר דער אייגענער מאַכט, זיי האָבן געוואָלט זיין די כהנים גדולים און די פאַרשטייער פון דער אויבער־מאַכט, הערשן אין פאָלק מיט דער הילף פון אָקופּאַנט, דורך חניפה און צופּאַסונג צום שונא. און וויבאַלד אַזוי — אין וואָס זיינען באַשטאַנען די נסים פון דעם נצחון, וואָס חנוכה צייכנט אָפּ, אויב די געווינערס האָבן באַלד נאָכגעטאָן, פרייוויליק, די מנהגים פון דעם פיינט?!



אונטער דער הערשאַפט פון דער דירעקטער חשמונאים־משפּחה, בערך הונדערט יאָר, איז ניט געווען קיין סך פרייד אין פאָלק. די אינערלעכע סעקטאַנטישע משפּחה־קאַמפן האָבן אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט, ביז די דינאַסטיע און די הערשאַפט האָט פאַרכאַפּט הורדוס, דער אָפּשטאַמיקער פון די אדומים. ער האָט אָנגענומען די יידישע אמונה (ווי שוין זיין פאָטער) און נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם קאַמף פון די חשמונאים אויסצובררייטערן די גרענעצן פון לאַנד. הורדוס איז געווען אַ גרויסער קעניג, ער האָט געבויט דאָס לאַנד, אויסגעשפּרייט אירע גרענעצן און אויסגעשפּרייט זיין מאַכט. הורדוס האָט

פאַרשענערט דעם געבוי פון בית המקדש, געבויט שטעט און אויפגעשטעלט פעסטונגען, אין דעם גריכיש־רוימישן סטיל. ער האָט אויפגעשטעלט אַמפי־טעאַטערס און בעדער. ער האָט אין דעם נאָכגעטאָן די רוימישע קיסרים. צעזאַר האָט געזאָגט, אז ער האָט געפונען רוים געבויט אין ציגל און ער וויל עס איבערלאָזן געבויט אין מירמל. און אזוי האָט אויך הורדוס, צעזאַרס פריינד, איבערגעבויט ארץ ישראל אין שטיין און מיט רייכקייט. (דאָס רוב פון די צייכנס, אין שטיין, אין געביידעס, מאָנומענטן, וואָס מען געפינט היינט אין ארץ ישראל, שטאַמען פון דער הורדוס תקופה. אויך די העכערע שטיינער או פֿן כותל מערבי, ווערט אָנגענומען, זיינען אויפגעמויערט געוואָרן פון הורדוסן, אזוי אויך די איבערבלייבענישן אויף מסדה). אָבער דאָס אַלץ האָט הורדוס געטאָן מיט פאָליטישער אונטערטעניקייט צו דער רוימישער אימפעריע (וועלכע האָט אין זיין צייט איבערגענומען די מאַכט פון דער גריכיש־סירישער דינאַסטיע). די חשמונאים־משפחה האָט זיך אויך געהאַלטן אונטערטעניק צו רוים, אין קאָנקורענץ קעגן הורדוסן; אָבער הורדוס האָט שוין אויך אליין געהאַט דעם אָרעאָל פון די חשמונאים, דורך דעם וואָס מאַריאַנאַ (מרים), די טאָכטער פון כוהן גדול, די אור־איניקל פון מתתיהו, האָט חתונה געהאַט מיט אים.

די אינטריגעס וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין דעם קעניגלעכן הויף פון הורדוס׳ן, באַזונדערס פון דער שטאָלצער אלכסנדרה, די מוטער פון מרים, די שוויגער פון הורדוס, האָבן ניט ווייניק צוגעהאָלפן, אָדער זיינען טאַקע געווען שולדיק, אין די גרויזאַמע משפחה־מאָרדן, וואָס הורדוס האָט דורכגעפירט אויף זיין פרוי און זיינע קינדער, אויף דער גאַנצער דירעקטער משפחה פון די חשמונאים.

איז ווידער: אין וואָס זיינען באַשטאַנען די נסים פון חנוכה? נאָכן רייניקן דעם בית המקדש, האָבן זיך געעפנט בלוטיקע בלעטער אין דער יידישער געשיכטע, און דאָס פאָלק איז קיין מאָל ניט דערגאַנגען שוין צו פולע פרייהייט, ביז עס איז געקומען דער סוף, דער חורבן בית המקדש, און מסדה, ווו די לעצטע 960 קעמפער, בראש מיט אליעזר בן יעיר, האָבן זיך אליין אומגעבראַכט, כדי ניט ארייַנפאַלן לעבעדיקע אין די הענט פון די רוימישע זיגער, פון דעם רוימישן גענעראַל סילוואַ, דעם געשיקטן פון טיטוס.

דער נס פון חנוכה איז ניט געווען אין דעם חנוכת המזבח, אין באַנייאונג די עבודה אין בית המקדש. וויסנדיק וואָס עס איז געשען נאָך דעם, ווי די געשיכטע האָט זיך אַנטוויקלט,

האָט עס ניט געקענט דערמוטיקן צו אַ יום טוב, און נאָך אזא יום טוב וואָס זאָל אָנהאַלטן דורך אַלע דורות, וואָס זאָל איינגעשלאָסן ווערן אין די גרויסע ימים טובים פון יידישן לוח אויף אייביק (שבת כב, כג, און רמב״ם, הלכות חנוכה).

די גרויסקייט און אויסנאַמלעכקייט פון חנוכה איז ניט געווען אין דעם מאָמענטאַלן נצחון איבער די יונים, נאָר אין דעם וואָס צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע האָבן יידן גענומען זייער גורל אין די אייגענע הענט; צום ערשטן מאָל זיינען יידן ארויס אין קאַמף מיט אַ נאַציאָנאַלן ווילן, צוליב נאַציאָנאַלע מאָטיוון.



ביזן אויסברוך פון דעם רעוואָלט פון די חשמונאים איז ניט געווען קיין יידיש פאָלק, אין דעם נאַציאָנאַלן זין. עס זיינען געווען שבטים, וועלכע גאָט האָט ארויסגעפירט פון מצרים, דורך איבערנאַטירלעכע געשעענישן, און אזוי איבערנאַטירלעך איז געווען זייער גאַנג אין מדבר און זייער אריינקומען אין ארץ ישראל. אָט די צוועלף שבטים, וועלכע זיינען אויך אזוי געזעסן אין לאַנד, אָפּגעטיילט יעדער אויף זיין אייגענטיילטע נחלה, זיינען געווען אַן אויסנאַמלעכע איינהייט; ניט קיין פאָלק, נאָר אַ רעליגיעזע עדה, וועמען די געטלעכקייט האָט איינגעזאַמלט און אָפּגעהיט, אויב זיי האָבן געהיט די אָנזאָגן אין דער תורה, די מצוות. דער מלך איז ניט געווען אויסגעוויילט פון פאָלק אָדער אזא וועלכער האָט זיך דעראָבערט זיין קעניגשאַפט. דער מלך און די מלוכה זיינען געווען באַשטימטע, לויט אַ העכערן ווילן און אויסוואַל. און אזוי האָבן געדאַרפט זיין אַלע פירונגען פון די בני ישראל, לויט די רייד אין מויל פון דעם נביא. און דאָס איז געווען אַ שטענדיקער דיאַלאָג. און אויב די בני ישראל האָבן ניט געטאָן ווי זיי זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן, איז געקומען שטראָף. און יידן האָבן נאָר זייער זעלטן געטאָן ווי גאָט האָט עס פאַרלאַנגט פון זיי. נאָר אַ קורצע צייט האָבן די שבטים זיך געהאַלטן צוזאַמען, אין דער קעניג־צייט פון דוד. באַלד נאָך דעם מלכות פון שלמה איז אויך דאָס לאַנד געוואָרן צעטיילט, אויף יהודה און ישראל, צוויי פיינטלעכע לאַגערן. אין דער גאַנצער געשיכטע פון די שבטים אין ארץ ישראל קומט ניט צום אויסדרוק אַ געמיינשאַפטלעכער נאַציאָנאַלער שטרעבן, וואָס זאָל זיין דיקטירט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן און באַשטימט דורכן פאָלק.

אין דער גרעסטער און שענסטער צייט פון יידישער מלכות, אין די לעבנס־טעג פון דוד המלך, איז ארץ ישראל געווען אַ וויטע פּראָווינץ, אָפּגערוקט פון דעם גאַנג פון דער וועלט. די זיבן פעלקער, וועלכע די בני ישראל האָבן איינגענומען, און מיט וועלכע דוד האָט אַ גאַנץ לעבן געפירט מלחמות, זיינען געווען שבטים, אָדער גרויסע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געהאַט נאָר אַ לאָקאַלן באַדייט, אין די ערטער און אין דער צייט אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. אָבער דער רעוואָלט פון די חשמונאים איז ארויס קעגן אַ וועלט מאַכט, אַן אימפּעריע, וואָס האָט זיך געשפּרייט מיט איר קראַפט און מיט איר קולטור און פאַרמירט די געשיכטע פון דער אַנטיקער וועלט.

צום ערשטן מאָל שטייען דאָ יידן אין געראַנגל מיט דער וועלט — פיזיש און קולטורעל. און דער קאַמף איז אַ נאַציאָנאַלער, דיקטירט פון נאַציאָנאַלן ווילן, צו באַשטימען און געשטאַלטיקן דאָס אייגענע נאַציאָנאַלע לעבן. צום ערשטן מאָל ווערן די יידישע שבטים, די בני ישראל, אַ פאָלק. און מתתיהו פרעגט זיך ניט אָן ביי גאָט, צי ער זאָל ארויס אין דער מלחמה, ווייל ניט גאָט קעמפט דאָ פאַר יידן, ווי ביז איצט, נאָר יידן קעמפן פאַר זייער גאָט, פאַר זייער קולטור און פאַר זייער אייגנאַרטיקן לעבנס־וועג. אין דעם איז באַשטאַנען די רעוואָלוציע פון די חשמונאים — ניט נאָר קעגן דער גריכישער קולטור און דער גריכישער אָקופּאַציע פון ארץ ישראל; די רעוואָלוציע איז אויך געווען, אָדער אפילו אין דער ערשטער ריי געווען, קעגן דעם גאַנצן איינשטעל און גאַנג פון דער יידישער געשיכטע ביז איצט. עס איז אַן איבערברוך אין דער פּסיכיק און מענטאַליטעט, עס איז די געבורט פון אַ פאָלק, פון אַ נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, וואָס איז גרייט צו קעמפן, אַליין, פאַר דעם אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן לעבן. און צום ערשטן מאָל גייען ארויס די בני ישראל — איצט שוין פאָלק ישראל — אויף דער אַרענע פון דער וועלט, אין געראַנגל מיט דער וועלט. דאָס איז אַ גרויסע נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע — אומאָפּהענגיק צי מען געווינט אָדער מען פאַרשפּילט די באַלדיקע מלחמה. אזא מלחמה, פון אַ פאָלק, איז ניט אויף איין שלאַכט און ניט קעגן איין מאַכט. איצט איז נאָר דער אָנהייב, קעגן דעם גריכישן יאָך און דער גריכישער קולטור. באַלד וועט דער דאָזיקער געראַנגל אריבערגיין קעגן רוים, די נייע אימפּעריע. און די מלחמה וועט אָנהאַלטן דורך הונדערטער יאָרן, מיט גאָר אַנדערע פעלקער, פאַרשיידענע, אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען, וואָס מען וועט כסדר דאַרפן צופּאַסן צו די נייע פאָרמען, נייע מיטלען פון קאַמף. אָבער פאַראַן שוין

אַ פאָלק, וואָס ווייס אַז עס דאַרף קעמפן, אַליין, און ווייס אַז עס האָט פאַר וואָס צו קעמפן, און איז גרייט זיך צו פאַרמעסטן מיט וועלט־מאַכטן. דאָס איז — חנוכה. דאָס איז דער נס. אַזוי האָבן עס פאַרשטאַנען אַלע שפּעטערדיקע קעמפערס, וועלכע זיינען געקומען נאָך די חשמונאים, אונטער דער פירונג פון יוחנן מגוש חלב און שמעון בר־גיורא, אין ירושלים, און אַזוי האָבן עס אויפגענומען די קעמפערס אין מסדה, וואָס „במותם צוו לנו את החיים", מיט זייער מסירות נפש האָבן זיי געלערנט דאָס פאָלק וואָס עס מיינט פרייהייט, ביז חז"ל (ירושלמי, שביעית לה) האָבן עס געמאַכט פאַר אַ געבאָט, אַז „ישראל מצוין על קידוש השם" — און דאָס האָט געהאָלפן אויפהאַלטן יידן ווי אַ פאָלק.

און אויך דער אַקטיווער, קעמפערישער ווידערשטאַנד האָט זיך ניט פאַרענדיקט מיט מסדה. אפילו שוין פאַרטריבענע אין גלות האָבן זיך געצונדן יידישע קאַמפן, אין קיראַנייקא, אין עגיפּטן, אין צייפּרוס, אפילו אין רוים גופא, און אין אַנדערע ערטער ווו יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן. און 59 יאָר נאָכן פאַלן פון מסדה זיינען אין ירושלים ווידער געשטאַנען אַקטיווע יידישע קעמפער אין רעוואָלט קעגן רוים, אין דעם גרויסן אויפשטאַנד פון שמעון בר כוכבא, געהאָלפן פון רבי עקיבא. און ווען בר כוכבא איז געפאַלן אין ביתר — האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, וואָס איז זעלטנסטע און גרעסטע אין דער מענטשלעכער געשיכטע: דער עקשנותדיקער געראַנגל פון פאָלק זיך אומצוקערן צו זיין לאַנד, די משיחישע אידיי, אין שטרעבן צו גאולה, — אַ געראַנגל וואָס האָט אָנגעהאַלטן זעכצן הונדערט יאָר — און האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט.



ווען די חשמונאים זיינען אַרויס אין קאַמף, פון מודיעין, אַ דאָרף אַרום 25 מייל צפון־מערבדיק פון ירושלים, האָט זיך דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין ארץ ישראל קאָנצענטרירט אויף אָט דעם קליינעם שטח, אַרום ירושלים, פיזיש, און אין ירושלים גייסטיק. אַזוי האָט געלעבט די קליינע גייסטיקע עדה, וואָס וואָלט אָדער אונטערגעגאַנגען אָדער געבליבן אַ קליינע סעקטע, אַזוי ווי די שומרונים און קראים (קאַראַימער). די חשמונאים, און שפּעטער הורדוס, וואָס מעג אויך צוגערעכנט ווערן ווי אַ צווייג פון דער חשמונאים־דינאַסטיע, האָבן אויסגעקעמפט די גרויס פון דער יידישער ארץ ישראל, אין אַלע אירע טיילן, יהודה און שומרון, דעם גאַנצן פּאַס ביים ים, פון

לבנון ביז די גרענעצן פון מצרים, דעם נגב און אריבער דעם טייך ירדן. באַזעצט דאָס גאַנצע לאַנד, איינגעשלאָסן נאָענטע שטחים און מגייר געווען זייער באַפעלקערונג. עס איז אויפגעקומען אַ לאַנד און אַ קולטור וואָס האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דעם געביט און אין קאָנפראָנטאַציע מיט די מאַכטן און קולטורן פון דער וועלט. די פּאָליטישע אויבערמאַכט איז געווען אין רוים. די יידישע קעניגן זיינען געווען אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון רוים, קליענטן־קעניגן, אין דעם פּאָליטישן זין, אָבער אַזעלכע מיט וועלכע מען האָט זיך געמוזט רעכענען — און מורא האָבן פאַר זיי.

אין אָט דער תקופה קומען אויף ביי יידן, צום ערשטן מאָל, פּאָליטישע פּאַרטייען, גייסטיקע שטרעמונגען, ווי עס איז נאַטירלעך אין דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון אַ פאָלק. פאַראַן מעסיקע פּאָליטיקער און קנאים, סיקריקים, וועלכע זוכן זיך צו באַפרייען פון דער אימפּעריאַליסטישער מאַכט. פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן איינגיין אויף פשרות, מאַכן קאָמפּראָמיסן, פּאָליטישע און גייסטיקע, זיך צופּאַסן, אַסימילירן מיט דער העליניסטישער קולטור פון רוים. דאָס זיינען די צדוקים. אַנטקעגן זיי שטייען די פּרושים, וועמענס נאַציאָנאַלער ווילן איז איינהיטן די אייגענע קולטור, די תורה, און די אמונה אין דער געטלעכער שליחות פון יידן.

זייטיק פון די דאָזיקע הויפּט־שטראָמען גייט די כיתה פון איסיים — פון וועמען עס וועט שפּעטער ארויסוואַקסן אַ וועלט־מאַכט, דער קריסטנטום. די איסיים זיינען ווייניק און גייען אוועק אין מדבר, צו לעבן ווי אין מאָנאַסטירישער אָפּזונדערונג, ווייל זיי ווילן זיין נאָך פרימער ווי די פרושים. אָבער אין זייער איבערפרומקייט און אין זייער ווילן זיך אָפּצוזונדערן פון פאָלק דערשפּירן שוין די פרושים אין אָט דער קליינער סעקטע די גרויסע געפאַר פון אָפּטריניקייט, די סכנה וואָס פאַנגט זיך אָן ארויסצואַנטוויקלען קעגן יידנטום. (טייל היסטאָריקער נעמען אָן, אַז צווישן די איסיים זיינען געווען אַקטיווע קעמפּערס קעגן רוים. לויט „די יידישע מלחמות" פון יוסף בן מתתיהו — יאָזעפוס פלאַוויוס — וואָס איז דער הויפּט היסטאָרישער מקור וועגן דער תקופה, לאָזט זיך פאַרשטיין, אַז די אַקטיווע קעמפּערס, אָנהייבנדיק פון יהודה בן חזקיה, אין גליל, אין 4טן י"ה פאַר דער היינטיקער צייטרעכענונג, האָבן זיך געהאַלטן נאָענט צו די פרושים — מלחמות, 56,2).

די ערשטע בלעטער פון דער נאַציאָנאַלער יידישער געשיכטע האָבן זיך אָנגעהייבן שרייבן אין אָט דער תקופה,

צווישן חנוכה און מסדה. דערפאַר האָבן ביידע די נעמען
אַרויסגערופן אַן אייביקן ווידערקלאַנג ביי יידן און ניט־יידן.
וועגן אויפשטאַנד פון די מכבּיים זיינען געשריבן געוואָרן באַ־
לאַדעס און אָפּערעס און טראַגעדיעס אין דער וועלט־ליטע־
ראַטור. וועגן מסדה זיינען געשפּונען געוואָרן לעגענדעס —
ווייל דאָס וואָס דאָרטן איז געשען איז געווען לעגענדאַר. און
דערפאַר שווערט מען איין חיילים פון צה״ל היינט אויפן באַרג
פון מסדה, און די מנורה, וועלכע די מכבּיים האָבן ווידער אָנ־
געצונדן, איז דער סימבאָל פון דער באַנייטער מדינת ישראל.

די נאַציאָנאַלע יידישע פאָלקס־געשיכטע האָט זיך אָנגע־
הויבן אין מודיעין. אין מסדה — איז עס ניט אונטערגעגאַנ־
גען. מסדה איז געווען אַ גרויס העראָאיש קאַפּיטל אין דער
געשיכטע פון נאַציאָנאַלן קאַמף, אַזאַ וויכטיקער קאַפּיטל ווי
מודיעין — און נאָך גרעסער. מודיעין האָט געלערנט ווי דאָס
פאָלק קען אַרויס אין קאַמף פאַר זיין נאַציאָנאַלער אייגנאַרטי־
קייט — און געווינען דעם קאַמף קעגן מאַכטיקע און שטאַרקע.
מסדה האָט געלערנט פיל מער: ווי מען קען פאַרלירן אַ מל־
חמה — און דאָס פאָלק זאָל בלייבן לעבן, שעפּנדיק באַגייס־
טערונג און מוט דווקא פון דער שווערער מפּלה. און אַזוי איז
עס געשען. דאָס פאָלק וואָלט ניט געקענט איבערלעבן אַזאַ
ביטערן, גרויזאַמען גלות מיט די זכרונות פון ירושלים, וועגן
בית המקדש וואָס איז פאַרברענט געוואָרן, וועגן די קרבנות
וואָס מען האָט דאָרטן געבראַכט פאַר גאָט. און אויך דער
קלענער, צייטיקער נצחון פון מודיעין וואָלט ניט געמוטיקט צו
אַזאַ שווערן געראַנגל, מיט אַזוי פיל שווערע קרבנות, דורך
צייט און דורך לענדער. דעם מוט האָט דאָס פאָלק מיטגענו־
מען פון מסדה — געקניפּט און געבונדן מיט מודיעין.

דאָס איז דער זין פון חנוכה.
דאָס איז דער נס פון חנוכה.
דאָס איז די לערע פון חנוכה.
דאָס איז די אייביקייט פון חנוכה.

פון דעם דאָרף מודיעין ביז דעם באַרג מסדה האָט גע־
דויערט 240 יאָר. עס איז געווען די גרעסטע תקופה אין דער
יידישער געשיכטע, ווייל עס האָט אויסגעשטיגלט דאָס פאָלק
און אָנגעצייכנט זיין נאַציאָנאַלן גאַנג ביז היינט.

איך דאַרף גיין קיין יבנה און דאָרטן, אויפן אָרט ווו עס האָט געלעבט און געווירקט דער תנא רבי יוחנן בן זכאי, אים בעטן מחילה. און אפשר איז ניט בויטיק צו גיין דווקא קיין יבנה. געניג דער נאָענטסטער בית המדרש, ווו יידן זיצן און לערנען. ווייל ווו מען לערנט תורה איז פאַראַן זיין גייסט און זיין ווירקונג. וואָרום ווען ניט ר' יוחנן בן זכאי — וואָלט אפשר תורה פאַרגעסן געוואָרן פון ישראל, און יידן וואָלטן ניט געהאַט קיין אָנהאַלט אין דער וועלט דורך אַלע יאָרן פון גלות. און דאָך — האָב איך אים שווער באַליי־דיקט, און איך פיל אַז איך דאַרף אים בעטן מיר מוחל זיין. אָבער אַנדערש האָב איך ניט געקענט. איך האָב אים געמוזט באַליידיקן, שטאַרק באַליידיקן, מיטן גאַנצן כוח. ווייל עס איז געשטאַנען אין סכנה די דערציאונג פון אַ יונגן יידן.

עס איז געשען ווען מיין זון האָט געבעטן העלפן אים מיט זיין לעקציע אין יידישער געשיכטע. און דער פרק וועלכן ער האָט געלערנט איז געווען וועגן רבי יוחנן בן זכאי. אָט דאַן האָב איך געלאָזט פאַלן אַ שווער און ביטער וואָרט וועגן גרויסן תנא. ווייל אין דעם מאָמענט איז אויפ־געגאַנגען פאַר מיר אַ בילד פון מיט יאָרן צוריק.



עס איז געווען אין געטאָ. אַ געהיימע גרופע האָט זיך גערופן „מסדה“, אויפן נאָמען פון דער לעצטער פעסטונג אין ארץ ישראל, ווו אליעזר בן יאיר מיט זיינע העלדן האָבן זיך באַריקאַדירט, אין קאַמף קעגן די פיינט. דאָרטן האָבן זיי אַליין לבסוף זיך גענומען דאָס לעבן, זיך אומגע־בראַכט, ווען זיי האָבן געזען אַז דער קאַמף איז פאַרשפּילט, און זיי האָבן ניט געוועלט אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

אין דעם נאָמען, וואָס די יונגע מענטשן פון דער אונ־טערערדישער גרופע אין געטאָ האָבן גענומען פאַר זיך, איז געווען אַ געניג קלאָרער אויסדרוק וועגן זייער לאַגע. אויך זיי האָבן געפילט, אַז זיי זיינען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג,

אָן אַן אויסוועג. זיי האָבן געוועלט קעמפן, זיך קעגנשטעלן. אָבער זייערע כוחות זיינען געווען צו שוואַך, און דער פיינט צו מאַכטיק. און דאַך האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן צום ווידער־שטאַנד. און די געטאָ איז געווען זייער לעצטע „פעסטונג״, צו אַ פאַרשפּילטן קאַמף און צו אַ זיכערן אונטערגאַנג. און דערפאַר האָבן זיי געזוכט אַנאַלאָגיעס אין דער רייכער יידישער געשיכטע, אַ פאַרגלייך צו זייער מצב. און זיי האָבן עס געפונען אין דער געשיכטע פון „מסדה״. און כּדי צו באַקענען די מיטגלידער מיט יענער געשיכטע, און זיי צו־גרייטן צו יענעם הערןאָאישן לעצטן אַקט, האָבן זיי זיך פאַרקליבן אין געהיים, אין אַ פינצטערע נאַכט, אין אַ פינצ־טערן חדר פון אַ הויז אין געטאָ. זיי האָבן פאַרבעטן אַהין אַ יידישן היסטאָריקער, ער זאָל ריידן צו זיי, דערציילן זיי די געשיכטע פון מסדה.

דער היסטאָריקער איז געווען אַ געוועזענער לערער, פון דער געוועזענער העברעאישער גימנאַזיע, אין דער געוועזענער יידישער קהילה. די מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן דיל אין דעם פינצטערן חדר. אַרום איז געווען נאַכט און שטעכיקע דראָט און וועכטער מיט ביקסן. און צווישן שרעק און פינצטערניש איז אויפ־געגאַנגען די שטימע פון דעם רעדנער, וועגן צוויי גע־שטאַלטן אין דער יידישער געשיכטע: רבי יוחנן בן זכאי און רבי עקיבא בן יוסף. רבי עקיבא איז געווען דער תלמיד פון איינעם פון די אויסגעצייכנטע תלמידים פון רבי יוחנן. זיי האָט אָפּגעטיילט נאָר צוויי דורות אין צייט, אָבער אַ תהום אין זייער קוק אויף דער יידישער געשיכטע, לויט זייערע מעשים. אין דער קורצער תקופה צווישן זייערע ביידנס לעבן האָט זיך אָפּגעשפּילט די גרעסטע דראַמע פון יידישן פאָלק — נאַציאָנאַל, קולטורעל, מדינהשאַפטלעך. אין די זיבעציק יאָר, פון ר׳ יוחנן בן זכאי ביזן מאַרטירער טויט פון ר׳ עקיבא, זיינען פאָרגעקומען דריי גרויסע יידישע רעוואָלוציעס, קעגן די דריי שטאַרקסטע מאַכטן פון דער צייט. דער אויפשטאַנד וואָס האָט זיך אָנגעהייבן פון די חשמונאים, קעגן יון (די גריכן), האָט זיך געצויגן דורך די אויפשטאַנדן פון יוחנן פון גוש חלב און שמעון בר גיורא, קעגן דער סיריש־גריכישער הערשאַפט, און זיך פאַרענדיקט מיטן רעוואָלט פון בר כוכבא, קעגן רוים.

אין אָט דער העלדישער תקופה קומט אויך פאָר דער שווערסטער גייסטיקער גראַנגל פאַרן יידישן קיום. דריי

כיתות, פרושים, צדוקים און איסיים קעמפן צווישן זיך. אָבער פון דער זייט גייט שוין אויף דער שטאַרקסטער כוח, וואָס וועט דורך צוויי טויזנט יאָר פאַרלאַנגען בלוט און מסירות נפש פון יידן אין אַ ברעג — דער קריסטנטום.

און אויף אָט דער צעכוואַליעטער פּאָן, אין קאַמף פון אַ קליין פאָלק פאַר זיינע גרויסע אידייען און פאַר זיין נאַציאָנאַלן לעבן, שטייען צוויי גייסטיקע ריזן: ר׳ יוחנן בן זכאי און ר׳ עקיבא. אָבער ווי גרונט־אַנדערש זיינען זייערע וועגן.

דער ערשטער זוכט אַ שלום־וועג צום באַצווינגער. זעקס הונדערט טויזנט טויטע וואַלגערן זיך אין די גאַסן פון ירושלים. אויף די מויערן שטייען די יידישע העלדן און קעמפן אין פאַרצווייפלונג. נאָר דער גייסטיקער אָנ־פירער פון פאָלק פאַרלאָזט די שטאַרבנדיקע, אָבער קעמפנ־דיקע יידן. ווי אַ גנב ביינאַכט לאָזט ער זיך טראָגן אין אַן ארון, כדי אָפּנאַרן די העלדישע קעמפער. ער קומט אַרויס פון די מויערן פון דער באַלאַגערטער שטאָט און ברענגט לויב און ברכות פאַרן פיינט. און וואָס וויל ער? אפילו ניט קיין בכבודיקן שלום זוכט ער. דער רוימישער היסטאָרי־קער, טאַסיטוס, וועט שפּעטער פאַרשרייבן „די רוימער האָבן געבראַכט חורבן, און זיי האָבן עס גערופן שלום״. ניט פאַר דער הייליקער שטאָט בעט ר׳ יוחנן; ניט פאַרן בית המקדש, ער זאָל ניט אוועק אין פלאמען, איז זיין זאָרג. „לאָז מיך לערנען״, בעט ער ביי אספּסינוסן, „לאָז מיך אויפ־שטעלן אַ ישיבה אין יבנה״. און דער רשע לאַכט. אים גע־פעלט דער אַלטער ייד, וואָס זאָגט אים פאַרויס, אַז ער וועט ווערן דער מלך פון רוים. און אָט טאַקע ווערט עס מקוים. אַספּסינוס איז מלך און ר׳ יוחנן בן זכאי — אַ ראש ישיבה.

אַן איידעלער און אַ געלאַסענער און אַ גוטער איז געווען ר׳ יוחנן. ער פלעגט עפענען די טיר פאַר זיינע תלמידים. יעדערן האָט ער אַנטקעגנגעטראָגן אַ גוטמאָרגן, אפילו אַ פרעמדן אין מאַרק. אַזוי ווערט דערציילט וועגן אים.

שטייט אַספּסינוס זון, טיטוס הרשע, און ברעכט די טויערן פון ירושלים — און ר׳ יוחנן לערנט. די מלחמה גייט נאָך אַ יאָרן לאַנג — און ר׳ יוחנן לערנט. אָט ברענט שוין דער בית המקדש — און ר׳ יוחנן לערנט. אָט טרייבט מען די בעסטע זין אין גלות, מען פאַרקויפט זיי פאַר

שקלאפן — און ר׳ יוחנן לערנט.

ר׳ יוחנן שטאַרבט. אָבער דער יידישער רעוואָלט איז ניט געשטאָרבן. און דאָס וואָס ר׳ יוחנן האָט איבערגעלאָזן איז פינף גרויסע תלמידים. און אָט קומט אַן עם הארץ פון די פעלדער און זעצט זיך לערנען, ביי צוויי פון די פינף תלמידים, און ער ווערט — רבי עקיבא. אָבער ניט אַלץ האָט רבי עקיבא געלערנט פון די תלמידים פון ר׳ יוחנן. ער דרש׳נט אַנדערש אין אַ סך הלכות. אויף אַ סך זאַכן וואָס זיין רבי האָט געלערנט פון זיין רבי׳ן אַז עס איז טמא, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט אַז עס איז טהור.

און אָט קומט אַ נייער אבא סיקרא, אַ נייער יוחנן פון גוש חלב, אַ נייער שמעון בר גיורא, אַ העלד וואָס האָט געירשנ׳ט דעם פייער פון יענע העלדן. זיין אויפקום איז געווען ווי אַ שטערן אין דער פינצטערער נאַכט, און אַזוי איז אויך זיין נאָמען: בר כוכבא. און ביי זיין זייט שטעלט זיך רבי עקיבא, דער גרעסטער פון פאָלק, דער אויסדערוויילטער פון דעם סנהדרין. און רבי עקיבא — לאָזט פונאַנדער זיין ישיבה. ניטאָ קיין צייט איצט צו לערנען תורה. די תורה וועלכע מען דאַרף איצט לערנען איז אַן אַנדערע — קעמפן! „אין אַ צייט ווען דו דאַרפסט קעמפן פאַר דיין גלויבן, פאַר דיינע אידיאַלן, פאַר דיין קיום, פאַרלאָז די תורה". אַזוי דרשנט רבי עקיבא. און דער קאַמף צעפלאַקערט זיך. דער גרעסטער ווידערשטאַנד אין דער יידישער געשיכטע. בר כוכבא קעמפט מיטן שווערד, און רבי עקיבא מוטיקט די קעמפער מיט זיין גייסט. פינף־און־צוואַנציק טויזנט יידישע העלדן שטייען אַנטקעגן אַכציק טויזנט רוימישע לעגיאָנערן. און רבי עקיבא איז מיט די קעמפער, אויפן שלאַכט־פעלד, אין תפיסה, — ביזן לעצטן אָטעם אויף קידוש השם: „מתי יבא לידי ואקימנו".



צוויי האָבן פאָרויסגעפילט דעם אָנקום פון חורבן שוין פערציק יאָר פריער: רבי יוחנן און ר׳ צדוק. אַזוי ווערט דערציילט (יומה לט, ב׳), האָט ר׳ צדוק געפאַסט דורך אַלע פערציק יאָר, צו אָפּבעטן די גזירה. אָבער ניט רבי יוחנן. ער וואַרנט ניט דאָס פאָלק און טוט ניט קיין תפילה צו פאַרמיידן דעם אומגליק. „יודע אני בך שסופך עתיד ליחרב", ער ווייס, הייסט עס, אַז דער בית המקדש וועט ווערן פאַרברענט, אָבער ער נעמט אָן דעם גזר דין. וואָס פאַר אַ

שרעקלעכע פּאַטאַליסטישע רואיקייט . ר׳ צדוק פֿאַסט. און אַ צווייטער חבר זייערער, ר׳ ישמעאל, פּראָטעסטירט אַפּילו מיט שאַרפֿע רייד קעגן גאָט. ער טייטשט מיט שאַרפֿקייט דעם פּסוק „מי כמוכה באלים" — מי כמוכה באלמים, אַז גאָט איז אַ פֿאַרשטילטער פֿאַרשוויגער. אין אָט דעם ווייטאָקדיקן פּראָטעסט פֿילט זיך די פּיין פֿון אמונה. אָבער רבי יוחנן פֿאַסט ניט און שרייט ניט.

און אָט איז שוין דער חורבן נאָענט. רבי יוחנן שטייט פֿאַרן באַצווינגער, פֿאַרן באַלעגערער פֿון ירושלים — און פֿאַרווילט אים מיט מעשהלעך און משלים, און ער לערנט גאָר אויפֿן רשע הייליקע פּסוקים, וואָס דאַרפֿן אַזוי ווי באַרעכטיקן זיין רשעות. ער בעט אויך אַ רפֿואה פֿאַר ר׳ צדוק, קעגן דער אויסצערונג פֿון זיין לאַנגען תענית — ווי ער וואָלט דערמיט געוועלט זיך אָפּגרענעצן פֿון ר׳ צדוק׳ס פֿאַסטן צו פֿאַרמיידן דעם חורבן; ניט ביי גאָט, נאָר ביים רשע גאָר בעט ער אַ רפֿואה.

דער גאַנג פֿון רבי יוחנן איז ניט געווען אַ פֿראַגע פֿון פֿאָרם, פֿון אַ טאַקטיק, ווי צו האַנדלען פּאָליטיש אין אַ שווערע צייט; עס איז אַ גרונטיקער אידייאישער דרך, אַ נייער וועג אין דער אויפֿפֿאַסונג פֿון יידנטום. ער שטעלט אַוועק, צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע, גייסטיקייט, לערנונג, ווי אַ פֿאַקטאָר אין זיך אַליין; עס איז ניט קיין מיטל פֿאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, נאָר דער סאַמע תכלית פֿון פֿאָלקס-לעבן. גייסטיקייט אַנשטאָט פֿיזישע גבורה. לערנונג אַנשטאָט מדינה. תורה זאָל פֿאַרבייטן מלוכה. אויפֿן אָרט פֿון מלך קומט דער ראש הסנהדרין, דער למדן. אָט דער נייער אידייאישער איינשטעל, וואָס עס האָט געבראַכט רבי יוחנן, האָט זיך אויסגעווירקט אין פֿאָלק דורכן גאַנצן גלות — צום גוטן, אָבער נאָך מער נעגאַטיוו.

די אָפּזונדערונג פֿון רבי יוחנן און זיינע תלמידים אין יבנה האָט צעטיילט דאָס פֿאָלק. צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע ווערט געשאַפֿן אַן עליטע, אַן אויסדערוויילטע קאַסטע, וואָס טיילט זיך אָפּ פֿון די מאַסן, פֿון פֿאָלק. די לערנערס אין יבנה רופֿן זיך „חברים", אַ ברודערשאַפֿט פֿון גייסטיקע אַריסטאָקראַטן, צו אויסטיילן זיך מיט העכערקייט פֿון די, אַזוי גערופֿענע, עמי הארצים. דאָס איז געווען נאָכגעטאָן דעם רוימישן פּיר, די צעטיילונג צווישן דעם דיגעם שיכט פּאַטריציער און דאָס פֿאָלק, די פּלעבייער. די דאָזיקע שאַרפֿע און געפֿערלעכע צעטיילונג האָט זיך באַלד געמאַכט גאָר שטאַרק קאָנטיק, נאָכן טויט פֿון רבי יוחנן,

אין דער תקופה פון רבי גמליאל, וועלכער האָט איבער־גענומען די אָנפירונג אין יבנה און געוואָרן דער ראש פון באַנייטן סנהדרין. רבי גמליאל, וואָס האָט זיך געצירט מיט דעם משפחה־יחוס פון הלל, האָט זיך שוין אָבער ניט געפירט מיט דער פאָלקישקייט פון הלל. פאַרקערט, ער, און אַ טייל פון די „חברים" אין יבנה, האָבן זיך באַמיט אַלץ מער אָפּצוזונדערן פון די מאַסן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומבויען מיט דינים פון טומאה און טהרה, דינים וועלכע זאָלן ניט לאָזן אַפילו אַריבערטרעטן די עמי הארצים דעם שוועל פון זייער טעמפּל און פון זייערע היימען, ניט עסן און ניט טרינקען מיטן פשוטן פאָלק. און אויך דאָס האָט זיך אויסגעווירקט, שטאַרק נעגאַטיוו, און אָפּט ווייטאָקדיק, אין דעם ווייטערדיקן גאַנג פון פאָלק.

ווייזט אויס אַז רבי יוחנן האָט נאָך איינגעזען צו וואָס זיין נייער דרך פירט און געהאַט חרטה. ווייל אַזוי דערציילט די גמרא (ברכות כח), אַז אויפן טויטן־בעט האָט רבי יוחנן געזאָגט צו זיינע תלמידים די לעצטע ווערטער: גרייט צו דעם מלכות שטול, ווייל דער מלך דאַרף קומען („הכינו כסא לחזקיהו מלך יהודה שבא").

צוויי דורות שפּעטער איז געקומען רבי עקיבא — צוגרייטן אָט דעם מלכות־שטול, געבן אַ נייעם שטראָם אין גאַנג פון דער יידישער געשיכטע; די יידישע מלכות־תקופה זאָל ניט אָפּגעשלאָסן ווערן מיטן דרך פון רבי יוחנן, נאָר מיטן דרך פון רבי עקיבא — צו באַנייען דעם ווילן צו יידישער זעלבסטשטענדיקייט און מיטגעבן די פאַרטריבענע די גרויסע לעכצונג צו גאולה.



גרויס און ליכטיק איז געווען די פּערזענלעכקייט פון רבי עקיבא. ער איז דער איינציקער וועמען אונדזערע חכמים האָבן פאַרגליכן אַפילו צו משה רבינו, זאָגנדיק, אַז אויב די תורה וואָלט ניט געבראַכט געוואָרן דורך משה רבינו, וואָלט זי געבראַכט רבי עקיבא.

רבי עקיבא האָט געלערנט אין יבנה ביי ר' אליעזר בן הורקנוס און ר' יהושע בן חנניא, וועלכע זיינען געווען תלמידים פון רבי יוחנן בן זכאי. ער האָט געלערנט די זעלבע תורה, אָבער איר געטייטשט גאָר אַנדערש, ווייל ער האָט געזען גאָר אַנדערש דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע און די אויסווירקונג וואָס די תורה דאַרף האָבן

פאַרן יידישן פאָלק. ווייל ער איז געקומען פון באַאַרבעטן די ערד, האָט ער אָפּגעשאַצט די ווערטיקייט פון ערד פאַרן פאָלק. ווייל ער איז געווען אַ מאַן פון פיזישער שטאַרקייט, האָט ער אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון קראַפט. ווייל ער איז געקומען פון פאָלק, האָט ער זיך געהאַלטן מיטן פאָלק. די דריי זאַכן זיינען געווען רעוואָלוציאָנער, קעגן דעם איינ־געשטעלטן דרך פון רבי יוחנן, קעגן די דריי גרונטיקע מאָטיוון פאַר וואָס יבנה איז געשאַפן געוואָרן. און רבי עקיבא האָט עס געזאָגט, קלאָר און שאַרף, אַז דער שעפער פון יבנה איז געווען אומגערעכט, אַז ביט אַזוי האָט געדאַרפט אויפקומען יבנה, ווי רבי יוחנן האָט עס אַרויסגעבעטעלט פון דעם אומברענגער פון ירושלים. ער לערנט וועגן דעם שטיין פון רבי יוחנן פאַר אספסינוס דעם פסוק (ישעיה מד, כה) „משיב חכמים אחור ודעתם יסכל", אַז די חכמה פון רבי יוחנן איז דאַן געבליבן הינטערשטעליק און זיין פאַר־שטאַנד האָט גאָט דאַן פאַרנאַרישט. דאָס זיינען שאַרפע, רעוואָלוציאָנערע רייד — קעגן דעם וועמען ער האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין מקום תורה.

רבי עקיבא איז געקומען דריי הונדערט יאָר נאָכן אויפשטאַנד פון מודיעין. 59 יאָר נאָכן פאַלן פון מסדה — אָבער דער גייסט פון ווידערשטאַנד איז ניט געווען געבראָ־כן. אויך יבנה האָט ניט געקענט פאַרבייטן ביים פאָלק דעם אָרט פון ירושלים. אין יאָר 132 ברעכט אויס אַ נייער רעוואָלט. די כוחות וועלכע האָבן געשלומערט אין פאָלק, אָבער קיין מאָל ניט געווען אין גאַנצן אויסגעלאָשן, האָבן ווידער זיך צעפלאַקערט. בראש פון רעוואָלט שטייט בר כוכבא, איצט קעגן דער אימפעריע פון רוים, קעגן דעם אימפעראַטאָר הדריאַן און זיין גענעראַל אין ארץ ישראל יוליוס סעווערוס. יעדע מיליטערישע רעוואָלוציע דאַרף אַ גייסטיקן אָנשפּאַר, גייסטיקע קאַראַפּייען, וועלכע זאָלן די רעוואָלוציע אַפּראָבירן און איר געבן זייער מאָראַלישע שטיצע. בר כוכבא געפינט עס אין דעם גרעסטן פון פאָלק, אין רבי עקיבא, וועלכער פּראָקלאַמירט אים ווי דעם באַ־פרייער, טוט אָן אויף זיין קאָפּ דעם טיטול וואָס איז איצט דער הייליקסטער און דער סאַמע געגאַרטסטער ביים פאָלק: משיח, אויסלייזער פון דער פאַרשקלאַפונג, באַפרייער פון לאַנד און פון פאָלק.

די מלחמה פון בר כוכבא איז געווען אַ שווערע. זי האָט אָנגעהאַלטן מער ווי צוויי יאָר. ווידער מוזן די קעמפער זיך צוריקציען און באַריקאַדירן אין אַ פעסטונג, ווי אויפן באַרג

מסדה. היינטיקס מאָל איז עס די פעסטונג ביים ים. עס איז די לעצטע יידישע פיזישע פעסטונג, נאָך יודפת און מסדה — ביתר. די מלחמה איז פאַרשפּילט. אָבער די רוימישע חיילות האָבן אַזוי שווער געליטן, אַז הדריאַן קען ניט אָפּגעבן זיין באַריכט צום סענאַט אין רוים מיט דעם איינגעשטעלטן נוסח „איך און מיין אַרמיי זיינען שטאַרק“. די רוימישע אַרמיי איז אָפּגעשוואַכט און אַזוי אויך איז די אימפּעריע, וואָס האָט באַקומען אַ שווערע מפּלה אויף די פעלדער פון יהודה, אַז פון איצט פאַנגט זי אָן איינגיין, ביז זי וועט אונטערגיין. אָבער דער אונטערגאַנג פון יהודה איז ניט אויף אייביק. עס וועט נעמען אַ סך יאָרן, פּיין און יסורים איבערמענטשלעכע, אָבער דער זכר פון מסדה און ביתר — כאָטש ווייניק וועט זיין וועגן זיי אין דער פאַרשריבענער געשיכטע — וועט לעבן אין זכרון פון פאָלק אויף אייביק, און צינדן די בענקשאַפט אין פאָלק צו גאולה.



אָט אַזוי, אָדער אומגעפער אַזוי, האָט דער לעקטאָר געזאָגט.

די נאַכט גייט אויס. אויף די שויבן פון דעם צימער אין געטאָ גייט אויף אַ בלוילעכע פרימאָרגן־ליכט. די צוהערערס איילן זיך צו פאַרשווינדן, נאָך איידער דער טאָג קומט אָן. זיי גייען אַוועק און נעמען מיט די שאלה, וואָס דריקט ווי די פּיין, ווי די אויסזיכטלאָזיקייט, דריקט צו פאַרצווייפלונג: ווער, פאַרט, איז געווען גערעכט צו יענעם מאָמענט, ר׳ יוחנן בן זכאי, אָדער רבי עקיבא בן יוסף?! צו וועלכער לאַגע איז גלייך אונדזער מצב? דער קלענסטער ווידערשטאַנד וועט ברענגען די באַלדיקע און טאָטאַלע פאַרניכטונג. אַזוי זאָגן דאָך די אָנפירער פון געטאָ — און לויט אַלץ וואָס מען ווייס זיינען זיי געוויס גערעכט. אָבער מיט רו און צוריקהאַלטונג — קענען אפשר פאָרט אַ טייל איבערלעבן. טאָ ווער קען און מעג נעמען אויף זיך די אחריות? פיזישע העלדישקייט, וואָס פירט סיזוי צו אַ זיכערער מפּלה, איז דאָס אַ וועג? אַ קאַמף, אָן דעם קלענסטן אויסזיכט אויף אַ וועלכן נצחון — איז דאָס העלדישקייט?

פראַגן, וואָס בוידערן דעם מוח, ווי גיפטיקע שלאַנגען — ווער קען געבן צו זיי אַן ענטפער.

און אָט זיינען יאָרן אַוועק. און נאָך איידער די יאָרן

זייגען אוועק, זייגען אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון יענע, וואָס זייגען אין דער נאַכט פון געטאָ געווען פאַר־זאַמלט; זיי און דער לעקטאָר זייגען געבליבן אין די לאַגערן פון טויט, דערשטיקט, פאַרברענט, געפאַלן פון הונגער־טויט. געבליבן איז נאָר יענע פינצטערע פראַגע פון דער פינצטערער נאַכט.

און אָט זיצט מיין זון אַנטקעגן מיר. „טאַטע, העלף מיר מאַכן מיין לעקציע אין יידישער געשיכטע”. און די לעקציע איז וועגן רבי יוחנן בן זכאי. און פאַר מייגע אויגן גייט א שווינדל יענע קאַלטע געטאָ־נאַכט, און — איך טו אַ זאָג מיט ביטערניש אויף די ליפּן: ער איז ניט געווען קיין קלוגער מענטש, ר׳ יוחנן בן זכאי. געדענק, מיין קינד, געדענק עס גוט, באַהיט זאָלסטו ווערן און דיין יידישער דור, צו דאַרפן שטיין פאַר דער פראַגע, אויסצוקלייבן צווישן דעם וועג פון רבי יוחנן און דעם פון רבי עקיבא. אָבער אויב יאָ — טאָ צווייפל ניט, קלייב אויס דעם וועג פון רבי עקיבא. נאָר צוליב אים איז די תורה ניט פאַרגעסן געוואָרן פון ישראל, און דאָס פאָלק האָט געהאַט אַן אָנ־האַלט, אַ שטאָלצע תקומה, אַ געשיכטע און אַ פאָרבילד, ווי צו קעמפן, ווי צו שטאַרבן — און דערפאַר האָט עס איבערגעלעבט. עס איז אפשר פאַראַן מער לאָגיק אין דעם דרך פון רבי יוחנן. אָבער די לאָגיק איז ניט ווערט דאָס לעבן. און רבי יוחנן איז געווען — אַ פּחדן.

איך ווייס, איך דאַרף בעטן מחילה ביי רבי יוחנן. אָבער ווי האָב איך געקענט ביי זיך פועלן צו זאָגן אַנדערש מיין יונגן זון?!

ברי ושמא — ברי עדיף. אויב איין מענטש זאָגט ער ווייסט געוויס, אַז ער איז זיכער אין זיין עדות זאָגן, און דער צווייטער ספק'ט, איז פאַרשטענדלעך אז די דיינים זאָלן פסק־נען לטובת דעם וואָס רעדט מיט זיכערקייט. אָבער דאָס איז נאָר אַ פאָרמולע. יעדער דיין און ריכטער ווייס, אַז גראָד דעם עדות וואָס רעדט מיט זיכערקייט דאַרף מען שטעלן אונטער אַ שאַרפֿערן פאַרהער. ווייל גראָד אזא עדות קען מען לייכטער חושד זיין אין אַ טעות, אָדער אין ניט זאָגן דעם אמת. עס איז אָנגענומענער כלל, אין דער אלגעמיינער יוריספּרודענץ ווי אין תלמוד, אז ווען אַלע עדות ריידן מיט איין לשון, אַלע אָן דעם מינדסטן ספק אין זייער וויסן — איז דער אמת פון זייער עדות־זאָגן אונטער אַ שטאַרקן פרעג־צייכן.

דאָס איז וועגן געשעענישן וואָס אַ מענטש האָט געזען, געפילט אָדער געהערט מיט זיינע חושים. אויך ביי אַזעלכע ענינים, וואָס מיר רופן „פאַקטן", איז נייטיק אז אַ מענטש זאָל צולאָזן א צווייפל, ווייל די מענטשלעכע חושים זיינען זייער באַגרענעצט און זיי קענען אונדז אָפּנאַרן. ווען עס קומט צו גייסטיקע ענינים, אידייען, גלויבן, מיינונגען — דאָ מוז שוין דער ספק זיין אַן אינטימער באַגלייטער. ווער עס זאָגט אין גייסטיקע און אידעאישע פראַגן ברי לי, „איך בין זיכער" — זאָגט ער געוויס נאָר אַ האַלבן אמת. אָבער גראָד וועגן ספּעקו־לאַטיווע ענינים ריידן מענטשן, בדרך כלל, מיט קאַטעגאָרישע טערמינען.

יידן זיינען געווען אַ ביסל אַנדערש. אַ ייד האָט זיך ניט לייכט געזעגנט מיטן קלוגן צווייפל צו זאָגן אַ שאַרפן „יאָ" אָדער „ניין". ער האָט געזאָגט „בלי נדר". דער יידישער לשון און רייד־אַרט איז געווען דורכגעוועבט מיט אַזעלכע וואָרט־פּעדים ווי: אפשר, טאָמער, מן־הסתם, קען זיין, לאָמיך אָנ־נעמען, איך ווייס? (און אפשר האָט יידיש עס איבערגענומען פון דער גמרא: „למד לשונך לומר איני יודע", לערן זיך ריידן מיט אומזיכערקייט). די דאָזיקע אומאַנטשלאָסנקייט אין רייד־אַרט האָט געשטאַמט פון אינטעליגענץ. אמת, די מעלה האָט זיך אויך אָפּט אויסגעווירקט ווי אַ חסרון אין לעבן. עס איז אָפט דערגאַנגען צו אַ פסיכאָלאָגישן דעפעקט, צו סתם

פילפוליסטיק און זיין אַן איפכא מסתברא אַן אַ ראַציאָנעלן מאָטיוו. אָבער איצט פאַרשווינדט דער דאָזיקער יידישער שטריך, סיי ווי אַ מעלה, סיי ווי אַ חסרון; ער טוט זיך אָפּ פון אונדז מיט דער אַלגעמיינער אויסוועפונג פון אַלע יידיש־פאָלקישע ספעציפישקייטן; יידן ווערן ווי דאָס רוב מענטשן: קאָנפאָרמיסטישע „יאָ" און „ניין" זאָגערס.



די אַקס פון מענטשלעכן לעבן, זיין קומען אויף דער וועלט און זיין אוועקגאַנג, באַוועגט זיך נאָך אַלץ אין טיפן סוד. דערפאַר איז מענטש איינגעשראָקן אין אומזיכערקייט, אין אַ פסיכישער מורא. פון דעם ערשטן אויפגעשריי ביים דערזען די וועלט, ביזן לעצטן גסיסה־קראַמף ביים פאַרלאָזן זי — דער גרויל־פחד פאַר דעם אומבאַקאַנטן. דערפאַר זוכט דער מענטש שוץ און אָנהאַלט אין פעסטע זיילן. דערפאַר אַכפערט דער מענטש און געהאָרכט דעם, וואָס ווייס עפעס פון אָט די מיסטעריעזע סודות — אָדער דעם וואָס זאָגט אז עס ווייס... און וואָס זעלבסטזיכערער עס איז די שטימע „פון דעם וואָס ווייס", אַלץ מער איז מען גרייט זיך צוצוהערן צו אים. דערפאַר שטראָמען מאַסן צום שויס פון רעליגיע און צו באַוועגונגען וואָס ריידן מיט אויטאָריטעט. וואָס פלאַמיקער די קנאות פון דעם „אויסלייזער", אַלץ מער צושטימערס. דאָ געפינט מענטש די געגאַרטע רו, זיכערקייט, שוץ, אַ פעסטן אָנהאַלט. מענטש איז איינגענומען אין אַטאַוויסטישן פחד פון און פאַר זיין עצם עקסיסטענץ, וויל ער זיך צוטוליען אין שטאַרקע אָרעמס און זיך לאָזן אריינזיינגען אין אַן אָנהאַלטנדיקן ניגון. דאָס איז גלויבן וואָס וואַקסט ארויס פון איגענעם אומגלויבן; פאַרטריען אין אידייען — פון אומצוטרוי צו זיך; די הסכמה צו יענעמס וויסן — פון איגענעם אומוויסן. די צושטימונג איז אַ קינד פון איגענעם צווייפל. אָבער אונדזער צייט איז אַן עדות פון שאַרפע ענדערונגען אין דעם דאָזיקן גאַנג.

וויל דוראַנט באַצייכנט אונדזער צייט ווי „דער יאָרהונדערט פון שכל". דאָס קען זיין אַן איבערטריבענער קאָמפלימענט. עס האַלט נאָך ווייט פון מלאה הארץ דעה, „די וועלט איז פול געוואָרן מיט וויסן". ריכטיקער וואָלט זיין צו באַצייכענען אונדזער צייט ווי די צייט פון צווייפל, אַ צייט פון גרויסע ספקות.

עס האָבן זיך אַלעמאָל געפונען גרויסע צווייפלערס. ווען אברהם האָט צעהאַקט זיין טאַטנס געצן, איז עס געווען דער־

פאַר ווייל אין אים איז אויפגעקומען אַ ספק וועגן זייער געטלעכקייט. יעדע רעוואָלוציע, און ניט נאָר אַ גייסטיקע נייע ווענדונג, איז אַ פּראָדוקט פון צווייפל. נייע גלויבענישן ווערן געבוירן אין שויס פון ספק — דער ספק איז דער ערשטער קערן פאַר ענדערונגען. די דאָזיקע איבערצייגונג — ווי אַן אידייע אין זיך אַליין — איז געקומען צום שאַרפסטן אויסדרוק אין אַלטן גריכנלאַנד. די גריכיש פילאָסאָפיע, פון וועלכער אונדזער גאַנצע ציוויליזאַציע ציט אירע אור־זאַפטן, האָט זיך באַזירט אויף פרעגן, אָפּפרעגן און עקזאַמענירן אַלע אָנגענומענע כללים און דאָגמעס אין ליכט פון שכל, — הגם זיי, די פילאָסאָפן, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויך דער מענטשלעכער שכל איז שטאַרק באַגרענעצט. זייער ציל איז נאָר געווען אַרײַנצוברענגען ספקות אין אָנגענומענע באַגריפן און טעאָריעס. נאָר די צווייפלערס זיינען שטענדיק געווען איינציקע, פילאָסאָפן, אַרײַנטראַכטערס. אונדזער היינטיקע צייט נעמט אַרום די צווייפלערס ניט אַזוי טיף, אָבער דערפאַר אין מאַסן. דער אַלגעמיינער מענטש איז געוואָרן אַ סקעפּטיקער. ער איז ניט קיין אַטעאיסט, נאָר אַן אַגנאָסטיקער, אין דעם זין וואָס ער לאָזט צו ספקות. און דאָס איז נאַטירלעך פאַר אונדזער צייט. ווייל וואָס גרעסער עס איז געוואָרן דאָס אַלגעמיינע וויסן, אַלץ מער די דערפאַרונג ווי ווייניק מען ווייס. ווען מענטש האָט נאָך גאָר ניט געקענט זיך, האָט ער „געקענט" גאָט, ווען ער האָט געהאַט אַ זייער שוואַכן באַגריף וועגן דער וועלט אויף וועלכער ער לעבט, האָט ער זיך בעיקר פאַרנומען מיט דער קאָסמאָגאָניע. אונדזער איצטיקע צייט האָט שאַרפער ווי ווען ניט איז זיך אַ קער געטאָן מיטן פּנים צו זיך און דעם נאָענטן אַרום. און אָט דורך די מענטש־נאָענטע ענינים זיינען געעפנט געוואָרן ווייטע ספערן — פיזישע, וואָס וועלן, לסוף, אויך מוזן אויסברייטערן די מעטאַפיזישע האָריזאָנטן.

קיינער קען ניט פאָרויסזען מיט זיכערקייט ווי און ווו דער גאַנג פון ציוויליזאַציע קען זיך פאַרקערעווען. די מענטשלעכע געשיכטע איז אַן עדות אַז עס זיינען געקומען טיפסטע ירידות נאָך אַלע אַרויפן פון ציוויליזאַציע. באַזונדערס איז עס אַזוי גרויליק געשען אין אונדזער אייגענעם דור. אָבער אין דעם מאָמענט גייט די מענטשהייט אַוועק פון יעדן מין טאָטאַלעריזם, אויך אין דער וויסנשאַפט. אָט דער גאַנג איז דער וויכטיקסטער סימן פון דער היינטיקער צייט. דאַרף מען אויך געשעענישן ביים יידישן פאָלק זען אין דעם ליכט.

אַ גאַנצע ריי דערשיינונגען ביי יידן זיינען אַ דירעקטער

ארויסקום פון דער צייט, וואָס צייכנט זיך אויס מיט ספקות אין אַלע אָנגענומענע קאַטעגאָריעס. עס איז שוואַכער געוואָרן דאָס געפיל פון פּאַטריאָטיזם צו אַלץ. אויך דער היינטיקער מענטש איז קאָנפאָרמיסטיש. אָבער זיין „יאָ" און „ניין" איז געוואָרן באַרואיקטער, אָן גרייטקייט פאַר מסירת נפש (וואָס האָט גאָר אָפט געמיינט צונעמען יענעמס נפש). דער היינטיקער גאַנג פון מענטשן — און דאָס איז שייך אויך יידן און יידישקייט — איז אָן אומווילקער צו גיין אויף באַריקאַדן, ער איז ניט גרייט אַליין צו גיין און פירן אַנדערע אויף שייטער־הויפנס פאַר איבערצייגונגען. עס איז שטאַרקער געוואָרן דער צווייפל, וואָס האָט, במילא, געמוזט אָפּשוואַכן דעם אידעאַליזם און די אמונה.

אונדזער צייט לעבט אין צייכן פון ספק, וואָס איז דער יסוד פון פילאָסאָפיע, דער פאָרבאַדינג פאַר פּראָגרעס און דער איינציקער וועג צו וויסן.



אַ סך פעלקער האָבן געגלויבט אין זייער אויסדערוויילטקייט, אין זייער אויסנאַמלעכקייט. אָבער זיי האָבן זייער יחוס געוואָלט טיילן מיט אַנדערע, אפילו עס אָנוואָרפן מיט כוח. נאָר די בני ישראל האָט די תורה אָנגעזאָגט צו בלייבן עקסקלוסיוו אין זייער אויסדערוויילטקייט. און וויל אַ פרעמדער זיך אָנשליסן צו יידן — טאָ לייג אים שטיינער אויפן וועג. און אויב ער איז פאָרט פאַר׳עקשנ׳ט צו טיילן דעם יידישן דרך החיים — ווערט ער באַטראַכט ווי אַ ניי־געבוירענער, אַ קינד פון אברהם און שרה. ייד־זיין מיינט אָנהייבן פון סאַמע וואָרצל. און וויבאַלד אַזוי איז געווען דער דין וועגן יחידים, האָבן שוין געוויס ניט געקענט צושטיין צו יידן קיין מאַסן. יידן האָבן געוואָלט לעבן אָפּגעשלאָסן. אזעלכע האָבן שוין געוויס ניט געקענט פאַרטראָגן קיין מיסיאָנערן. (און עס איז געווען דער קריסטנטום, וואָס האָט איינגענומען די וועלט, אָבער ניט פאַר דער יידישער נאַציע, נאָר פאַר די סאַמע מעטאַפיזישע עיקרים פון יידנטום — און, אויף אַ פּאַראַדאָקסאַלן אופן, קעגן יידנטום).

דאָס אַנדערשדיקע פאָלק האָט אויך געהאַט אַן אַנדער מין גלות. עס האָט, לויט זיין סאַמע כאַראַקטער, געמוזט האָבן אַן אַנדער מין גלות. איבער אַ סך פעלקער איז געקומען גלות, אָבער די פעלקער זיינען געבליבן אויף זייער ערד. נאָר יידן האָבן, שוין גלייך נאָכן ערשטן חורבן, אויסגעוואַנדערט אין

מאַסן פון ארץ ישראל. נאָך מער ווי מען האָט יידן געטריבן פון ארץ ישראל, זיינען זיי אליין געגאַנגען פון זייער לאַנד ארויס. די נביאים האָבן ניט ווייניק צוגעהאָלפן, פּסיכאָלאָגיש, אז דאָס פאָלק זאָל זיין גרייט צו גיין אין דער וועלט אריין — צו חלומ׳ען וועגן שיבת ציון, צו וואַרטן אויף אַ נייעם געשיכט־לעכן איבערברוך, אז דער „משנה עתים" (ענדערער פון צייט־גאַנג) זאָל ברענגען אַ נייע גאולה. די גאולה וועט זיין גרויס, שייך, זי וועט גייסטיק ארומנעמען אַלע מענטשן, די גאַנצע וועלט, און ענדערן אַלע נאַטור געזעצן. אזא געדאַנק האָט נאָר געקענט אויפקומען ביי אַזעלכע, וועמענס גאַנצע פאַר־שטעלונג פון וועלט־באַשאַף און פאָלקס־געבורט איז געוועבט פון אַן איבערנאַטירלעכע מאַטעריע, פון אַן אמונה אין איינ־מאָליקע געשעענישן; ביי אַ פאָלק וועמענס עצם לעבנס־יסוד איז געבויט אויף פאַרלייקענונג פון עוואָלוציע, סיי אין דער נאַטור, סיי אין דער געשיכטע.

היסטאָריש און גייסטיק־עמאָציאָנעל זיינען יידן ניט קיין „נאָרמאַל" פאָלק. אין יידיש געשיכטלעכן גאַנג פעלט דער הויפּט־סימן פון אַ נאַציע: דאָס שטרעבן צו טעריטאָריאַלער און קולטורעלער עקספּאַנסיע. דערפאַר האָבן יידן זיך גע־פּלאָנטערט ווי אַ פרעמדער קערפּער אין דער וועלט פון נאַ־ציאָנאַליטעטן. דערפאַר איז אויך געווען לאָגיש מעגלעך, אז עס זאָל אַנטשטיין די אידייע (צווישן די בעלי־השכלה אין דייטשלאַנד, און אַפילו ביי אַזאַ נאַציאָנאַלן פילאָסאָף ווי ר׳ יהודה הלוי, ווי ער ברענגט עס אין „כוזרי"), אז יידן האָבן אַ גייסטיקע מיסיע אין דער וועלט (פאַר די בעלי־השכלה האָט עס געמיינט זיין ווייניקער ווי אַ נאַציע, פאַר ר׳ יהודה הלוי — מער ווי נאָר אַ נאַציע). וועט איצט, מיטן ווידער־אויפקום פון דער יידישער מדינה, זיך ענדערן דער תמצית־שטריך אין דער יידישער געשיכטע? וועט די באַנייטע מדינה, אין אַ סעקולע־רער וועלט און טעכנאָלאָגישער צייט, איבערשאַפן דאָס פאָלק אין ישראל, צו ווערן מיט פעלקער גלייך? דערצו וואָלט זיך געפאָדערט, ווי אַ פאַרבאַדינג, די פולשטענדיקע אָפּטיילונג צווישן שטאַט און אמונה — אָדער א שאַרפע מאָדיפיקאַציע אין דער אמונה. איז דאָס אָבער מעגלעך ביי יידן! איז דאָס מעגלעך אין יידישן דת!

אָט די פראַגע — אָדער קאָמפּלעקס פראַגן ארום דעם — שאַפט אַ סך גייסטיקע ראַנגלענישן אין דער מדינה. דאָס זעלבע געשעט אויך מיטן יידישן מענטשן אין גלות — ביי וועלכע יידישע גרונט־פּראָבלעמען זיינען אַקטועל. דערפון קומען א סך שאַרפע קאָמפּלעקסן ביי יידישע מענטשן. עס

ראַנגלט זיך צווישן דער ירושה־קולטור און דעם נאַטירלעכן ווילן צו לעבן ווי אַלע פֿעלקער, אָדער, אין גלות, ווי די מערהייט. דער גאַנצער גאַנג און איינשטעל פֿון דאָס רוב יידישע מענטשן היינט איז קעגן דער ירושה־קולטור, וועמענס תמצית איז די אמונה אין איבערנאַטירלעכע געשעענישן און אין דער איבערנאַטירלעכקייט פֿון פֿאָלק ישראל. אָבער ביים פֿאַרלייקענען עס, אָדער אפֿילו מיטן ראַציאָנאַליזירן די יידישע איבערנאַטירלעכקייט, ווערט געביטן דער גאַנצער געשיכטלעכער גאַנג פֿון פֿאָלק.

אויף אַט דעם פּרשת דרכים געפֿינט זיך איצט די יידישע געשיכטע.



אין דער אַנטיקער צייט איז ביי אַלע פֿעלקער געווען א שטאַרקער ווילן פֿאַר טעריטאָריאַלער און קולטורעלער עקספּאַנסיע. דער דאָזיקער ווילן האָט, נאַטירלעך, געהאַט וואַריאַציעס, צוגעפּאַסט לויט די גע־פּאָליטישע באַדינגונגען פֿון די פֿעלקער און פֿון דער צייט. אָבער ביי יידן האָט דער דאָזיקער ווילן צו עקספּאַנסיע אין גאַנצן געפֿעלט. מיט גאָר קליינע אויסנאַם־עפּיזאָדן אין דער יידישער געשיכטע, האָבן יידן ניט געהאַט קיין דראַנג זיך אויסצושפּרייטן טעריטאָריעל. און געוויס איז קיינמאָל ניט געווען דער ווילן צו ווערן א וועלט מאַכט, ווי דאָס האָט געשטרעבט אין דער אַלטער צייט מצרים, בבל, פּערסיע, גריכנלאַנד און רוים. אַט די פֿעלקער האָבן אויך זיך באַמיט אָנצוּוואַרפֿן אויף די איינגענומענע טעריטאָריעס זייער ציוויליזאַציע און קולטור. יידן, להיפּך, האָבן געוואָלט לעבן קולטורעל אָפּגעזונדערט. „עם לבדד ישכון“. אין דעם זין זיינען יידן קיינמאָל ניט געווען קיין „נאָרמאַל“ פֿאָלק, אפֿילו ניט אין ווייטן עבר, אויף אייגענער ערד.

אַט דעם שאַרפֿן שטריך פֿון יידישער אַנדערשקייט האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען די יידישע אמונה. און ווייל די אמונה איז געווען די געבערערין פֿון דער יידישער נאַציע — ווען ביי דאָס רוב פֿעלקער איז עס געווען פֿאַרקערט, — האָט שוין דער יידישער גלויבן אויך געשטאַלטיקט דעם געשיכטלעכן גאַנג פֿון פֿאָלק און זיינע אַספּיראַציעס, גייסטיקע און מלוכה׳שאַפֿטלעכע.

די געשיכטע פֿון אַלע פֿעלקער ווערט אָנגעגעבן ווי א בהדרגה׳דיקער פּראָצעס. די יסודות פֿון אונדזער הייניטי־

קער ציוויליזאציע זיינען געלייגט געוואָרן אין אַלטן גריכנלאַנד. חוץ דאָגמאַטישע רעליגיע און טעכניק איז ניטאָ עפּעס אין אונדזער היינטיקער גייסטיקער וועלט מיט וואָס די אַלטע גריכן האָבן ניט פּרובירט זיך פאַרנעמען. זיי האָבן אָנגערירט אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט. אָבער זייער קולטור־גאַנג איז געווען אַ פאַמעלעכדיקער, אין נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. אַפילו זייערע גרעסטע־קולטן זיינען אויפגעקומען אין אַ פּראָצעס פון יאָרן. אין די שטאַפּלען צום אַרויפגאַנג זייערן האָבן געלייגט מענטשן, פילאָזאָפן און קריגס־פירער. אויך די אינדישע קולטור האָט געזען דעם וועלט־באַשאַף ווי אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס, איינגעטיילט אין פּעריאָדן פון מיליאָנען יאָרן, וואָס אַזוי האָט זיך אַרויסאַנטוויקלט דער „ריינער גלויבן”.

ענלעכע פאָרשטעלונגען וועגן אויפקום פון דער וועלט און זייערע פעלקער האָבן אויך געהאַט די קולטורן מיט וועלכע די בני ישראל זיינען געקומען אין דירעקטן קאָנטאַקט, אין דער צייט פון יידישער מלוכה׳שאַפט, און אין די שפּעטערדיקע גלות׳ן. אַלע זיי האָבן, אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, געגלייבט אין עוואָלוציע, אין סטאַטישער אַנטוויקלונג, וואָס שייך דעם אויפקום פון דער וועלט און זייערע פעלקער. אָבער יידן האָבן געזען דעם אויפקום פון דער וועלט און פון דער נאַציע ווי ספּאָראַדישע געשעענישן, אַרויסגעריסענע פון צייט־גאַנג; געשעענישן וואָס האָבן באַשאַפן די וועלט אין קורצע זעקס טעג און דאָס פאָלק אונטער אַ פייערדיקן באַרג, ווו עס האָט באַקומען זיינע געזעצן, צוגעגרייטע און אויף אייביק. (אויך יידישע חכמים האָבן שפּעטער אַריינגעבראַכט אַ מדרש־געדאַנק, אַז ברא עולמות ומחריבן, גאָט האָט פריער באַשאַפן מאָדעל־וועלטן. אָבער דאָס איז ניט קיין גרונט־געדאַנק פון דער יידישער אמונה, און מען מעג אפשר אָננעמען, אַז דער מאמר האָט פאַרבלאָנדזשעט צו יידן, דורך אומוועגן, פון דעם אינדישן איינפלוס). יידישער פאָלקס־אויפקום איז געווען ווי געקומען מיט היסטאָרישע קאָנוולסיעס, אין רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן. נאָר יידן האָבן באַזירט זייער פאָלקס־געשיכטע אויף אַזעלכע אויסטערלישע געבורט־ווייען ווי יציאת מצרים און מעמד הר סיני.

און די יידישע גרונט־אמונה האָט פאָרמירט דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק, דורך אַלע צייטן, צום גוטן און צום שלעכטן. עס האָט אויפגעהאַלטן דאָס פאָלק, ווייל

אין יעדער סיטואַציע האָט עס געגלויבט אין אומפאַרמייד-
לעכע נסים, וואָס קענען און וועלן קומען. עס האָט
געגלויבט אין כהרף־עין ענדערונגען, קעגן אַלע נאַטור-
געזעצן. נאָר אַזאַ אמונה האָט געקענט געבן כוח אויסצו-
האַלטן — און ווען אַדורכהאַלטן — אַלע פורעניות און
אכזריות. ס'איז אויך געווען לויט פאַרן נאַציאָנאַלן לעבן,
פריער אין ארץ ישראל, און שפּעטער פאַרן נאַציאָנאַלן-
ווידעראויפלעבן, ווייל עס האָט אויטאָמאַטיש איינגעבן פּאָלקס-
איניציאַטיוו. אָבער פאַר דער עקזיסטענץ איז אָט דער
גלויבן געווען א גרויסע תחבולה אין תרופה. וויבאַלד די
הילף קען קומען מאָמענטאַל, און קעגן לאָגישן גאַנג פון
די געשעענישן — טאָ דאַרף מען זיך דאָך ניט מיאש זיין,
אפילו ווען א שאַרפער שווערד הענגט איבערן האַלדז.
אָט דער גלויבן אין נסים האָט געשטאַרקט יידן דורך אַלע
נסיונות. און וויבאַלד יידן האָבן געגלויבט אין אימפּאָזיקע
געשעענישן, וואָס שייך וועלט און פעלקער, האָט דאָס,
במילא, ארויסגעצווונגען דעם גלויבן אין פרעדעטערמי-
נאַציע, אין „באַשערטקייט”. עס וועט אונדז צו וויט פאַרפירן
ווען מיר זאָלן זיך דאָ פאַרנעמען מיטן גאַנצן קנויל פראַגן
אַרום דער פּראָבלעם. און די פראַגן זיינען, בעיקר, פאַרוועבט
אין טעאָלאָגיע. וועלן מיר זיך ווייטער האַלטן צו דעם
ענין וואָס אונדז אינטערעסירט דאָ דירעקט: דער נאַציאָ-
נאַלער אַספּעקט.

דער גיגאַנטישער פאָרשריט פון טעכנאָלאָגיע און וויסנ-
שאַפט אין אונדזער צייט האָט אויסגעמיטן די פראַגע פון רע-
ליגיע, אָבער ניט פאַרנומען איר אָרט. און וואָס גרעסער עס
ווערט דער מענטשלעכער וויסן, אַלץ מער זעען מיר איין, אז
מען בלאָנדזשעט אין אַ מדבר פון אומוויסן. איז געבליבן דער
ווילן צו זיין גלויבהאַפטיק אין דעם, אז עס איז פאַראַן א זין
אין מענטשלעכן זיין. דער אינטעלעקט וויל זיך אָנהאַלטן אין
אַ קאָסמישער לאָגיק. ווייל אזוי ווי דער מענטש שטייט מאַכט-
לאָז און פאַרוווּנדערט אַנטקעגן דער מיסטעריע פון עקזיס-
טענץ, איז אַ רעליגיעזער געפיל זיין איינציקער אָנשפּאַר.
אָבער די וויסנשאַפט און די טעכניק האָבן שאַרף געביטן דעם
אָפּשאַץ וועגן רעליגיע, דעם אָרט וואָס זי קען פאַרנעמען, איר
ווירקונג און איר פּראַקטיק. די רעליגיעזע פאָרמען, וועלכע
זיינען געווען נאַטירלעך אין אַן אַגריקולטורעלער עקאָנאָמיע,
קענען ניט געדייען און פּראַקטיצירט ווערן אין אַ גרויס וויסנ-
שאַפטלעכער צייט און אין אַן אינדוסטריעלער געזעלשאַפט.

אַלע פירער פון אַלע רעליגיעזע לערעס, אָדער קולטן, זעען עס איין און באַמיען זיך צוצופּאַסן צו דער געענדערטער צייט. אָבער עס איז נאָר נאַטירלעך, אז „יידישקייט“, וואָס איז לויטן כאַראַקטער און איר געשיכטע די סאַמע קאָנסערוואַטיווסטע צווישן אמונות, זאָל ניט קענען אזוי שנעל בייטן אירע פאָרמען. אין דעם פאַל קען עס זיך ניט „יידלען ווי עס קריסטלט זיך“. ווייל די קריסטלעכע רעליגיע, למשל, איז נאָר קאָנפראָנטירט מיט דער צייט. אָבער ביי יידן איז דער קריזיס אַ גע׳כופל׳טער, ווי אַ פּראָדוקט פון גאַנצן איבערברוך אין דער יידישער געשיכטע.

ווען עס וואָלט ניט געשען דער גרויזאַמער אויסראָט פון מזרח־אייראָפּייאישן יידנטום, וואָלט די יידישע רעליגיע — אָדער, לאָמיר עס רופן גלייכער און שענער: יידישקייט — געהאַט דעם זעלבן קריזיס ווי אַלע אַנדערע אמונות; די זעלבע פּראָבלעמען, ווי די קאַטוילישע וועלט, צווישן וועמען דאָס רוב פון יענע יידן האָבן געלעבט. אויך דאַן וואָלט געווען שווערער פאַר יידן צו איבערוועלטיקן די צייט־פּראָבלעמען, זיך צופּאַסן צו זיי, ווי דאָס איז היינט פאַר אַנדערע רעליגיעס. אָבער פאַרוואָרצלט ווי יידן זיינען געווען, מיט איינגעשטעלטע טראַדיציאָנעלע פירונגען, וואָלטן בהדרגהדיקע ענדערונגען ניט אָנגערירט די יידישע וואָרצלען. אנדערש איז אונדזער מצב היינט. דאָס יידישע פאָלק איז אויפגעטרייסלט אין די וואָרצלען. מיר זיינען היסטאָריש אַן אַלט פאָלק — אָבער יונגע בירגער אין אַלע לענדער ווו יידן געפינען זיך היינט — אריינגערעכנט מדינת ישראל. אין די דאָזיקע לענדער זיינען יידן אָן טראַדיציע, אָן אַן איינגעשטעלטן לעבנס־רוטין. מען האָט ניט געקענט מיטנעמען „האַק און פּאַק“ דעם אַלטן לעבנס־דרך, וואָס איז געווען מעגלעך, אָנגעפּאַסט, און אפילו נאַטירלעך אין אַן אַנדער צייט, ביי גאָר אַנדערע באַדינגונגען, אלגעמיינע און פאָלקיש־אינעווייניקסטע. וואָלט דער מזרח־אייראָפּייאישער יידנטום געלעבט, וואָלט מען געהאַט גענוג צייט זיך איינצוואַרעמען אין די נייע לענדער. דאָרטן, אין מזרח־אייראָפּע, וואָלט דער איבערגאַנג אין יידישן לעבן געווען אַ בהדרגה׳דיקער, און אויך אין די נייע לענדער וואָלט ער געקענט זיין אזוי. די השפּעה פון אַלט און ניי וואָלטן זיך קעגנזייטיק באַווירקט, מיט געדולד און צייט, און עס וואָלט אויפגעקומען געוויס דער מאָדערנער דרך־החיים פאַרן היינטצייטיקן יידישן מענטשן. אזוי איז דאָס געשען דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע. נאָך איידער עס האָט זיך איינגעלאָשן דער יידישער לעבן אין בבל, האָט אויפגעשיינט די פּי־

רונג פון שפּאַניע. עס איז געווען גאָר אַ נייער גאַנג, נייע טריט, נייע מחשבות, אַ נייע ווענדונג — אָבער מיט יניקה־זאַפט פון בבל. און אזוי ווידער איז געווען דער איבערגאַנג פון ספרד צו אשכנז, צו מזרח־איראָפּע. די גייסטיקע זאַפטן זיינען אין מזרח־איראָפּע געצויגן געוואָרן פון בבל טאַקע, אָבער דער צושטייער פון ספרד האָט זיך אויך שטאַרק אויסגע־ווירקט. גאָר אַנדערש איז עס אין אונדזער תקופה. די גאָל־דערנע מסורה קייט איז איבערגעשניטן געוואָרן מיט אכזריות. די נייע צייט — אזוי דינאַמיש און רעוואָלוציאָנער, ווי קיינמאָל ניט אין דער מענטשלעכער געשיכטע — האָט יידן געטראָפן אַפּגעשוואַכטע, פאַרבלוטיקטע, גייסטיק און פיזיש דעזאָרגאַ־ניזירט. מ'האָט אונטערגעשניטן אין די וואָרצלען און די צווייגן זיינען פאַרטראָגן געוואָרן פון שטורעם אויף נייע קאָנ־טינענטן, אין נייע לענדער — ארייַנגעווירבלט אין אַ נייער צייט.



אָבער אויך דאָס איז נאָך ניט אַלץ. עס איז צוגעקומען אַ צווייטער פאַקטאָר, דער עקאָנאָמישער.

יידן אומעטום גייען איצט אדורך אַן עקאָנאָמישן איבער־שיכטונג פּראָצעס, וואָס רעוואָלוציאָנירט די סאָציאַלע סטרוק־טור פון יידישן פאָלק, און מוז זיך אויך אויסווירקן אויף זיין גייסטיקער געשטאַלטונג.

די דאָזיקע איבערשיכטונג, וואָס איז אויך אַ פּראָדוקט פון דער צייט, האָט אָנגענומען ביי יידן אַ באַזונדערס שאַרפע פאָרם. דער קליינקרעמער, הענדלער און פאַרמיטלער, וואָס דאָס זיינען געווען די פרנסות פון רוב יידן, שטייט נאָר אַ האַלבן טראָט פון פויער. יידן זיינען געווען די פאַרמיטלער צווישן דער אַגריקולטור און דער אינדוסטריע. פאַרן פויער, וואָס איז אָפּהענגיק פון דער נאַטור, איז אמונה אַן אינטימע נויטווענדיקייט. אויך אזוי פאַרן קרעמער און מעקלער, וואָס איז אָנגעוויזן אויפן צופעליקן פדיון. בטחון איז זיין אָנהאַלט און באַגלייטער. יידן זיינען, אָבער, איצט האַסטיק אריבער צו פרייע פּראָפעסיעס, צו אַ יסודות'דיקער עקאָנאָמיע, ווו וויסן, לאָגיק, חשבון און קאַלקולאַציע זיינען די דאָמינירנדיקע פאַק־טאָרן. די דאָזיקע אייגנשאַפטן שטופּן ניט ארויס און פאַרנע־מען ניט דעם אָרט פון רעליגיע, זיי גיבן אָבער אַ גענוג ברייטן פעלד אויסצומיידן רעליגיעזע פּראָבלעמען, און גע־וויס די פּראַקטיצירונג פון רעליגיע. מענטשן אין די נייע

פראָפעסיעס קענען זיין אינגאַנצן אבסאָרבירט אין זייער אייגענער וועלט, און זיינען ניט קאָנפראָנטירט טאָג־טעגלעך מיט אמונה פּראָבלעמען, וואָס זיינען מחוץ פון זייער ספערע.

נאָר די דאָזיקע דריי פאַקטאָרן — דער אויסראָט פון גרויסן אייראָפּעאישן יידנטום, די גייסטיקע טראַדיציעלאָזיקייט אין די נייע לענדער, און די עקאָנאָמישע איבערשיכטונג — זיינען גענוג, אז מיר זאָלן זיין, ווי מיר זיינען: גייסטיק דעז־אָרגאַניזירט, צעטומלט און פאַרלאָרן.

די נייע וועלט, די נייע צייט און די געענדערטע באַדינגונגען פאַרלאַנגען נייע כלים און נייע מיטלען, נייע פאָרמען און פאָרמולירונגען פאַר יידיש גייסטיקער עקזיסטענץ.

ניט נאָר דער סאַמע קאָנסערוואַטיווער טייל פון פאָלק רופט צוריק; צוריק צו דער יידישקייט „וואָס האָט אונדז אויפגעהאַלטן דורכן גאַנצן גלות". די דאָזיקע רייד לייענט מען אין מען הערט כסדר אויך פון א״ג וועלטלעכע טראַכטערס. אָבער קיינער פון די פרעגן זיך ניט: ווי האָט עס אונדז אויפגעהאַלטן! און צי ווילן מיר זיך האַלטן אזוי, מיט אָט די מיטלען? און מען מעג אויך פרעגן: צו וואָס אזא אויפהאַלטונג? עס איז אויך ריכטיק, אז יידישקייט האָט אונדז גאָרניט אויפגעהאַלטן, ווי אַ פאָזיטיווער פאַקטאָר. אמת איז, אז עס האָט געגעבן אַן אָרט פאַר אָנהאַלט און אנטרינונג. די שטופּ־כוחות אין אונדזער אייגענעם תחום אריין צו יידישקייט זייען געווען דרויסנדיקע און פיינטלעכע. און ווער פון אונדז וויל דען, אז די דאָזיקע שטויס־קרעפטן זאָלן ווידער דאָמינירן אין אונדזער גייסטיקער עקזיסטענץ?!

אָבער רעליגיעזע מנהיגים איז שווער אויפצושלאָגן אַ נייעם געדאַנק פון אונדזערע אַלטע קוואַלן. אפילו די רעפאָר־מיסטישע באַוועגונג האָט עס ניט באַוויזן צו טאָן אין די לעצטע הונדערט יאָר. און עס איז מערקווירדיק, אז אויך אין דער דאָזיקער באַוועגונג זיינען הייַנט פאַראַן שטימען און שטימונגען, וועלכע רופן צוריק צו אַלטע פאָזיציעס, כדי צו איינהיטן אירע נייע דערגרייכונגען. דאָס געשעט אפשר דערפאַר, ווייל די רעפאָרם־באַוועגונג איז לכתחילה ניט אויפגעקומען ווי אַ פּראָדוקט פון יידישן לעבן גופא; ניט צו אונטערשטרייכן און ארויסהייבן דאָס נויטווענדיקע, נאָר זיך באַפרייען פון דעם, וואָס זי האָט געזען ווי אַן איבעריקן באַלאַסט. זי איז געקומען צו רעפאָרמירן. אָבער די „רעפאָרמאַציע", וואָס איז אָנגע־גאַנגען דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע, איז געווען ניט פון אַראָפּוואַרפן, נאָר פון ארויפנעמען אויף זיך, אונטער־שטרייכן און ארויסהייבן די עיקרים און פאָרמען, וועלכע זיי־

געֶן געָוועֶן בויטוועֶנדיק אין דער געגעבענער צייט.

די היינטיקע ווירקלעכקייט, פון דער וועלט, און פון יידישן מענטשן אין איר, צווינגט ארויף, אז יידישקייט מוז לייגן דעם טראָפּ אויף הומאַניזם, אויף אַ סאָציאַליזירטן לעבנס־וועג און אויף דער געפילס־פילאָזאָפיע פון אַ קאָסמישער לאָגיק.

פון צ̇ט די דריי גרונט־יסודות קענען גריילעך ארויס־שטראָמען אויף מצוות מעשיות, אַן אַקטיווע יידישקייט, אין ראַמען פון „מען זאָל" און „מען זאָל ניט", „מען מעג" אין „מען טאָר ניט". עס איז אָפּהענגיק פון דעם אויסטייטש, די באַגרינדונג, דעם זין אין דעם ציל, וואָס מען שטעלט אוועק ווי אַ וועגווייזער פאַר אונדזער אייגענער און אייגנאַרטיקער קולטור, און פאַר איר בויטוועֶנדיקייט.

דער עיקר כל העיקרים פון יידישקייט איז דאָס נעמען אויף זיך „עול מלכות שמים". אָבער עס מוז ניט דווקא זיין אַן „עול". עס קען זיין לאָגיק געפּאָרט מיט געפיל, וואָס פאַר־וואַנדלט דעם „עול" אין פּאָעזיע, און די פּאָעזיע אין עסטע־טיק, און די עסטעטיק אין עטיק; אין אַ רעגולאָמין פון אַ יידישן לעבן, וואָס האָט פרייד באַגלייט מיט שטילן צער, דעם וויכן צער פון קאָסמישן ווונדער און אַנטפּלעקונג, ווו די געטלעכקייט איז וויט און נאָענט און אייביק, און דאָס האַרץ גלויבהאָפטיק און דער שכל פריי.

דער חורבן האָט אונדז אזוי צעשלאָגן און פאַרווירט, אז מיר האָבן נאָך ניט געהאָט די כוחות און די צייט צו איינ־שטעלן אַן אידייען־וועג פאַר אונדזער עקזיסטענץ. אָבער עס וועט זיך אויסצייטיקן — אויב מיר וועלן האָבן גענוג צייט און ווילן צו לעבן און שאַפן און איבערשאַפן אונדזער דרך החיים.

יעדע צייטונג, אָדער צייטשריפט, דאַרף האָבן אַ קאָנטיקן פּראָצענט פון לאָקאַלע אַרבעטן, אינפאָרמירן און באַהאַנדלען וועגן אָרטיקע פּראָבלעמען. אָבער יידישע צייטונגען היינט צו טאָג, אין אַלע לשונות, אין אַלע לענדער — חוץ אין מדינת ישראל — פילן אַ כראָנישן מאַנגל אין לאָקאַלער יידישער פּראָבלעמאַטיק. דערפאַר באַקומען יידישע צייטונגען אין דער גאָרער וועלט אַלץ מער און מער איין פּנים, וואָס שייך זייער לייען־מאַטעריאַל. נאָך מער: אין אַ קאָנטיקער טייל צייט־שריפטן, אין דעם זעלבן לשון, אין פאַרשיידענע ערטער, דרוקן זיך די זעלבע שרייבערס. דער פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט אָדער פּובליציסט שיקט פונאַנדער קאָפּיעס פון זיינע אַרבעטן צו אַ גאַנצע ריי צייטונגען, מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן. באַ־קומט זיך, אַז די דאָזיקע צייטונגען גופא ווערן ווי קאָפּיעס, ברידער און שוועסטער, אויף וועלכע מען זעט קלאָר אָן די משפחה־שטריכן.

אין דער דאָזיקער פאַמיליאַריטעט איז, נאַטירלעך, נאָך פאַראַן געוויס אָרט פאַר אינדיווידואַליטעט. עס איז אָפּהענגיק פון דער לעצטער האַנט, דעם רעדאַקטאָר, אָדער צונויפשטע־לער, פון יעדער שריפט באַזונדער, אַז עס זאָל פאָרט האָבן אַן אייגענעם כאַראַקטער, אַ באַזונדערן קאָליר און פאַסאָן. אין יעדע שריפט איז פאַראַן דער אינדיווידועלער שטעמפּל פון דעם וועלכן „מאַכט" די פּובליקאַציע. יעדערער אַזאַ טוט אריין דעם נפש משלו, פון זיין אייגענעם גוסט און גייסט, גיט זיין באַזונדערן שליף און קנייטש. דער אינהאַלט מעג טאַקע זיין דער זעלבער. אָבער דער „ווי" עס ווערט געגעבן, דער אָפּקלייב און צונויפשטעל, אין דעם איז פאָרט פאַראַן אַן אונ־טערשייד — און דאָס איז אויך ניט פון קליינער וויכטיקייט.

דאָס איז, בדרך כלל, דער אַלגעמיינער בילד פון דער היינטיקער יידישער פּרעסע. אָבער פאָרט באַמיען זיך אַלע צייטשריפטן צו זיין אויך אַ שפּיגל פון לאָקאַלן יידישן לעבן. זעט מען טאַקע אָפּט „באַאַרבעטע" באַריכטן, צעצויגענע און פאַרוואָסערטע, וועלכע גיבן ניט צו קיין געשמאַק, קיין טעם און קיין ריח צו די אויסגאַבעס, און געוויס גיבן זיי ניט צו קיין כבוד. על פּי רוב זיינען אַזעלכע באַריכטן אויסגע־קוועטשטע. מען מאַכט פון אַ פליג אַן עלעפאַנט. אַ געשעע־

ניש וואָס איז ווערט דריי שורות, אויב מען וואָלט עס געמאָסטן מיטן סטאַנדאַרט פון אַ נאָרמאַלער פּרעסע, ווערט אָפּגעגעבן אַ גאַנצער מאמר, פון הונדערטער אָנגעדראָלענע ווערטער. יעדע יידישע פֿאַרזאַמלונג, פון וועלכן ניט איז כאַראַקטער, און אומאָפּהענגיק וויפל מענטשן די פֿאַרזאַמלונג האָט באַרירט, קען פאַרוואַנדלט ווערן ביי אזעלכע באַריכט־אָפּגעבערס אין אַ וועלט געשעעניש. און די באַריכטן זיינען געניצט מיט תכ־ריכים־שטעך, און דערצו נאָך ווי עס וואָלט געווען חס ושלום אַ מגפה און די מתים וואָרטן אין אָטשערעד. מען סטריגעוועט אויך די דאָזיקע לאָקאַלע באַריכטן אזוי, אַז די פּאָטשעווקע קומט ארויס ווי דער מלבוש. מען ניצעוועט איבער די זעלבע מעשה הין און צוריק, ווי עס וואָלט געווען דער פסוק פון „מכשפה לא תחיה", וואָס איז אַ סגולה צו זאָגן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן ארויף...

אַז מען לייענט אַמאָל, צוליב טשעקאַוועסט, די דאָזיקע באַריכטן, מוז מען זיך וווּנדערן, צי דער שרייבער, וואָס האָט זיי אויסגעאַרבעט, איז בשעת׳ן שרייבן געווען דערביי. מען מוז אָבער האָבן אויך אויפריכטיקע באַוווּנדערונג פאַר די דאָזיקע באַשרייבערס פון היימישע געשעענישן. זיי קענען מאַכן פון אַ וואָרט אַ קוואָרט און מישן אָן אויפהער אַ קאַלטע גלאָז טיי. זיי גיבן איבער, פון אַ פאַרזאַמלונג, למשל, אַלץ וואָס יעדערער האָט געזאָגט, און אַמאָל אפילו וואָס מען האָט ניט געזאָגט אויך. פאַר וועמען איז נויטיק די דאָזיקע צעצויגענע באַריכטן — חוץ פאַר די וועגן וועמען מען שרייבט? אָבער דאָס אַלץ טוט מען לשם געבן לאָקאַלע סחורה, און דאָס איז אויך ניט צו אונטערשאַצן. נאָר וויבאַלד עס פעלן אמתע לאָקאַלע געשעע־נישן, פילט מען אויס מיט שרייב־קוואַנטיטעט וועגן דעם מי־זערנעם וואָס איז פאַראַן.

די פּרעסע קען ניט זיין, אין בעסטן פאַל, מער ווי אַ שפּיגל פון דעם וואָס געשעט. אָבער אין יידישן לעבן פון גלות גע־שעט היינט גאָרנישט. אויב מען זאָל אַוועקנעמען דעם אויי־בערפלעכלעכן שוים, בלייבט אַ ליידיקער טעפּל. אַ קליינער הייפל מענטשן קאָכט זיך אומעטום אין אייגענעם וואַסער, אָדער, לאָמיר שוין זאָגן, אין אייגענעם זאַפט, און דאָס איז אַלץ. פאַראַן, געוויס, וויכטיקע און געוויכטיקע פאַקטן אין יעדער ישוב. זיינען זיי אָבער כסדר די זעלביקע. און מען קען דאָך ניט שרייבן ווידער און אָבער וועגן דעם וואָס אַלע ווייסן.

די הויפּט־אויפּבליצן זיינען אַנטיסעמיטישע אַרויסטרע־טונגען, אַנטי־יידישע מאַניפעסטאַציעס, וואָס גיבן זיך אַ צונד

דאָ און דאָרטן. אָבער, ווי זאָגן יידן: בלינצעס ווערט אויך צוגעגעסן. בלייבט דער שטענדיקער און האַרטער „סטאָק": ישראלדיקע פּראָבלעמען, סאָוועטישע יידן און — „אַסימילאַציע". און וועגן דעם קען מען שרייבן ביז באַגינען. אָבער דאָס זיינען דאָך שוין ניט קיין לאָקאַלע ענינים. דערפאַר האָבן טאַקע אַלע יידישע פּובליקאַציע, ווי געזאָגט, איין פּנים. אָדער ווי זאָגט מענדעלע: כל ישראל איין קבצן. און וויבאַלד מיר האָבן שוין יאָ דערמאָנט מענדעלע'ן, קענען מיר דאָך אויך שוין ניצן זיין „ניט דאָס בין איך אויסן". ווייל אין דער אמתן איז דאָס אַלץ ביז איצט געווען וויכטיקער דרך אגב. ערשט איצט קומען מיר צום סאַמע עיקר.

ווו, טאַקע, האָבן זיך באַהאַלטן אַלע יידישע טעמעס, די לאָקאַלע?

דער אמת איז אַז עס איז נעלם געוואָרן זייער באַשעפער.

יידישע טעמעס זיינען שטענדיק און בעיקר געווען אַ פּראָדוקט פון דרויסן; די אויסערלעכע וועלט האָט זיי ארויפגעצוווּנגען אויף יידן. די יידישע פּראָבלעמען אין יעדן אָרט זיינען אויך היינט אין פּראָפּאָרץ צו דעם צוואַנג קעגן יידן אין יעדן אָרט. פאַלט אָפּ דער צוואַנג — פאַלן אוועק די פּראָבלעמען. און דאָס איז ניט קיין פראַגע פון „אַסימילאַציע", אָדער ווייל יידן ווילן אַזוי. דאָס איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס. ווייל גלות איז ניט קיין שאַפּנדיקער פאַקטאָר — אין קיין איין געביט ניט. יידן אין גלות האָבן גאָרנישט באַשאַפן. און איך זע שוין ווי עס רייסן זיך אויף גרויסע אויגן: היתכן! טאָ לאָמיר זיך איילן עס מסביר צו זיין.

אַלץ וואָס יידן האָבן אויפגעטאָן און באַשאַפן אין גלות איז געווען אַ פּראָדוקט פון זייער לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן. אפילו אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ יחיד, אַ שעפערישע פּערזענלעכקייט, וואָס איז גאָר געווען ווייט און אָפּגעזונדערט פון דעם לעבעדיקן, קאָמפּאַקטן פאָלקס־מאַסיוו, (און אַזעלכע גדולים זיינען געווען אין דער יידישער געשיכטע); אפילו אַזאַ האָט געהאַט דעם וויסן, אַז ער לעבט און אַרבעט פאַר אַ לעבעדיקן יידישן ציבור, וואָס האַלט זיך צוזאַמען אין אַ פאָלקישער איינהייט. ער אליין איז טאַקע באַזונדער, אָבער דאָס פאָלק איז צוזאַמען. און אָט דער „צוזאַמען" איז געווען — מדינה. אָט דאָרטן ווו די קאָמפּאַקטע מאַסן יידן האָבן זיך געפונען, איז געווען פאַר זיי אַ כמו מדינה. זייער אייגענע טעריטאָריע. און אין דעם שטיקל גבול זייערן — צו דאָס איז געווען אין גושן, צי אין געטאָ, צי אין „שטעטל" — האָבן זיי אריינגעפירט די לופט און דאָס געפיל פון עקסטעריטאָריאַ־

ליזם; די לופט פון דער מדינה וואָס איז אַמאָל געווען, אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, און דעם גלויבן אין דער מדינה, וואָס וועט זיין, אין דער נאָענטער אָדער ווייטער צוקונפט.

דער זכרון פון דער געוועזענער מדינה, און די אמונה אין דער צוקונפטיקער זעלבסטשטענדיקייט, האָט געשטאַרקט און געקרעפטיקט דעם ווילן און געפיל, אַז אויך איצט לעבט מען אין אָפּגעזונדערטער אַליינקייט, וואָס איז כמו מדינה; עפּעס פון אַ מדינה אונטערוועגס. נאָר אַזאַ סוווערעניטעטס געפיל האָט געקענט שאַפן, בויען — סיי ווי אַ המשך פון דעם וואָס איז געווען, סיי ווי אַ צוגרייטונג צו דעם וואָס דאַרף זיין. אין אַזאַ גייסטיקער עקסקלוסיוויקייט קען מען אפילו לעבן אויף אַן אינדזל אײנער אַליין און זיין ווי אַ שעפערישע פאָלקס־איינהייט. און מיט אַזאַ געפיל און באַוווסטזיין קען מען אויך לעבן אין מיטן מאַרק, צווישן טויזנטער מענטשן, — און אויך דאָ בלייבן באַזונדער, מיט אייגענע פּראָבלעמען. דער ווי מען לעבט איז דאַן ניט אָפּהענגיק פון ווו מען לעבט.

אויב נאָר דאָס געפיל, דער באַוווסטזיין און די אמונה איז פאַראַן, אַז מען איז, מען וויל זיין סוווערען, וואָס מיינט מדינה־שאַפטלעך, ווערט אויך גלות פאַרוואַנדלט אין פאָלקיש־נאַציאָנאַלער שעפערישקייט.

אַזוי איז דאָס געווען דורך אַלע יאָרן פון יידישן גלות. דערפאַר זיינען געווען יידישע פּראָבלעמען אין גלות. די פּראָבלעמען זיינען טאַקע געווען אַרויסגעצוווּנגענע פון דעם ניט יידישן אַרום, אַזוי ווי דער גלות גופא איז געווען אַן אַרויסגעצוווּנגענער. אָבער יידן האָבן דעם צוואַנג אָנגענומען, ווי אַ נאַציאָנאַלן מוז, און דערפאַר אויספאָרמירט אייגענע לעבנס־פאָרמען פון די פּראָבלעמען. זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער אייגענע קולטור, געשאַפן אפילו אַן אייגן לשון, ווי אַ צוגאָב צום מיטגענומענעם לשון; געשאַפן סטיל, פאָרם, לי־טעראַטור און אינהאַלט פאַר און פון זייער לעבן. זיי האָבן גע־זונגען אומעטיקע און פריילעכע לידער, וועגן די ערטער ווו זיי האָבן געלעבט. זיי האָבן געזאָגט קינות און געשאַפן טענץ — זיי האָבן געלעבט אַ נאַציאָנאַלן לעבן. אַזוי טוט ניט אַ מאַסע אין גלות. אַזוי קען ניט טאָן אַ מענטשלעכער געזעמל אין דער פרעמד. אַזוי האָבן ניט געטאָן די קלוגע און געביל־דעטע גריכן, ווען זיי זיינען געקומען אין גלות פון רוים. זיי האָבן טאַקע איינגענומען רוים מיט זייער קלאַסישער קולטור (ווי יידן האָבן „באַהערשט" רוים מיט זייער רעליגיע), אָבער נאַציאָנאַל־שעפעריש זיינען די גריכן אין רוים ניט געווען. אַזוי האָט ניט געקענט טאָן קיין פאַרטריבענער קאָלעקטיוו

אין וועלכן אָרט און אין וועלכער צייט. אָבער יידן האָבן עס יאָ געקענט — אזוי לאַנג ווי זיי האָבן אָנגעהאַלטן די שטאַרקע בענקשאַפט צו ארץ ישראל, אזוי לאַנג ווי זיי האָבן די באַזונדערע געאָגראַפיע זייערע געטראָגן אין זיך.

עס איז כאַראַקטעריסטיש זייער, וואָס כמעט אַלע יידישע שרייבערס אין דער נייער וועלט — האָבן זיך אַלץ אָנגעהאַלטן טעמאַטיש צום שטעטל. הגם זיי זיינען אַנטלאָפן פון שטעטל, פיזיש, און אפילו זייער יונג, אָבער זייערע ווערק, און אוודאי די בעסטע, זיינען כסדר געגאַנגען צוריק, צו דער אַלטער היים, אָדער זיי האָבן געזוכט די טעמאַטיק פון דער גאָר ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אַלץ דאָרטן ווו עס זיינען געווען וואָרצלען, ווו יידן האָבן געלעבט באזונדער, אין פאַקטישער, און בעיקר גייסטיקער, סוווערעניטעט. אין דער נייער וועלט איז געווען פרייהייט און קאָסמאָפאָליטיזאַציע, אָבער ניט קיין אָפּגעצאַמטע אייגענע געאָגראַפיע. און אויך שעפערישקייט מוז האָבן אַ פיזישן באָדן צו קענען וואַקסן און גדייען.



אידייען קומען ניט אויף ספּאָנטאַן, אזוי אויך לעשן זיי זיך ניט אויס מיט איינמאָל. נאָך דעם ווי מיינונגען, אידייען, גייסטיקע באַוועגונגען לעבן אָפּ „דרייען" זיי זיך נאָך מיטן כוח פון אינערציע. ווי לאַנג? אויך דאָ קען דינען דער פיזיקאַלישער געזעץ: וואָס לענגער און שטאַרקער אַ ראָד האָט זיך באַוועגט, אַלץ מער צייט וועט אָנהאַלטן זיין אימפּעט — נאָך דעם ווי מען האָט אים שוין אָפּגעשניטן פון ענערגיע־שטראָם.

די נאַציאָנאַלע באַגריפן און אידייען אין יידישן פאָלק (ניט די מעשים) באַוועגן זיך נאָך היינט מיט און ארום יענע כוחות, וואָס זיינען אָנגעלאָדן געוואָרן אין קנאַפּע דריי טויזנט יאָר געשיכטע. די דינאַמישע קראַפט וואָס איז אָנגעלאָדן געוואָרן דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע, קען נאָך אָנהאַלטן דעם שטראָמלאַוז לויף פאַר אַ לאַנגער צייט. אָבער די טאָרמאָזן וואָס זיינען אַריין אין די „רעדער" פון נאַציאָנאַלן גאַנג זיינען אזעלכע שטאַרקע, אז עס וועט זיך מוזן אָפּשטעלן; אָפּשטעלן און ענדערן דעם לויף, אונטערן דרוק פון די נייע שטראָמען אין דער וועלט און אין פאָלק.

זיבעצן הונדערט יאָר האָבן יידן געלעבט אָן קאָנקרעטע יסודות פון אַ פאָלק. אָבער זיי האָבן זיך ארומגעבויט מיט אַ ספּעציפישער אַטמאָספערע, מיט אַזאַ לופטיקער „מאַזשינאָ ליניע". עס איז געווען די אייגענע יידישע וואַנט, וואָס איז ניט

געוועזן פון ציגל און ליים, נאָר רייִנע רוחניות — און דאָך האָט עס זיי איינגעהיט. געוויס, יידן האָבן אויך געהאַט און געהיט זייער אייגן קולטור, אַן אייגן שפראַך אין טאָגטעגלעכן אומגאַנג, און אויך איינגעהיט זייער אַלטן לשון. זיי האָבן געהאַט זייער אייגענער הלבשה און אויך אַ ספּעציפישן פיזישן יידישן פּנים. זיי האָט צוזאַמענגעהאַלטן נאַציאָנאַלע מורא און זיי האָבן געפירט אַ נאַציאָנאַלן עקזיסטענץ־קאַמף. אָבער אַלע די קאָנקרעטע פאָרמען וואָלטן ניט גענוג געוועזן אויף אויסצוהאַלטן אַזעלכע גרוילהאַפטע גלות־יאָרן. דער תוך פון דעם יידישן לעבנס־כוח איז געלעגן אין דער אַטמאָספערע, אין דעם לעבנס־איינשטעל, אין דער אייגנאַרטיקער לופט מיט וועלכער מען האָט זיך איינגעפּאַנצערט.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין פאַקטן. לופט מוז מען פילן. די לופט, מיט וועלכע יידן אין גלות האָבן זיך ארומגעהילט האָט מען נאָר געקענט דערפילן פון אינעווייניק, — ווי די וואַרעמקייט פון אייגענעם האַרץ־פּולס.

דער קאָנקרעטער דערהאַלט־כוח פון פאָלק איז געוועזן די תורה, די אייגענע געזעצן, ווי זיי זיינען אויסגעטייטשט געוואָרן אין תלמוד, און די מנהגים, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פון די חכמים אין א״י און אין בבל. אָבער ניט אַלע דינים, הלכות און מנהגים זיינען אַלעמאָל אָפּגעהיט געוואָרן מיטן זעלבן אייפער. דאַקעגן די יידישע געפילס־אַטמאָספערע האָט זיך ניט געביטן. זי איז מיטגענומען געוואָרן פון ארץ ישראל און געוואַנדערט דורך אַלע גלות־גלגולים, ביז אין אונדזער צייט.

די איראָפּעאישע תקופה (אַ העלפט פון די גלות־יאָרן) איז, צום גרעסטן טייל, געוועזן אַ קאָפּיע פון דעם יידישן לעבן אין בבל. עס איז געוועזן גייסטיקער המשך און ירושה פון דעם פּרושימדיקן איינשטעל און פון בבלדיקן אויסטייטש פון דער תורה. ביים מזרח איראָפּעאישן יידנטום איז עס געקומען צום פולן אויסדרוק, ניט נאָר דורכן אָפּהיטן די מצוות, הלכות און מנהגים, נאָר צוליב דער אוירא, דעם איינגעשטעלטן לעבנס־ריטעם, וואָס אָט דער יידנטום האָט איבערגעזונגען. דער נוסח און די התנהגות, די פאָרמען און פירונגען זיינען געוועזן אַזוי פאַרבונדן, אַז איינס אָן דאָס אַנדערע וואָלט ניט מיגלעך געוועזן. סלאָבאָדקע אין ליטע האָט געוועלט זיין אַ קאָפּיע פון פומפּדיתא אין בבל, ניט נאָר אין איר פּנימיות, נאָר אויך אין איר חצוניות. די חכמי צרפת זיינען נאָענט געוועזן צו יבנה אין מהות, ווי די היינטיקע יבנה צו דער אַמאָליקער אין געאָגראַפיע. וואָלאָזשין האָט געפילט דעם לערן־דרך פון ר׳ עקיבא׳ן

פונקט ווי זײַנע מיטצײַטלער־תּלמידים. שלום עליכם׳ס טוביה האָט געהאַט מער אַנבליק צו אַ פּויער אין אַלטן גליל, ווי צו זײַנס אַ שכן אין מיכאַלאָווקי. פיזיש נאָר האָבן ייִדן געלעבט אין גלות, גײַסטיק האָבן זיי זיך אײַנגעזונדערט אין אַן אייגע־נע, לופטיקע מחיצה, — וואָס איז געווען שטאַרקער ווי די מויער־ווענט, מיט וועלכע די שונאים האָבן אַרומגעבויט דאָס געטאָ.

„יעדעס פאָלק האָט אַ נשמה און די נשמה פון פאָלק גע־פינט אויסדרוק אין די אינסטיטוציעס וואָס עס שאַפט" (עד־וואַרד בלידן). ייִדישע אינסטיטוציעס אין גלות האָבן ניט אָפּ־געשפּיגלט די נשמה פון פאָלק. ווען היסטאָריקער שטעלן פאָר ייִדיש לעבן ערגעץ אין גלות לויט די אינסטיטוציעס זייערע און די לעבנס־פאָרמען — איז עס נאָר אַ טיילווייזער געמעל. צום פולערן אמת האָבן צוגעטראָפן קינסטלער, יענע וואָס האָבן דערשפּירט די פאַרב און דעם ניגון פון ייִדישן לעבן אין גלות.



אויף די ברעגעס פון בוג און פון ניעמאַן, פון דאַנוי און פון סען איז האַרבסט. שויך וואַכן ווי די הימלען זײַנען אָנגע־כמאַרעט. אין בית המדרש׳ל פון שטעטל איז קאַלט. די ליכט אין די מעשענע הענגלײַכטער טריפן מיט אומעט. אָבער אַזוי גיך ווי דער מנין ייִדן קומט זיך צונויף, קומט אַרײַן דער ריח פון פרילינג. דאָס האָט דער גרינער לולב, אַרויסגענומען פון אונטער אַ נאַסער פאַלע, אַרײַנגעבראַכט דעם ליכטיקן אַראָ־מאַט פון — ארץ ישראל. דאָס האָט דער אתרוג, מאַט ברוין, ווי אַלטער גאָלד, אַרויסגענומען פון דער זילבערנער ירושה־ביקס, געבראַכט אַהער דעם ריח פון פעלד און פון צײַטיקע פּרוכט. גלעטן עס הענט, מאַכן אַ ברכה, בענטשן דעם נײַעם אויפגאַנג פון פּרוכט, פרייען זיך מיטן יום טוב פון פרילינג ... מענטשן שוין דורות־לאַנג אָפּגעריסן פון ערד, פון נאַטור, פּראַווענען, יאָרלעך, אַ יום טוב פון לאַנדווירטן ... וואָס פאַראַ שייכות האָבן זיי צו דעם ? אַזוי האָט אָנגעזאָגט דער דין התורה. אָבער דער דין וואָלט קיינמאָל ניט געקענט האָבן קיין אָנ־האַלט, אויב ער וואָלט ניט אַריבערגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט דער לופט, די אַטמאָספערע, וווּ דער דין איז אויפגעקומען, געדייט, וווּ מען האָט אים אויסגעטײַטשט און סאַנקציאָנירט.

דערפאַר איז מיגלעך געווען אַז דער אתרוג און לולב זאָלן קומען ניט דווקא פון ארץ ישראל. דעם „האַרטער" נאַ־

ציאָנאַליזם האָט אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַרן נאַציאָנאַלן גע־פיל. דער אתרוג האָט געקענט קומען פון איטאַליע אָדער פון קפריסין (ציפערן), די לופט, אָבער, וואָס האָט באַגלייט דעם אתרוג איז געווען אַן ארץ ישראלדיקע. האָבן יידן זיך „גע־דרייט" מיטן אתרוג ארום בימה פון קאַלטן בית המדרש און געפילט זיך ווי אין בית המקדש, וואָס האָט איצט, אין דער צייט פון יאָר, געדאַרפט זיין באַגאָסן מיט זון...

דאָס זעלבע איז שייך אַלע אַנדערע ימים טובים. פסח איז ניט געווען דער יום טוב פון פרילינג, ווי די בעלי השכלה האָבן עס פרובירט פאַרוועלטלעכן; עס איז געווען דער „זמן חרותנו", יום טוב פון גאולה. אָבער ווידער: ווען יידן האָבן זיך דערציילט די „הגדה" פון יציאת מצרים, האָבן זיי איבער־געלעבט און דורכגעפילט דעם קלימאַט פון גאולה, די בענק־שאַפט צו באַפרייאונג, — כאילו זיי אליין וואָלטן איצט גע־ווען אין מצרים.

די ימים טובים זיינען געווען פאַר יידן ווי לופט־קאַנאַלן, וואָס מענטשן אין אַ תפיסה גראָבן אויס געהיים אין דער תפי־סה־וואַנט.

אין פוילן און אין ליטע, ביים שוואַרצן ים און אין די בערג פון גרוזיע האָבן יידן נאָך געהערט דאָס געזאַנג פון די לויים. יעדער חדר־ייִנגל האָט געוווסט, אז אַ קירך מוז מען פאַרבייאיילן מיט פאַרשטאָפּטע אויערן, כדי ניט הערן די מוזיק פון אָרגל — וועלכן „זיי" האָבן צוגענומען פון אונדזער בית המקדש... דאָס געשפיל פון די לויים, דערציילט אַן אגדה, האָט זיך געהערט פון דן ביז באר שבע. אָבער זינט די לויים האָבן צעבראָכן זייערע פידלען ביי די טייך־ברעגן פון בבל — האָט זייער מוזיק ניט אויפגעהערט קלינגען אין יידישע אויערן — אויף טויזנטער מיילן און אויף טויזנטער יאָרן. דער כוח פון צעבראָכענע פידלען!

אין אונדזער תקופה איז דערשטיקט געוואָרן דער דאָזי־קער געזאַנג, ווייל די לופט פון גלות האָט זיך געביטן. ניטאָ מער די אייגנאַרטיקע פאַרב און דער ספּעציפישער ניגון, וואָס האָט באַגלייט יידן דורכן גאַנצן גלות. און אַ גלות אָן יענער לופט — איז קיין גלות ניט. עס איז תפוצות, קהילות, דיאַספּאָ־ראַ, צעשפּרייטונג. מען קען עס רופן ווי מען וויל, עס איז סיידוי אַ לעבלעך־וואָרט אָן אַ היסטאָרישן באַגריף. גלות איז געווען אַ לעבעדיקער מיין, מיט אַן אייגענע מוזיק און קלאַנג און באַדייט. גלות איז געווען ווייטאָקדיק, אָבער דער ווי־דערקלאַנג פון גלות איז געווען גאולה.

אין דער היינטיקער צייט און אין דער היינטיקער וועלט

האָט זיך דאָס געענדערט. איצט לעבן טאַקע ייִדן אין — גלות. עס מיינט: מען וויל אַז דאָס וואָס דאַרף זיין גלות, זאָל זיין היים. קען מען, במילא, ניט שאַפן קיין אייגענע יידישע ווערטן. ווייל גלות שאַפט ניט און באַשאַפט ניט — קיין זאַך ניט. ווייל געשיכטע איז געבונדן מיט געאָגראַפיע. אַזוי לאַנג ווי יידן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער אייגענער ווייטער געאָגראַפיע, אָט די פון ארץ ישראל, האָבן זיי געלעבט אייגענע געשיכטע — אפילו אין גלות. אָבער וויבאַלד היינט איז פאַרן רוב פון יידן זייער געאָגראַפיע די ערטער וווּ זיי לעבן, קען ניט געמאָלט זיין קיין אייגענע געשיכטע; זיי וועבן זיך אריין מיטן לעבן און שטערבן אין דער געאָגראַפיע פון אָרט, אין דער אַלגעמיי־נער געשיכטע פון דעם מערהייטס־פאָלק. דערפאַר זיינען ניטאָ קיין לאָקאַלע יידישע פּראָבלעמען אין די גוטע ישובים. און וואָס בעסער עס וועט ווערן — אַלץ ווייניקער וועלן ווערן די פּראָבלעמען. און געשיכטע קען מען ניט באַשאַפן קינסט־לעך, ווען עס איז ניטאָ קיין געאָגראַפיע, קיין באָדן, אין וועלכן עס זאָל וואַקסן און געדייען.

מענטשן האָבן מער „סימפּאַטיע“ פֿאַר פּעסימיזם, הגם מענטש לעבט מיט און אַ דאַנק אָפּטימיזם.

די פֿילעוודיקייט פֿון פּאָעט איז אַלעמען נענטער ווי די לאָגיק פֿון דענקער.

די אָנהייב־רייד פֿון קהלת, אַז אַלץ איז הבל הבלים, טרייסט אונדז מער ווי דער סוף־פּסוק, אַז עס איז פֿאָרט פֿאַראַן אַ זין אין מענטשלעכן זיין אויף דער וועלט.

דער הייליקער פּאַטאָס פֿון די נביאים, וואָס קלאָגט און שטראָפֿט, איז נענטער, פֿאַרשטענדלעכער און אַפֿילו מער באַרואיקנדיק, ווי די ראַציאָנאַלע רייד פֿון די גריכישע פֿילאָזאָפֿן.

די טראַגעדיע איז דויערהאַפֿטער און ווירקזאַמער אין דער ליטעראַטור, ווי די קאָמעדיע.

איז דאָס אַלץ נאָר אַ פּראָדוקט פֿון דער דיסקרעפּאַנץ צווישן ליטעראַטור און לעבן? אָבער ליטעראַטור איז דער טיפֿער אויסדרוק פֿון לעבן. דאָס וואָרע לעבן איז ניט איינזייטיק. טרויער און פֿרייד זיינען גלייכע סטימולן פֿאַר דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. אמונה און צווייפֿל, גלויבן און יאוש — אויב נאָר געהאַלטן אין באַלאַנס — זיינען די הויפּט עלעמענטן, אַ דאַנק וועלכע דאָס גייסטיקע לעבן פֿונקציאָנירט. און דאָך איז אין אונדזער טיפֿערן געפֿיל שטאַרקער דער אומגלויבן, דער יאוש און די אויסזיכטלאָזיקייט, און ווען די ליטעראַטור דריקט עס אויס, אידענטיפֿיצירן מיר זיך מיט דעם, ווייל עס ברענגט צום פֿאַרשיין אונדזער סוב־פּסיכישן צושטאַנד. און אויך דערפֿאַר, ווייל גלויבן, ווי פֿרייד, איז אַן אַקטיווער פּראָצעס, בשעת יאוש און טרויער איז אַן אומאַקטיווער צושטאַנד — און דער מענטש בענקט צו רו, הגם ער לעבט און שאַפֿט און פּראָגרעסירט אַ דאַנק זיין אומרו, וואָס קומט פֿון אָפּטימיזם, וואָס איז אמונה.

עס איז ניטאָ קיין שווערערע זאַך פֿאַרן היינטיקן מענטשן, און באַזונדערס פֿאַרן יידישן מענטשן היינט, ווי אָנצוהאַלטן אַ מאָס פֿון גלויבן. אַלץ שטייט אין וועג פֿון דעם, און איז אַפֿילו קעגן דעם. און אפֿשר קומט גאָר ניט אונדזער היינטיקן יידישן דור די פֿרייד פֿון אמונה. „פֿאַרוואָס קומט דיר די פֿרייד פֿון דיין פּנים אין שפּיגל, / דיין גומען די זיסקייט פֿון פֿריש־וואַסער פֿון קריגל, / דעם אויפֿגעשריי־ציטער פֿון דיין

קינד אינעם וויגל?". אזוי פרעגט דער פאעט (ה. לייוויק), ווען ער רעדט וועגן זיך, און מיינט זיין גאנצן היינטיקן דור; אט דער דור וואס האט געזען אזויפיל אומגליק און פארוויסטונג און מענטשלעכע געפאלנקייט; דער מענטש וואס איז נאך אויך היינט איינגעטונקט אין בלוט און אין צעטומלונג. פאר־וואס קומט אים, דעם דאזיקן מענטשן, די פרייד און די טרייסט פון גלויבן אין גאט, אין א געארדנטער געזעלשאפט, אין א גליקלעכע צוקונפט פון דער וועלט; און טאקע דער גלויבן אין זיך גופא, אין דעם מענטשנס אויסדערוויילטקייט און אין זיין מיגלעכקייט אויפצושלאגן אין זיך גוטסקייט, צו ברענגען גליק פאר זיך און זיין ארום. פארוואס קומט אים אזא טוגנט־האפטע פרייד? דעם שולדיקן קומט געוויס ניט אזא באלוי־נונג. און דער אומשולדיקער, אויב ער איז גענוג סענסיטיוו, וועט גאר ניט קענען צולאזן צו זיך קיין צופיל טרייסט. מען טאר אבער דעם מענטשן אויך ניט לאזן אריינזינקען אין פאר־פאלנקייט. און עס איז די טראגיק פון קרבן, וואס גראד און דווקא ער מוז נאך מער זוכן א שטראל פון אנהאלטעוודיקער ליכט, אויב ער אליין וויל ניט דערגיין צו לית דין ולית דיין.



פאראן אין דער היינטיקער וועלט די אנזאגן פון ליכטי־קע מיגלעכקייטן, אויב דער מענטש וועט זיי ניט בגוואלד פארפינצטערן. נאכן טיפסטן תהום, אין וועלכע אונדזער צייט איז געווען אריינגעשליידערט, זיינען פארט אויפגעקומען טרייסטנדיקע פאקטן. לאמיר נעמען דעם סאמע בולטסטן פאקט, וואס איז אן ארויסקום פון דער שרעקלעכער פינצ־טערניש גופא: די אינטערנאציאנאלע און לאקאלע משפטים קעגן די דייטשע קריגס־פארברעכער. דאס איז אן א פאראלעל אין דער מענטשלעכער געשיכטע. צום משפט זיינען געבראכט געווארן ניט נאר די קאלטע וואלד־מערדער, וואס זיינען ארויס פון דייטשן קולטור־דזשונגל. מען האט געמשפט אויך די פראפעסיאנאלן, גענעראלער, וועמענס "בארוף" עס איז צו פארוויסטן לעבנס, און אויך די ווארט־קאניבאלן, וואס האבן "נאר" געהעצט צו פעלקער־אויסראט. עס איז צום ערשטן מאל באשאפן געווארן דער טערמין גענאסייד, א געזעץ וואס משפט פאר פעלקער־מארד, פאר מאסן־אויסראט. און וויפל קריטיק מען זאל ניט האבן קעגן א טייל פון די פארגעקומענע פראצעסן אין דייטשלאנד, איז עס פארט ניט צו מינימיזירן, וואס דרייסיק יאר נאך די פארברעכנס זיינען פארגעזעצט

געוואָרן די משפטים. דאָס איז ניט קיין קאָמפּענסאַציע און געוויס זיינען די שטראָפן ניט אין פאַרגלייך צו די פאַרברעכנס. און ווען אפילו זיי וואָלטן געווען מיטן גאַנצן חומר הדין, איז ניטאָ אזא שטראָף. נאָר דער עצם פאַקט, וואָס אַ טייל האָבן געדאַרפט זיך פאַרענטפערן פאַר זייערע מעשים, און אַנדערע טויזנטער האָבן ניט געהאַט קיין רו־פולע נעכט, אין באַהאַלטענעם פחד־צאַפּל, טאָמער וועט מען זיי דערווישן, איז פון אַ קאָנטיקן באַדייט. אויב דאָס איז ניט קיין טרייסט פאַרן קרבן, איז עס אָבער אַן אומדערוואַרטעטע שטראָף פאַרן מערדער. און אין דעם וואָס דאָס איז צו זיי געקומען אומדערוואַרט — איז אַ טראָפן טרייסט פאַר דער וועלט פון מאָרגן.

עס נעמט יאָרן פון מי און מאַטערניש, שרעק און האָפענונג אויסצוהאָדעווען אַ מענטשן. עס נעמט אַ סעקונדע אים אומצוברענגען. עס איז שווער צו אויפבויען, לייכט צו צעשטערן. און אין דעם באַשטייט אפשר די הויפּט טראַגעדיע פון מין מענטש. זעכציק יאָר האָט געדויערט צו ברענגען קיין ארץ ישראל זעקס הונדערט טויזנט יידן. צוויי יאָר האָט גענומען די דייטשן אומצוברענגען זעקס מיליאָן. ביז אַ ליכטיקער געדאַנק שלאָגט זיך אַדורך צו אַ קליינעם הייפל מענטשן נעמט דורות. אויף דאָס וואַרט פון דעם רשע וואַרטן מיליאָנען. און דאָך, לויטן קלאַסישן אויסרוף פון גאַליליי: די וועלט באַוועגט זיך פאָרט פאָרויס. אמת, אין דעם פאָרויסיקן גאַנג זיינען כסדר פאַראַן אין דער געשיכטע גרויזאַמע רעציטיוון, אזעלכע שרעקלעכע ירידות, אז דער מענטש וויל שוין אפילו מוחל זיין דעם געשיכטלעכן שפּרונג פאָרויס. אָבער וויבאַלד ביידע כוחות זיינען פאַראַן אין דעם מענטשן גופא, שטאַרקט זיך אַמאָל איין קראַפט, און אַמאָל די צווייטע. די פראַגע איז אָבער: קען טאַקע דער מענטש זיך ניט ארויסבאַפרייען פון זיינע צעשטערערישע כוחות? דער פאָרויסגאַנג פון דער היינטיקער וועלט זאָגט אָן אזא מיגלעכקייט און לאָקט אָן מיט אַזאַ האָפענונג.

די גרונטיקע ענדערונג פון דער היינטיקער צייט באַשטייט אין דעם, וואָס דאָגמעס און אַבסטראַקטע אידייען זיינען ניט מער די באַשטימענדיקע פאַקטאָרן אין דעם גרעסטן טייל פון דער געזעלשאַפט. די טראַגיק מיט אַבסטראַקטע אידייען איז שטענדיק געווען, וואָס פאַנאַטיקער און באַגרעננעצטע מענטשן האָבן עס לייכט געקענט אויסנוצן צום שלעכטן. נאָך ערגער וואָס אונטער זייער דעק־מאַנטל קענען זיך אויסבאַהאַלטן באַוווסטזיניקע שלעכטס־טוערס און טיראַנען.

די דאָגמאַטישע לערעס זיינען אין דער היינטיקער פריי־

ער געזעלשאַפט אָפּגעטראָטן דעם אָרט פֿאַר עקאָנאָמישע סטרוקטורן, אָדער פֿאַר סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיסטעמען. און דער ווילן, געראַנגל און פֿאַרמעסט אין אָט דעם סיסטעם מוז ניט דווקא זיין קעגן אימיצן. יעדע רעליגיעזע אָדער דאָגמאַ־טישע אידיי באַגנוגנט זיך ניט מיטן ארויסהייבן איר ווערטי־קייט. זי מוז, לויט איר עצם נאַטור, אויך וועלן באַקעמפן דעם אומגלויביקן אין איר לערע. ניט אַזוי אין סאָציאַל־עקאָ־נאָמישן פֿעלד. דאָ איז דער קעגנזייטיקער פֿאַרמעסט מיגלעך אפֿילו אין קאָאָפּעראַציע צווישן צוויי באַזונדערע סאָציאַלע סיסטעמען. דער היינטיקער ווילן, אָדער פּרוּוו, צו קאָעקזיס־טענץ אין דער פּאָליטיק איז אַ פּראָדוקט פֿון אָט דעם סאָציאַלן גאַנג. די טעכנאָ־וויסנשאַפטלעכע צייט קען אַבסאָרבירן די גאַנצע מענטשלעכע ענערגיע. זי קען עפֿענען אַלע עקספּאַנ־סיע פֿעלדער, וואָס זיינען ברייט און גרויס און אָן גרענעץ־סלופּעס, וווּ מען „מוז" אוועקשטעלן סאָלדאַטן מיט באַיאָנעטן.

אין אַ דראַמע פֿון זשאַן זשיראַדאָ זאָגט דער קעניג: „און אַז מען וועט אָפּשניידן אַלע סאָלדאַטן די הענט, וועט מען פֿירן מלחמה זיך שטויסנדיק מיט די קעפּ, און אַז מען וועט ביי אַלע מענער ארויסנעמען די אויגן ביים געבורט, וועלן זיי פֿירן מלחמות מיט בלינדע אויגן". טאָ קען טאַקע זיין, אַז אויב דער מענטשלעכער מין איז אַזוי פֿאַר'משפּט, די שלעכטס פֿאַר־פֿאָלגט אים, אַז ער האָט ניט קיין אנטרינונג, טאָ וועט אים אויך די היינטיקע צייט ניט ביישטיין. פֿון דעם וויסנשאַפֿט־לעכן אויפֿלויכט, פֿון די אומבאַגרענעצטע מיגלעכקייטן פֿאַרן מענטשן, קען אויך קומען די אומבאַגרענעצטע בייז. אָבער די שאַנסן זיינען היינט מער פֿאַראַן, אַז דער מענטש זאָל קע־נען גובר זיין אין זיך די צעשטערערישע כּוחות, פֿאַר זיין אײ־גענער און פֿאַר דער קאָלעקטיווער גוטס.



אין אָט די פֿאַראַנענע מיגלעכקייטן צו אַ געענדערטער וועלט, געפֿינען זיך יידן נאָך אַלץ ווי אַ באַזונדערע גרופּע, מיט באַזונדערע פּראָבלעמען, און זייערע דערפֿאַרונגען רופֿן ארויס אַ באַזונדערן איבערציטער.

פֿאַרשיידענע היסטאָריקער וויזן אָן אויף פֿאַרשיידנאַר־טיקע פֿאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאָלפֿן מאַכן אַ סוף צום מיטל־אַלטער און דערבראַכט צו דער רעפֿאָרמאַציע. אָבער אַלע אויסטייטשער פֿון געשיכטע זיינען איינשטימיק, אַז די תּקופֿה פֿון דער רעפֿאָרמאַציע איז געקומען אַ דאַנק דער אויסברייי־

טערונג פון קאַמערץ, ווייל עס איז אינטענסיווירט געוואָרן דער וועלט האַנדל, די מיגלעכע פאַרבינדונג צווישן קאָנטי־נענטן. און דאָס איז געשען, ווען אין 15טן יאָרהונדערט האָט מען געעפנט די ימים, די טויערן פון דער וועלט. אָבער גראָד אין אָט דער תקופה פון אויפקלערונג און פראָגרעס, צווישן דעם רענעסאַנס אין דער רעפאָרמאַציע, האָבן יידן אדורכגע־לעבט אזא פינצטערע צייט, פון קרייצצוגן און אויטאָדאַפעס, פון דער אינקוויזיציע. און דאָס איז געשען דווקא אין יענע לענדער, אין שפאַניע און פאָרטוגאַל, וועלכע האָבן געעפנט די ימים, די טויערן צו דער וועלט און צו מענטשלעכער פאַרבינ־דונג, און האָבן אויך אַנטדעקט נייע וועלטן.

און אין אונדזער אייגענער צייט — איז די גרויזאַמסטע רשעות אין דער געשיכטע, דער טיפסטער באַרבאַריזם, ניט געקומען גראָד פון לאַנד פון דער סאַמע פאַרגעשריטנסטער קולטורעלקייט? און האָט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, די גרויסע האָפנונג פאַר מיליאָנען מענטשן "אויף דער וועלט פון מאָרגן", ניט געבראַכט פאַר יידן אַ באַזונדערע שאַרפע טראַגיק!

אָט די היסטאָרישע פאַקטן שרייען געוויס אין פנים. עס זאָגט אז דער יידישער גורל און מזל איז געווען אַ באַזונדע־רער; אז קולטור און פראָגרעס אין ציוויליזאַציע און רע־וואָלוציעס פאַר פרייהייט קענען זיך גרייליך זיין — און יידן זאָלן פאָרט בלייבן ווי אויף אַ פרעמדער חתונה, פאַרשטויסע־נע, פאַרטריבענע און פאַרשעמטע — אין בעסטן פאַל, אָדער נאָך ערגער: פאָגראָמירטע, צו בעסטיאַלישער אויסראָטונג.

טאָ ווו איז די גאַראַנטיע, אז דער גרויס־געשיכטלעכער אויפגאַנג פון דער היינטיקער וועלט וועט אויך ניט ארויסלאָזן יידן פון חשבון? ניטאָ אזא גאַראַנטיע, אויפן גרונט פון די היסטאָרישע פאַקטן. אָבער אַ האָפנונג איז יאָ פאַראַן; אַ האָפנונג, וואָס גרונטיקט אויך אויף פאַקטן, היינטצייטיקע. ווייל דער יידישער נאַציאָנאַלער לעבן און גאַנג איז היינט אַנדערש, אָן אַ פאַרגלייך אין אָן אַ משל אין דער געשיכטע פון צוויי טויזנט יאָר. און אויך דער נייער גאַנג פון דער וועלט איז היינט גרונטיק אַנדערש.

דער היינטיקער ייד מוז נאָך אַלץ זיין באַוואָרנט פאַר זיין קיום. און דאָס — דורך שטאַרקן, קרעפטיקן, פעסטיקן און זיכערן זיין הויפט גאַראַנטיע פאַר נאַציאָנאַלן און פערזענ־לעכן לעבן: מדינת ישראל. און אויך דורכן זיין וואַך קעגן שלעכטס און בייז אומעטום ווו יידן לעבן. אָבער אָט די ביידע זאַכן קענען ניט געטאָן ווערן אָן אמונה, זיי האָבן ניט קיין

האַפֿט אָן האָפֿנונג, אָן גלויבן אַז די וועלט האָט זיך פֿאַרט געענדערט, און אַז יידן גייען אין איר און מיט איר צו אַ ליכטיקערן מאָרגן.



אונדזערע אַלטע חכמים האָבן געזאָגט: אָט אַזוי זיינען יידן, אויב זיי שטייגן אַרויף, איז עד לב השמים, צו די העכסטע הויכקייטן; טאָמער פֿאַלן זיי אָבער אַראָנטער, איז ביזן טיפֿסטן אָפּגרונט.

געמיינט איז עס, נאַטירלעך, מאָראַליש.

צי איז דאָס געמיינט ווי אַ מעלה? געוויס ניט. וואָרום אַ כלל האָבן מיר, אַז עס איז גוט פֿאַר אַ מענטשן צו גיין אין אַלץ מיטן מיטל־וועג, וואָס ווערט גערופֿן דער שביל הזהב, אַ גאָלדענע סטעזשקע. וואָס צופֿיל איז אומגעזונט. אַזוי זאָגן יידן. און די פּסיכישע וויסנשאַפֿט ווייס, אַז יעדע פּאַטעטיק איז אַ דעפֿעקט. צופֿיל פֿרייד, ווי צופֿיל טרויער, צו גוט, ווי צו שלעכט זיינען אַלץ סימנים פֿון דעפּרעסיע. (און אַזוי האָבן אויך געלערנט די בעלי התלמוד, הגם אין אַן אַנדער פֿראַגע; זיי האָבן געזאָגט: כל יתר כנטול דמי. חולן, ג'). דער געזונטער מענטש איז באַלאַנסירט אין זיינע האַנדלונגען און רעאַקציעס. אָבער מענטשן זיינען זעלטן געזונט. ווייל דאָס רוב מענטשן זיינען געניוגט צו אַ קאַפּעלע היסטעריע, צו אַריינפֿאַלן אין היץ אָדער אין קעלט; זיי גיבן אוועק איינעם, אָדער עפּעס אַלע זייערע סימפּאַטיעס, אָדער זייער גאַנצע אַנטיפּאַטיע. און דאָס קען געשען אין דער זעלבער צייט, ביי דעם זעלבן מענטשן; צו איינעם, אָדער צו איין זאַך איז מען גוט ווי אַ טויב, און צו אַ צווייטן — אַ וואָלף מיט ציין.

אונדזער צייט איז אַ שיינע און אַ קלוגע. און וואָס מיינט „צייט"? מענטשן. ווייל די צייט אַליין איז נייטראַל, אַזוי ווי וואַסער. עס איז אָפּהענגיק וואָס די מענטשן טוען מיט דער צייט. וואַסער ווען עס פֿאַלט אויף גוטע פֿרוכטן צייטיקט עס אויס זיסע פּירות. אויב עס פֿאַלט אויף דערנער — געבוירט עס פֿאַרדאַרנטע, שטעכיקע שפּענער. האָבן מענטשן אָנגעטאָן אונדזער היינטיקע צייט מיט חכמה. איז זי קלוג און שיין און מיט וווּנדער־אַנטפּלעקונג.

אָט רייסט זיך דער היינטיקער מענטש צו די שטערן — און דערגרייכט זיי. מענטש שיסט זיך אַרויף צו דער לבֿנה, פֿאָרשט אירע סובסטאַנצן, איר ליכט און די מיגלעכקייט פֿאַר מענטשלעכער עקזיסטענץ אויף דעם לבֿנהדיקן פּלאַנעט. וואָס

עס איז פאַר די אַלטע גריכן געווען אַ פּאָעטישער טרוים — „דורך די שטערן צו דער אייביקייט" — ווערט וואָר אין אונד־זערע טעג. מיר באַקומען שוין גרוסן פון דער הימל'דיקער ווענוס. דער שטערן, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון ליבע, האָט ליבשאַפטלעך געענטפערט אויפן ראָמאַנס פון דעם מענטשן, וואָס וויל גרייכן צו אים. ווען אונדזערע קינדער אפשר האָבן אַ ביסל ווייניקער חלומדיקע פּאָעזיע, ווייל אַלץ וואָס מען קען דערגרייכן פאַרלירט די זאַפטיקייט פון חלום. אָבער עס איז ווערט דער קרבן... דערפאַר וועלן אונדזערע קינדער קענען גרייכן העכער און זייער לעבן קען ווערן שענער און לייכטער.

דאָס איז דער זין מענטשלעכער רייסן זיך ארויף.

דער גאַנג צום הימל האָט משפּיע געווען אויף דער ערד. די טעכניק און די וויסנשאַפט מאַכן גיגאַנטישן פראָגרעס, און מאַכן דאָס לעבן אָנגענעמער און לייכטער. אָבער פאַראַן גע־ביטן ווו די האַנט און דער איינפלוס פון דער טעכניק האָט נאָך ניט דערגרייכט; און אויף וויפל עס האָט יאָ דערגרייכט, אויך אַהער, איז עס ניט אַלעמאָל לטובה.

די דערגרייכונגען פון דער טעכניק אויפן געביט פון מלחמה, פון באַוואָפנונג, וואַרפן אָן אַ שרעק אויפן מענטשן. אַמאָל דוכט זיך אפילו אז די דאָזיקע דערגרייכונגען מאַכן צו נישט, אָדער שטעלן אין שאָטן, אַלע טובות, וואָס די טעכניק האָט געבראַכט. ווען מען קען פרייען די וויסנשאַפט, וואָס קען אָפּערירן און היילן, באַשטראַלן און קורירן, ווען אין דער זעל־בער צייט ווערן געשאַפן מחבלים — אָפּט מיט די זעלבע פאַר־מולאַס און אינסטרומענטן, ווי די צו קורירן — וואָס קענען אין איין מינוט חרוב מאַכן אַלע גוטע דערגרייכונגען! אזוי פרעגט מען זיך אַמאָל. אָבער אויך די דאָזיקע טרויעריקע מחשבות, הגם אין גרונט באַרעכטיקטע, זיינען ניט ריכטיק אין לעצטן חשבון.

די תרופה פון פּענעצילין האָט שוין געהאָלפן מער מענטשן וויפל די צוויי וועלט־מלחמות האָבן בזאוויזן אומצו־ברענגען. איז אויב מען וויל — קען מען אויך אין דעם געפי־נען אַ טרייסט. און עס איז אויך אמת, אז פעלקער האָבן זיך מער געהאַסט, דורך די טויזנטער יאָרן, ווי זיי האַסן זיך היינט. זיי האָבן זיך אויך ניט ווייניקער אומגעבראַכט, אין פרימיטיווע מלחמות, וויפל לעבנס עס נעמט אוועק היינט אַ מאָדערנע מל־חמה. אָבער וויכטיקער געוויס איז דאָס, וואָס דער פּאָרשריט פון דער טעכניק זאָגט אָן אַ ליכטיקע צוקונפט פאַרן מענטשן, מיט קאָנקרעטע האָפנונגען, אַז אויך מלחמות קענען פאַרמיטן ווערן. יאָ, פאַראַן אזא מיגלעכקייט און פאַראַן גענוג גרונט

און חשבון פאַר אזא האָפנונג. איז אָט דערפאַר, ווי שווער עס זאָל נאָך ניט זיין דער וועג פון דער טעכניק און וויסנשאַפט און פּראָגרעס, וויפל סכנות עס זאָלן נאָך ניט לויערן פון דעם גופא — איז אַלץ ווערט דער גאַנג און די אָנשטרענגונגען אין דער ריכטונג. קיין בעסערן וועג איז קיין גרעסערע האָפענונ־גען האָט דער מענטשלעכער מין נאָך קיינמאָל ניט געהאַט, ווי עס האָט עס היינט, אַדאַנק די דאָזיקע דערגרייכונגען. נאָר פאַראַן געביטן אין מענטשלעכן לעבן, וווּ אָט דער גאַנג האָט נאָך גאָר ווייניק דערגרייכט. דער ערשטער און סאַמע וויי־טאָגלעכסטער פאַקטאָר פון דעם מין איז אין דער פּאָליטיק צווישן פעלקער און מדינות.

אונטערן נאָמען פּאָליטיק פאַרשטייט מען, געוויינלעך, נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. און דאָס מיינט: לאַנד־גרענעצן, זעלבסטשטענדיקייט פון פעלקער, איינגעטיילט און אָפּגעטיילט אויף לאַנד־שטחים, פון „מיין" און „דיין", אין שלי — שלי, מיינע איז געוויס מיינע, און שלך, דיינע — וויל מען אָפט עס זאָל אויך זיין מיינע.

אין דער ווירטשאַפט קען מען אָפט פאַרדעקן גזילה־גלוס־טעניִשן מיטן תירוץ פון „סאָציאַלער גערעכטיקייט". פאַרוואָס זאָל איינער האָבן אַלץ און דער צווייטער גאָר ניט; אָדער פאַרוואָס זאָל איינער האָבן אַ סך און דער צווייטער ווייניק. דאָס איז אַ טענה וואָס לייגט זיך אויפן שכל און אַפּעלירט צום געוויסן, — הגם אונטער דער גערעכטער טענה קען זיך אַמאָל אויך אויסבאַהאַלטן די סאַמע אומגערעכטיקייט.

אין דער ווירטשאַפט־פּאָליטיק באַמיט זיך אַ נאָרמאַלע, געאָרדנטע רעגירונג צו רעגולירן די סאָציאַלע אומגלייכקייט. די רעגירונגען טוען עס דורך פאַרשיידענע שטייערן און דורך סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וואָס אַרבעטן פאַר די ווייניקער באַ־מיטלטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אָבער אין דער נאַ־ציאָנאַלער פּאָליטיק, צווישן מדינות, איז ניט פאַראַן אַזאַ טאַר־מאָז אפילו; דאָ וויל קיין פאָלק ניט צוימען און באַהערשן די אייגענע אַפּעטיטן. און וואָס גרעסער און שטאַרקער עס איז דער וואָס האָט — אַלץ גרעסער זיינען די גלוסטעניִשן צו האָבן מער. די דאָזיקע גלוסטעניִשן ווערן געשלייערט מיט פאַרשיידענע פראַזן, באָמבאַסטישע רייד, אָדער אפילו קולטור־רעלע טעאָריעס. מען זאָגט, געוויינלעך, אַז די נאַציאָנאַלע אַפּעטיטן דרינגען אַרויס פון דעם ווילן אויפצוהאַלטן די נאַ־ציאָנאַלע אייגנאַרט — און דאָס, האָט מען אָנגענומען, איז שיין און פיין און בויטיק.

מיר ווייסן שוין היינט, אַז דאָס אַלץ שטאַמט פון דעם

ווילן צו הערשן און באַהערשן, וואָס איז שאַרפּסטער טריב אין מענטשן. מאַן וויל באַהערשן די פרוי (אָדער פאַרקערט), עלטערן ווילן רעגירן איבער קינדער (אָדער פאַרקערט), באַ־לעבאַטים איבער שקלאַפן, אָדער, ווי היינט, איבער אַרבעטער, זייערע אָנגעשטעלטע; הערשער ווילן רעגירן איבער שבטים, פעלקער, לענדער. געלט און קראַפט האָט איין ציל: מאַכט. און דער ציל צו געלט, קראַפט און מאַכט איז אַ פּראָדוקט פון דער זעלבער תאווה: הערשן. און וואָס שטאַרקער עס ווערט דער מאַכטיקער, אַלץ גרעסער די תאווה. און אַזוי לאַנג ווי אָט די תאווה איז פאַראַן, מוזן קלענע פעלקער זוכן אַלע מיגלעכ־קייטן זיך קעגנצושטעלן, כדי די שטאַרקע זאָלן זיי, די קליינע און שוואַכע, פיזיש ניט אויסנוצן און באַליידיקן, אָדער גאָר (ווי דאָס איז געשען דורכן לאַנגן גלות מיט יידן) זיי אויסראָטן.

דער דאָזיקער פּראָצעס מוז אָבער ניט זיין אויף אייביק. עס קענען פאַרשווינדן די שטאַרקע אָפּגרענעצונגען צווישן פעלקער און לענדער. עס קען קומען אַ פרייערע וועלט פאַר פרייע מענטשן. אויך דאָס קען געשען מיטן כוח פון ציוויליזאַציע, פון קולטור און אויסשפּרייט פון טעכנאָלאָגיע און וויסנשאַפט. וואָס שטאַרקער עס וועלן ווערן די דאָזיקע ציוויליזאַטאָרישע קרעפטן, אַלץ שוואַכער וועט ווערן דער ווילן צו הערשן איבער אַנדערע. דער מענטש וועט ניט דאַרפן בייטן זיין נאַטור און זיין נאַטירלעכן טריב צו געוועלטיקן. אָבער אָנשטאָט צו הערשן איבער אַנדערע מענטשן, וועט ער עס קענען אָנווענדן, זיין נאַטירלעכער טריב, אין באַהערשונג פון די עלעמענטן אין דער נאַטור גופא. וואָס העכער דער מענטש וועט פליען — אַלץ העכער וועט ער ווערן, ווייל ער וועט זיך פילן דערהייכט. און דאָס וועט אים געבן באַפרידי־קונג און סאַטיספאַקציע. וואָס ווייטער דער מענטש וועט דער־גיין אין דער וועלט, אַלץ נענטער קען ער קומען צו זיך — צו זיין מיטמענטשן. דער דאָקטאָר וועט זיין אַ הערשער אי־בער קראַנקייטן און דער אינזשעניער איבער וויסטעניש. במילא וועט דער דראַנג זיין באַפרידיקט און דער חשק צו הערשן איבער מענטשן אַוועקפאַלן. און וואָס מער יעדער מענטש וועט זיין פריי און באַזאָרגט און האָבן גענוג פאַרווייַ־לונג פאַר זיין צייט — אַלץ מער וועט ער זיך וועלן שפּילן און געניסן אין די אָנגענעמע שפּילכעלעך אין לעבן, אָנשטאָט אין די ברוטאַלע „שפּילן" איבער אַ צווייטנס לעבן.

בולטע סימנים פאַר דעם זיינען פאַראַן היינט אַ סך, הגם דער באַרג ארויף איז נאָך האַרט און שווער. אָבער איינע פון די שטאַפּלען צו דעם ארויף איז — גלויבן אין דעם גאַנג.

# די שטעטל — אָן ראָמאַנטיק

די „שטעטל" איז ניט געווען אַזוי שיין און אַזוי ווויל, ווי מען מאָלט איר. והראיה: מען איז אַנטלאָפן פון איר — ווער נאָר ס'האָט געקענט. ווער עס האָט געהאַט כוח און מוט און פאַנטאַזיע איז אַוועק ווו די אויגן האָבן געטראָגן. און הלוואי וואָלטן אַוועק מער. היינט ווייס מען דאָך שוין, אַז עס איז געווען אויך אַ פראַגע פון דאַרפן זיך ראַטעווען פיזיש. אָבער אַפילו אָן דעם גרויזאַמען אויסראָט איז די שטעטל אויך ניט געווען קיין גן עדן. זי איז עס געוויס ניט געווען סאָציאַל און קולטורעל, אָבער אויך ניט גייסטיק־נאַציאָנאַל.

„שטאָט" און „שטעטל" זיינען דאָ נאָר מעטאַפאָרן און באַגריפן. געווען אין מזרח אייראָפּע אויך שטעט. אָבער אויך זיי נעמען מיר אַריין אונטער'ן נאָמען „שטעטל". ווייל עס איז ניט קיין פראַגע פון גרויס, פון קוואַנטום. ווען מען רעדט וועגן „שטעטל" מיינען אַלע דאָס קוואַליטאַטיווע, דעם יידיש־גייסטיקן לעבן אין מזרח אייראָפּע, — און דאָס איז ווערט אַן איבערשאַצונג; עס איז צייט אַז מען זאָל עס זען רעאַליסטיש, מער ערלעך.

ה. לייוויק האָט אַריינגעטאָן אין מויל פון מענדעלן צו זאָגן: קאַבצאַנסק — מיין געהייליקטער שפּאָט, מיין ליב־שאַפט פאַרפאַנצערט מיט האַרטקייט — ווו ביסטו מיין יידישע שטאָט!

אָבער מענדעלע זאָגט עס (דורך לייוויקן) נאָך דעם ווי ער איז געבליבן אַליין אין וואַלד, א דורכגעשווידערטער פון אנגסטן.

ווען ניט דער גרויזאַמער חורבן, וואָלטן מן הסתם זיך ניט איינגעפונען אַזוי פיל וואָס זאָלן ראָמאַנטיזירן דאָס לעבן פון יידן אין מזרח אייראָפּע. איצט אָבער איז אַלעמען שווער צו מעסטן די שטעטל מיט אָביעקטיווע מאָס. די געוועזענע פינסטערניש אַפילו גייט איצט אויף פאַר אונדזערע בלוט־פאַרלאָפענע אויגן ווי ליכטיקע זכרונות. פאַראַן א מורא, אַז מען נעמט עפּעס אַראָפּ פון דער הייליקייט און פון דער טראַגיק פון די אומגעקומענע מיטן זען די ווירקלעכקייט

פון ייִדישן לעבן אין מזרח אייראָפּע. דערפֿאַר ציטערט דאָס האַרץ, און דער חשבון איז אָפּגעהיט; און דערפֿאַר איז ער ניט מיט דער פֿולער אָפֿנקייט, אפֿילו ווען מען מאַכט דעם חשבון. מיר ווילן טאַקע ריידן וועגן לעבן פֿון ייִדן אין מזרח אייראָפּע, אָבער דער זכרון פֿון גרויזאַמען חורבן, וואָס באַגלייט אַלע טעג און טויזנטער, האַלט צוריק. אין דאָס דינגט אַראָפּ פֿון ערלעכן, פֿולן אָפּשאַץ וועגן לעבן פֿון ייִדן אין מזרח אייראָפּע, הגם אַזאַ פֿולער אָפּשאַץ איז נייטיק, פֿאַרן ווייטערדיקן קיום פֿון פֿאָלק, פֿאַרן היינט און מאָרגן.

די תּקופֿה פֿון מזרח אייראָפּע איז די לענגסטע אין דער ייִדישער געשיכטע פֿון גלות. זי איז אָבער ניט געווען די שעפֿערישסטע, און געוויס ניט די שענסטע. מיט ייִדישער גייסטיקער שעפֿערישקייט האָט זיך אויסגעצייכנט בבל. מיט קולטור־שיינקייט האָט זיך אויסגעצייכנט ספֿרד (שפּאַניע). מזרח אייראָפּע האָט געלעבט אויף דער קולטור־ירושה פֿון בבל. איר אויסנאַמלעכע גרויסקייט איז געווען אין ייִדישע מעשׂים. בבל האָט געשאַפֿן, ספֿרד האָט געטראַכט, און מזרח אייראָפּע האָט געטאָן.

די ליכטיקייט פֿון ייִדן אין מזרח אייראָפּע איז געווען תּורה. דאָס לערנען תּורה, די אהבֿה פֿאַר תּורה און דער דרך ארץ פֿאַר תּורה. און עס איז בכלל ניט וויכטיק וואָס עס זיינען געווען די גורמים פֿאַר דעם. אָט די גרויסקייט פֿון מזרח אייראָפּעאישן ייִדנטום איז אַרויסגעוואַקסן פֿון דער קליינקייט פֿון זיין אָרעם. די גייסטיקע עשירות איז געווען א תּוצאה פֿון, און צוליב, די אָרעמקע גייסטיקע אָרעמקייט. אָבער מאָטיוון זיינען אַלעמאָל אין אומעטום פֿאַראַן. אויך די בבל׳שע און ספֿרד׳ישע תּקופֿות האָבן געהאַט זייערע מאָטיוון, פֿאַרוואָס זיי זיינען געווען אַזוי, און ניט אַנדערש. וויכטיקער א סך ווי די מאָטיוון זיינען די מעשׂים, די פֿאַקטן. אָבער הוץ די ליכטיקייט פֿון תּורה — אין אַלע אירע דריי פֿאָרמען: לערנען אַליין, ליבשאַפֿט צום לערנען, און דרך ארץ פֿאַר לערנען — איז דאָס גאַנצע לעבן פֿון ייִדן אין מזרח אייראָפּע געווען גרוי און טונקל. עס איז געווען א לעבן אָן ליכט, אָן פֿרייד, אָן גליק, אָן חשבון און אָן לאָגיק.

דער שאַרפֿער סאַרקאַזם פֿון היינריך היינע האָט געזאָגט: שוין צוויי טויזנט יאָר ווי די ייִדישע אמונה איז מער אַן אומגליק ווי א רעליגיע. אָבער דאָס איז נאָר געווען א פּאָעטישער כאַפּ. תּורה, באַגלייט מיט אמונה, האָט פֿאַר׳־

יומטוב׳ט די אָרעמקייט, דערהויבן, געגעבן אַנהאַלט און חשיבות. און דאָס לערנען, צוזאַמען מיט אמונה, האָבן געגעבן א זין צום פּיין און א טיפע האָפענונג, אז די ליידן זיינען ניט אומזיסט. נאָר עס איז געווען „תורה מפארה בכלי מכער״; די כלים, אין וועלכע דאָס לערנען האָט זיך איינגעהאַלטן — דאָס גאַנצע לעבן — איז געווען אָן זין, אָן טעם, אָן פּלאַן און אָן שטרעבן. „אין בעילם קשה מן העניות״ האָבן געזאָגט אונדזערע אַלטע חכמים, ניטאָ קיין ערגערע זאַך ווי אָרעמקייט. און די מאַטעריעלע אָרעמקייט האָט געדריקט, באַליידיקט און ניט געלאָזן אויך דעם גייסט זיך אויפהייבן.

מען איז געוויינט צו אונטערשעצן דעם מערב אייראָפּעאישן יידנטום, באַזונדערש דעם יידישן שבט אין דייטשלאַנד. דאָס איז אַ היסטאָרישער טעות און אַ זינד. דער צושטייער פון דייטשן יידנטום, אין חכמת היהדות, יידישער קולטור, איז נאָך ניט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. די עמאַנסיפּאַציע איז געווען א ליכטיקע טרייסט פאַר אַלע מערב אייראָפּעאישע יידישע קיבוצים. די אסימילאַציע אין דייטשלאַנד איז ניט קיין באַווייז קעגן דעם. און דאָס לאַנד פון די הונען, מיט איר איינגעגעסענעם יונקעריזם, איז בכלל געווען דער ערגסטער באָדן פאַר פרייהייט. אָבער אפילו אזוי, האָבן יידן אין דייטשלאַנד אויפגעטאָן יידישן ווונדער אין די געציילטע יאָרן פון עמאַנסיפּאַציע. דער דייטשער יידנטום האָט אויך בייגעטראָגן ניט ווייניקער ווי וועלכער אַנדער טייל פון יידישע „שבטים״ צום אויפבוי פון ארץ ישראל. די יידן פון דייטשלאַנד האָבן געבראַכט אין ארץ ישראל וויסן, קענטשאַפט, קאַפּיטאַל און קולטור. זיי האָבן זיך אויך געראַטעוועט מערער, פּראָפּאָרציאָנעל, ווייל זיי זיינען געווען מער קולטורעל צו קענען אָפּשאַצן דעם מצב, — הגם אויך צו שפּעט — ווען דער חורבן האָט זיך אָנגערוקט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט. (א העלפט פון דעם האַלב־מיליאָניקן יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד האָט זיך געראַטעוועט פון היטלער חורבן). און וואָס מער דער אייראָפּעאישער ייד איז געגאַנגען צו מערב, אין דער מערב קולטור, אַלץ שענער, בעסער און קליגער איז געווען זיין לעבן.

די גאַנצע יידישע געשיכטע אין גלות איז ניט איין קייט פון יסורים, ליידן און פאַרפאָלגונגען. געווען אויך בעסערע צייטן אין רו־הפסקות; צייטן ווען די ארומיקע האָבן פאַרגעסן אָן יידן, ניט געוועלט זיי טאָן בייז און

שלעכטס. געווען אויך אויפבליצן פון ליכטיקע הערשערס, וואָס האָבן אפילו געוועלט העלפן יידן אויף א נאציאָנאַלן פארנעם. אזא איז געווען כורש, און אזא איז געווען נאפאָליאָן, און אזעלכע זיינען געווען אין דער שפאנישער תקופה און אזא איז געווען די עמאנסיפאציע צייט אין מערב איראָפּע. און אויך אין מזרח איראָפּע זיינען געווען יאָרן פון שטילער רו. אָבער יידן האָבן זעלטן, ווייניק אָדער גאָר ניט, אויסגענוצט אָט די צייטן פאר א נאציאָנאַלער אויפריכטונג אָדער צו ענדערן גרונטיק זייער מצב. נאָך ווייניקער ווי אין אַלע צייטן האָבן יידן אין מזרח איראָפּע, אין דער לאנגער תקופה פון טויזנט יאָר, פרובירט אויסנוצן א רואיקע צייט, כדי ענדערן זייער מערכה. זיינען געקומען קלעפּ — האָט מען אָנגעהויבן דעם קאָפּ, עד יעבור זעם. און זיינען די אומגליק־כוואַליעס אריבער — האָט מען זיך אומגעקערט צום אלטן; ביז מען האָט דערפון גופא געמאכט א הייליקע לעבנס־חכמה.

צוגעהאָלפן, אז ס'זאָל אזוי זיין, האָט די אמונה, דער גלויבן, די לעכצונג און דאָס ווארטן אויף משיחן; די אמונה אז די ישועה איז איבער די אייגענע כוחות און ניט אין אייגענעם רשות. די אמונה, וואָס האָט געשטארקט, געגעבן כוח צו לעבן, האָט אָבער אויך ניט געלאָזן אויפלעבן; זי איז געווען קרעפטיק גענוג ניט צו לאָזן אונטערגיין, האָט אָבער אויך ניט געלאָזן אויפגיין; ניט שטארבן און ניט לעבן — נאָר זיך מאטערן.

אין הארץ פון מזרח איראָפּע, אין דער סאמע געדיכטעניש פון יידישן מאסן־לעבן, זיינען ניט אויפגעקומען קיין „פאַלשע משיחים". ניט געווען קיין קראַפט, קיין ווילן און קיין פאנטאזיע צו מאכן א פרוּוו־טריט זיך צו באפרייען, צו ענדערן דעם נאציאָנאַלן גורל. געווען גייסטיקע ריזן, רבנים, גאונים, בעלי מחשבה, וואָס האָבן געגעבן דאָס פאָלק מוט און גלויבן, א דרך החיים — אָבער ניט קיין אויסוועג, טרייסט אָבער ניט קיין היילונג. מען איז געווען ווי פארמשפּ'טע אונטערן גזר פון גורל, אז די תפיסה איז ניט צו ענדערן און ניט דורכצוברעכן אירע ווענט. ערשט אין דער מאָדערנער צייט, אויפן שוועל פון 19־טן יאָרהונדערט, האָט זיך דאָס פאָלק א טשוכע געטאָן — צו שפּעט, און אויך דאן ניט מיט גענוג קראפט.

אלע חשבונות מיט און וועגן דער פארגאנגענהייט האָבן נאָר א זין, ווען עס קומט לערנען אויף דער קעגנווארט.

די רייד וועגן דעם, אז די שטעטל איז געווען מלא חן, איז א לעגענדע — און געפערלעך; ווייל אויך דאָס העלפט, אז מען זאָל פאַרגעסן וואָס צו איבערז איז געשען. און מען קען לעבן אין שטעטל אויך אין יאָהאַנעסבורג, אָדער אין מעלבורן, אין לאָנדאָן אָדער ניו יאָרק, און אַפילו אין תל־אביב.

דאָס יידישע לעבן אין מזרח אייראָפּע האָט געהאַט גרויסע מעלות, אָבער אויך ניט ווייניק חסרונות. עס איז געווען א לעבן אָן ליכט און אָן פרייד, מיט קנאה און שנאה און מחלוקות, אין בית המדרש און אויפן מאַרק. אָפּגעציטערט און אָפּגעהיט איז נאָך געווען די יידישע היים, אָבער אויך דאָס האָט זיך אָנגעהויבן איינברעכן אין די לעצטע יאָרן. וואָלט די יידישע שטעטל היינט געלעבט, וואָלט זי שוין אויך ניט געווען די זעלבע, ניט אין איר תורה און ניט אין איר שטחיקער פעסטונג. נאָר הלוואי וואָלט די „שטעטל" געלעבט — מען זאָל קענען אַנטלויפן פון איר — אין איר גופא. היינט, אז זי איז ליידער ניטאָ, צו אונדזער צער און ווייטאָג ניטאָ, טאָר מען אויך ניט וועלן גייסטיק זיך אומקערן צום „שטעטל" — ווען מען וואָלט אפילו געקענט.

דאָס אַלגעמיינע לעבן גייט היינט פון שטעטל אין שטאָט — פאַקטיש און גייסטיק. עס איז דער גאַנג פון מאַסן־קולטור און מאַסן־פּראָדוקציע און מאַסן־קאָנסומציע. קיינער וויל ניט בלייבן אין שטוב, אליין און פאַר זיך. מוז אויך דער יידישער מענטש פּרובירן איבערשטעלן זיין גייסטיקן לעבן היינט, אין דער איצטיקער רו־תקופה. ער קען עס איצט טאָן, האָט די מעגלעכקייטן — און צום גרויסן טייל טוט ער עס.

דער היינטיקער אינטעליגענטער ייד האָט גענומען פון „שטעטל" דעם סאַמע תמצית, דאָס וויכטיקסטע און ליכטיקסטע וואָס דאָרטן איז געווען — דעם ווילן צו לערנען און דעם דרך ארץ פאַר זוויסן.

דעם ליכטיקן תיך פון „שטעטל" וועלן מיר נעמען און געדענקען. די שאָל — איז ניט נויטיק צו גלאָריפיצירן.

# ווינטערדיקע יידן

יידן זיינען אַנדערש. די שונאים זאָגן — אַנדערש צום שלעכטן, ערגער ווי אַנדערע פעלקער. פריינט זאָגן — אַנדערש לטובה, צום גוטן. על כל פנים זיינען אַלע מסכים, אַז געשיכטלעך זיינען יידן אַן אויסנאַם־פאָלק. דאָס קען קיינער נישט לייקענען. אָבער אויך דאָ זאָגן די פיינט, אַז דאָס איז אַ חסרון. יידן זיינען טאַקע געקומען אין דער וועלט זייער פרי, געלעבט, געשאַפן, געגעבן די וועלט זייער פיל — אָבער ניט אַלץ וואָס זיי האָבן געגעבן איז געווען גוט פאַר דער וועלט. און בעיקר: וואָס געווען, איז געווען, אַמאָל. פון דאַן זיינען יידן שוין טויזנטער יאָרן גייסטיק אומפּרוכטבאַר. זיי האָבן זיך געדרייט אונטער די פיס פון פעלקער און ציוויליזאַציעס דורך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, ווי אַ פרעמדער געוואוקס. עס איז אפשר טאַקע די שולד פון די פעלקער, צווישן וועלכע יידן האָבן געלעבט, און ווי יענע האָבן באַהאַנדלט יידן, און אפשר איז עס די שולד פון יידן גופא. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין דער געשיכטלעכער השבון, ווער עס זאָל ניט טראָגן די שולד, סיזוי איז אמת: זיי זיינען געוואָרן דעגענערירט. זיי רייסן זיך כסדר אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון סאָציאַלן לייטער. זיי זיינען טומלדיק און אויפרייסעריש אין זייער פיר און באַנעם. שטופּן זיך אַהין וווּ מען וויל זיי ניט. דער נעכטיקער פעדלער איז היינט שוין אַ פאַבריקאַנט אָדער גרויסער סוחר, און מאָרגן וויל ער שוין זיין צווישן דער סאַמע נאָבל פון דער געזעלשאַפט. זיי וואַקסן ניט ארויס, בהדרגה, פון דעם באָדן פון לאַנד, נאָר וואַרפן זיך ארויף ווי אַ היישעריק אויף די סאַמע ארויסגעוואַקסענע קאָרן פון פעלד — וואָס אַנדערע האָבן פאַראַקערט און פאַרזייט. און לאָזט מען זיי שוין זיך איינוואַקסן אין אַ לאַנד און אין אַ געזעלשאַפט — טוען זיי עס אויך ניט מיט גאַנצן האַרצן. זיי בלייבן פאָרט פאַרבונדן מיט אַ סך פעדים צו זייער אייגענער סביבה, פון אייגענעם פאָלק.

אזוי, אָדער אזוי און נאָך מער, זאָגן די פיינט.

די פריינט — און אויך אזעלכע זיינען שטענדיק פאַראַן — ווייזן אָן אויפן היסטאָרישן יחוס פון יידן און אויף זייערע

מעלות. און די מעלות זיינען ניט שווער צו געפינען. טאַקע דאָס גופא, וואָס די פיינט באַצייכענען ווי חסרונות, זיינען מעלות ביי די פריינט. די יידישע וואַכזאַמקייט, די יידישע ענערגיע, זייער ווילן צו לעבן און זייער כוח צו שלאָגן נייע וואָרצלען אין פרעמדע, נייע לענדער, אין שווערע באַדינגונגען. זייער עקאָנאָמישער פּאַרמעסט און זייער גייסטיקער דראַנג צו לערנען. זיי רייסן זיך טאַקע אויף די פּאָדערשטע פּאָזיציעס פון עקאָנאָמישן לעבן, — אָבער דערמיט באַרייכערן זיי אויך באַלד די געזעלשאַפט ארום ; זיי זיינען דורכברעכערס פון נייע עקאָנאָמישע וועגן, און אין זייערע פוס־טריט גייען באַלד גלייך אויך אַנדערע. זייערע קינדער פּאַרפולן די אוני־ווערסיטעטן — און אַנטוויקלען דעם חשק צו לערנען אויך ביי די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין טראַדיציע און דראַנג צו גייס־טיקע באַרופן.

די חילוקי דעות זיינען טיפע און אַמאָל נודנע, ווייל זיי ווידערהוילן זיך כסדר און זיינען אַלט ווי דער גלות. און דאָך : זיינען יידן טאַקע אנדערש, לויט ווי עס זאָגן די פריינט, אָדער ווי עס באַהויפּטן די פיינט, און ווי עס זאָגן יידן אליין ? יאָ און ניין. יידן זיינען געווען גרונטיק אַנדערש און זיי זיינען נאָך טיילווייז אזוי, דאָרטן וו זיי האָבן עס געמוזט זיין און דאָרטן וו מען צווינגט עס נאָך ארויף.

פאַראַן עטנישע אַנדערשקייטן, ביי יעדער גרופּע מענטשן, וואָס זיינען אויפגעקומען אין אַ באַשטימט לאַנד און באַקומען אזא אָדער אנדער דערציאונג. מיט לאַנגע יאָרן ווערן די דאָזי־קע שטריכן פאָלקישע קען־צייכנס, אָדער, לאָמיר זאָגן, נשמה־דיקע כאַראַקטער־אויסדרוקן. שפּראַך, קולטור, ציוויליזאַציע, לעבנס־מנהגים, אויב מען פּראַקטיצירט זיי קאָלעקטיוו און דורך אַ סך דורות ווערן פאָלקס־אייגנשאַפטן. זיי ווערן אָפּגע־קריצט אין די געהירן, גייען איבער בירושה, שאַפן אַ טיפּ מענטש, וואָס רעאַגירט צו לעבנס־דערשיינונגען לויט אַ גע־וויסער רוטין, וואָס מען קען פון פאָרויס דערוואַרטן און באַ־שטימען. אזוי ווי עס זיינען פאַראַן פיזישע ירושה־צייכנס, אזוי ווערן אויך איבערגעפלאַנצט גייסטיקע אייגנשאַפטן. אָבער ביידע זיינען אַ פּראָדוקט פון לעבנס־באַדינגונגען, פון סביבה, שפּראַך, לאַנד, גייסטיקע פאָרמען. נאָר פונקט ווי מען האָט די עטנישע, פאָלקישע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן אנטוויקלט, דורך לאַנגע דורות און באַשטימטע באַדינגונגען, אזוי אויך קען מען זיי עלעמינירן, זיך באַפרייען פון זיי — אָבער אויך דאָס דאַרף געדויערן. עס וואָלט מן הסתם געווען ניט אומריכטיק צו זאָגן, אז דאָס פולקומע באַפרייען זיך פון נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן,

פיזישע און גייסטיקע, דאַרף געדויערן וויניקער צייט וויפל עס האָט גענומען זיי צו קולטיווירן. זיך צופּאַסן צו לעבנס־באַדינגונגען איז לייכטער. באַזונדערס אַזוי, ווען עס גייט אין צופּאַסונג צו דער מערהייט. מען נעמט איבער די שפּראַך, זיטן און מנהגים — און מען איז גלייך מיטן אַרום, אָדער מען מיינט אַז מען איז אַ גלייכער מיטן אַרום. אַזוינס איז ווייט פון אַסימילאַציע, וואָס באַדייט אויפלייזונג, ניט אַריינזינקען ווי אַ באַזונדערער טייל, ווען אַפילו אַ גלייכער, נאָר פולקומע אויפמישונג, אַזוי ווי פון ווייס און שוואַרץ זאָל ווערן גראָ.

ווען אַזאַ אַסימילאַציע האָט געהאַפּט איינער פון די פּאַטערס פון דער רעפאָרם באַוועגונג אין דייטשלאַנד, געאָרג גאַנדז. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די אויפמישונג צווישן יידן און דייטשן „אַזוי ווי די וואַסערן פון ירדן וועלכע פליסן אַריין אין כנרת, און נאָר אַ גוטער אונטערוואַסער שווימער וועט קענען דערפילן דעם באַזונדערן שטראָם, וואָס דער ירדן האָט אַריינגעבראַכט אין כנרת“.

וואָס פון דעם צוקונפטס־חלום האָט זיך אויסגעלאָזן — ווייסן מיר, הגם אָט דער בעל החלומות האָט זיך געשמדט נאָך פריער. און דאָך מיינט עס ניט, אַז אַזוינס איז, טעאָרעטיש, ניט מיגלעך. נאָר דאָס דאַרף נעמען צייט, אַ סך צייט. איז, במילא, אַז מען וויל, קען מען זאָגן אַז עס איז ניטאָ זיך וואָס צו זאָרגן וועגן אַ גרונטיקער אויסיידישונג, וועגן אַ פולער אַסימילאַציע. אפילו יידן זאָלן עס וועלן — און דערווייליע ווילן זיי עס ניט — קען עס ניט געלונגען, ניט היינט און ניט מאָרגן און ניט אין ווייטן איבערמאָרגן. וואָס עס געשעט דערווייליע, און אין אַ גרויסן פאַרנעם, איז די צופּאַסונג פון יידן צו דער אַרומיקער מערהייט — און דאָס איז אַ פּראָדוקט, אַן אומפאַרמיידלעכער, פון דער היינטיקער צייט און פון די ספּעציפישע באַדינגונגען אין דער וועלט און פון יידן אין דער וועלט.



איז די דאָזיקע טענדענץ, פון צופּאַסן זיך צום אַרום, פון איבערנעמען שפּראַך און מנהגים, זיטן, פאָרמען, איז דאָס גוט אָדער שלעכט ? עס האָט ניט, אין גרונט, קיין זין זיך אַריינצוקלערן אין דער פראַגע, פּונקט ווי עס איז זינלאָז צו וועלן אָוועקבלאָזן דעם ווינט.

פאַראַן גענוג ערנסטע און קאָמפּעטענטע יידן וועלכע זעען אין דעם צייט־גאַנג אַ גורל־געפאַר פאַרן קיום פון יידישן פאָלק. אָבער אונטער די פאָלעס פון די דאָזיקע אחריותדיקע

יידן באַהאַלטן זיך אויס געַנוג פּוסטע דרשנים און סתם קלאַג־מוטערס, וואָס האַלטן אין איין טייטלען מיט די פינגערס „אַסימילאַציע".

געוויס וויל, און דאַרף, יעדער נאַציאָנאַלער ייד קערעווען דעם אומפאַרמיידלעכן צייט־גאַנג אַזוי, אַז עס זאָל זיין איינ־האַלט און אָנהאַלט פאַר אייגענעם יידישן לעבן. די צופּאַסונג צום ארום און צו דער צייט זאָל ניט זיין קיין אַנטלויפן פון זיך, נאָר אַ גאַנג מיט אייגענע טריט און מיט חשיבות, מיט אַ באַ־וווסטזיין פון אַ געשיכטלעכער און פּאַקטישער צוגעהעריקייט צום אייגענעם נאַציאָנאַלן וואָרצל, ווי אַ לעבעדיקער גליד פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם.

ווי דערגרייכט מען עס?

דאָס רוב יידן היטן אָפּ אַ צאָל יידישע פירונגען אָדער היטן אין אַ סכום פאָרמען, רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע, צערעמאָ־ניאַלע פון יידישן לעבנס־סדר. אָבער דאָס איז אַלץ — אין שטוב, אָדער רעליגיעזע יידן אויך אין בית הכנסת. און אויך דאָ זיינען עס אָפּהיטונג און איינהיטונג פון דער טרוקענער פירונג, די מעכאַנישע מצוה אָדער פאָרם. דער לעבעדיקער אימפּולסיווער יידישער אָטעם איז שוין אויך דאָ ניט פאַראַן. און אויסער די הויז און בית הכנסת איז עס געוויס ניטאָ. מיר האָבן פאַרלאָרן, אָדער, ריכטיקער, מיר באַמיען זיך צו באַ־האַלטן, פאַרשטילן און פאַרשטעלן דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבנס־ריטעם, דעם אייגענעם שטייגער, דעם יידישן נוסח.

די אייגנאַרטיקייט פון פאָלקס־לעבן האָט זיך ניט אויסגע־דריקט נאָר און דווקא דורך דעם סכום מצוות וואָס אַ ייד האָט אָפּגעהיט. עס איז געווען דאָס וואָס מען רופט אין לשון קודש „אוירה", אַן אייגנאַרטיקע יידישע אַטמאָספערע. דאָס איז ניטאָ און קען ניט זיין היינט. ווייל עס איז ניט פאַראַן מער די יידי־שע גאַס, דער קאָמפּאַקטער יידישער צוזאַמענזיין. אָבער עס איז נאָך פאַראַן ביי אַלעמען, אויך ביי די יונגע דורות, גענוג לעבעדיקער יידישער טעמפּעראַמענט, אַן אייגענע נשמהדיקע מיליע, די אַנדערשדיקייט פון אַ יידישן אויפנעמען זאַכן און רעאַגירן אויף געשעענישן. אָבער — מיר אונטערדריקן אין זיך די דאָזיקע טיפע אייגנשאַפטן. מען דערלויבט אפילו צום אויפקום פון קאָמפּלעקסן און פּסיכישע שטערונגען, וואָס זיי־נען אומפאַרמיידלעך ביי אַזאַ אונטערדריקן פון נאַטירלעכע געפילן, אַבי צו דערשיינען אַנדערש, ווי די טיפע פאָלקס־נאַטור דיקטירט.

ניט אַלץ וואָס אַנדערע טוען איז שלעכט. ווייט דערפון. אַ סך זאַכן וואָס יידן האָבן געלערנט אין דער וועלט, פון די

יידן געפינען זיך, איז גוט און שיין. יידן אין דער אנגלאָזאַק־פעלקער מיט וועלכע זיי האָבן זיך געמישט, און צווישן וועלכע סישער וועלט האָבן זיך געלערנט רעספעקט. און אויב אפילו דער רעספעקט איז מער פאָרם ווי טיפער געפיל, איז עס אויך שיין. און ניט אַלץ וואָס איז געווען „יידישלעך" איז געווען אויך גוט. מיר האָבן געהאַט גענוג שלעכטע מידות און גע־ווינהייטן און תנועות, וואָס אזוי ווויל אז מען איז פּטור גע־וואָרן פון זיי. און דאָרטן ווו זיי האַלטן נאָך אָן — וועלן זיי אויך געוויס באַלד פאַרשווינדן, צו אונדזער אַלעמענס נוצן. אָבער מען גיסט ארויס ביי אונדז דאָס קינד מיט די באָד־וואַסער. פאַראַן ליכטיקער, לויכטיקער פאָלקס נוסח, וואָס לעבט נאָך אין יעדער יידן, אויף אַ נאַטירלעכן אופן. אָבער מען צווינגט זיך עס ניט צו לאָזן קומען צום וואָרט און צום פאַרשיין.

עס איז כדאי אַמאָל צו אָבסערווירן ווען מאָדערנע יידן קומען זיך צונויף אין געזעלשאַפט. עס הייבט זיך אָן מיט אַן איינגעהאַלטענער שטילקייט, מיט געפּענטעטע צינגער, מיט אויסגעלערנטע מאַניערן, להי דאָ וואָלטן געווען פאַרזאַמלט אַ גרופּע קאַלטע סקאַטלענדער. מען טרינקט וויסקי און מען רעדט וועגן וועטער. מען קען אזוי אָפּגליווערן שעהן און אוועקגיין מיטן זעלבן וואָס מען איז געקומען — נאָר אַ פאַר־גענעצטער און פאַרנודיעטער, ניט באַקענענדיק און דערקע־נענדיק אפילו די מענטשן מיט וועלכע מען איז געווען. די פאַרזאַמלטע מעגן אַלע זיין אינטעליגענטע מענטשן, אָבער אויף אַ קינסטלעכן אופן האָט זיי ווי אָפּגענומען דאָס לשון. עס איז אַ פאַלשע סטאַטעטשנעקייט, וואָס פאַרוואַנדלט די מענטשן אין פאַרמירמלטע מומיעס. זיי האָבן מורא אָנרירן אַ פּראָבלעם. ווייל ערגעץ, אין ניט געשריבענעם ענגלישן שולחן ערוך, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון פראַנצויזישן סאַלאָן־נוסח אין זעכצענטן יאָרהונדערט, פון פאַרעפּומירטע הערן פון לואי דעם פערצענטן, דאָרטן איז איינגעשטעלט געוואָרן, אז אין סאָציאַלער פאַרברענגונג דאַרף מען ניט אָנרירן קיין שווערע פּראָבלעמען. וועלן לעבעדיקע יידישע מיילער און געזונטער יידישער טעמפּעראַמענט ניט סמייענען טאָן קעגן דין: מען קען זיי נאָך חושד זיין אין יידישער היציקייט, אָדער גאָר אין זיין עמאָציאָנעל. מוז מען איינהיטן דעם „באָן טאָן", אָדער, ווי יענע פראַנצויזן האָבן עס גערופן, דעם „טענדרא אוי באָן סענס". האָט מען מורא בכשול צו ווערן מיט אָנשלאָגן אַ לע־בעדיקע טעמע. געפינט זיך אָבער איין אַ „חצוף", וואָס פירט פונאַנדער די יידישע הענט — אזוי באַלד צעוואַרעמען זיך

יידישע מיילער אין אַ וואַרעמען יידישן שמועס, וואָס באַלעבט דעם מוח און הייטערט אויף דאָס האַרץ.

אין יעדן לאַנד זיינען היינט פאַראַן מינאָריטעטן, אָדער פאַרשיידענע פעלקער, אָפּשטאַמיקע פון פאַרשיידענע לענדער. זיי אַלע מישן זיך און ווערן באַווירקט פון דער שטאַרקערער קולטור און פון די לעבנס־פאָרמען פון לאַנד. זיי גיבן אויף, בהדרגה, א סך פון זייער אייגנאַרטיקייט — אויב אפילו זיי קומען פון גרויסע ציוויליזאַציעס און קולטורן. זיי גיבן אפילו אויף זייער שפּראַך. אָבער דאָס סאַמע אָנהאַלטעוודיקסטע איז זייער נוסח, דעם אייגענעם שטייגער, ווי זיי ריידן און רע־אַגירן. דאָס קען יעדער ארויסהערן אפילו אין זייער דריטן דור. ביי יידן איז עס אנדערש. גראָד דעם יידישן שטייגער וויל מען פאַרשטיקן מיט אַלע כוחות. און דאָס געשעט דער־פאַר, ווייל מען האָט ביי אונדז פאַרמיאוסט דעם יידישן לעבנס־פיר. מען האָט אריינגעקנעלט אין יידישע אויערן, אז אַלץ וואָס איז געווען „דאָרטן" איז געווען מיאוס, אומקולטורעל, אָן מאַניערן און אָן גוטע זיטן. און דער „דאָרטן" איז — צוויי טויזנט יאָר יידישע געשיכטע, וואָס האָט אריינגעקאַרבט אין זיך פריערדיקע צוויי טויזנט יאָר און איינגעהאַלטן אַ גרויסע יידישע ציוויליזאַציע.

אָט אזא אייגנשאַפט ווי דער יידישער טעמפּעראַמענט, וואָס איז מענלעך, געזונט, לעבנס־דאָרשטיק, וויטאַל, שעפע־ריש, וואָס האָט אויפגעבויט וועלטן, וואָס איז פול מיט אָפּ־טימיזם — דאָס ווערט אונטערדריקט ביים היינטיקן יידישן אינטעליגענט מיט לעבלעכע, סאַלאָנאָווע „פאָליטנעס". אזא אינטעליגענט האָט מורא צו עפענען זיין יידישע מויל, ווי אַן אַמאָליקער אַסימילאַטאָר האָט געציטערט אויפצוהייבן זיין יידישע נאָז. אָבער גראָד אָט דער יידישער שטייגער, פון ריידן און רעאַגירן מיט יידישער עמאָציאָנעל־טעמפּעראַמענט־פולער וואַרעמקייט איז אַזאַ טיף איינגעוואָרצלטער כאַראַק־טער, וואָס קען נאָך שפּייזן מיט לעבעדיקע פאָלקס־זאַפטן פאַר אַ סך יאָרן און דורות. און אפשר וועט טאַקע דער נייער דור אַראָפּרייסן דעם מויל־שלאָס, וואָס ער פּרובירט אָנטאָן אויף זיינע פאָלקס־געפילן! עס איז ניט קיין סוד, אז צווישן די היינטיקע „ענגרי יאַנג מען", די אומצופרידענע יונגע מענ־טשן, געפינען זיך אַ סך יידן. אפשר איז אויך דאָס אַ שטיקל אויסדרוק פון רעוואָלטירנדיקער יידישער ענערגיע און פאָלקס־טעמפּעראַמענט, קעגן דער פאַרקוילטער און פאַרקיל־טער געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אַ סך יידן אין שניי־מענטשן.

# עמך, שער און אייזן

„מיין טאָכטער האָט היינטיקע וואָך פאַרענדיקט דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט. איך בין בייגעווען די פייערונג, ווען זי האָט באַקומען איר דאָקטאָראַט, אין ביאָכעמיע. עס איז אויך בייגעווען מיין זון, וואָס וועט קומענדיקן יאָר זיין אַ דאָקטאָר מעדיצין. און עס איז אויך געווען מיין טאָכטערס חתן, אַ געענדיקטער יוריסט.

„בשעת דער צערעמאָניע, פון אויסטיילן די דיפּלאָמען און דאָקטאָראַטן, בין איך ניט געזעסן צוזאַמען מיט די קינדער מיינע אין אוניווערסיטעט־זאַל. איך האָב זיך אָפּגעזוכט אַ שטילן ווינקל, איך זאָל קענען זען דעם גאַנג פון דער פייע־רונג און קענען טראַכטן אומגעשטערט. און טאָמער קייקלט זיך אַריבער אַ געדאַנק דורך די אויגן — זאָלן די קינדער עס ניט באַמערקן.

„דער זאַל — פרייד און גליק, פון קינדער און עלטערן. צעשטראַלטע יוגנטלעכע פּנימער. די הלבשה פון די פּראָפע־סאָרן, די אַקאַדעמישע צייכנס, און דער צערעמאָניאַל, ווי די דיפּלאָמען ווערן אויסגעטיילט, זיינען דאָך געוויס איבערגענו־מען פון די אַלטע גריכן און רוימער.

„אַלץ איז אַזוי פייערלעך, יום־טובדיק. און איך — אַ ייד פון אַ שטעטל אין טיף פּוילן — בין אַן אינטימער מחותן דאָ! ווי מאָדנע, ווי אויסטערליש. וועלכע פאַנטאַזיע וואָלט זיך עס געקענט אויסמאָלן, אַז נאָך אַזוי פיל דורות פון פאַרפאָלגונגען, ליידן, באַליידיקונגען, זאָלן מיר האָבן נאָך כוח צו דערגריין אַזש אַהער. ווי לאַנג איז דאָס געווען, ווען יידן האָבן געמוזט טראָגן שפּיציקע היט, געלע לאַטעס, צייכנס פון שאַנד און אָפּגעזונדערטקייט. און אָט איז מיין טאָכטערל גאָר איינגע־וויקלט אין אַ טאָגע פון אַן אינטעלעקטואַל. אויף מיין אייגע־נער ברוסט און רוקן זיינען געווען צוגעהאָפטן געלע מגן־דוד׳ס, ווי אַ צייכן פון באַליידיקונג, ווען איך בין געטריבן געוואָרן דורך היטלעריסטישע געטאָס אין טויט־לאַגערן. ערשט נעכטן איז דאָך דאָס געשען, ווען יידישע סטודענטן זיינען גע־טריבן געוואָרן אין פּוילן צו די לינקע בענק אין אוניווערסי־טעט, ווען מען האָט זיי געשליידערט פון די אוניווערסיטעטן

ארויס. און אָט, דאָס רוב איך זאָל זײַנען ניט ייִדן, און איך זיך צווישן זיי, ווי אַ גלײַכער.

„איך בין זיך אָבער מודה, אַז נאָך שטאַרקער ווי דער פּאָלקס־חשבון, האָט אין דער דאָזיקער שעה געוואַקסט אין מיר מײַן פּערזענלעכער לעבן. דער פאַנטאַסטישער איבערברוך אין דורות־לאַנגן וועג פון מײַן אייגענער משפּחה. אויף ווי ווײַט איך געדענק און ווייס, זײַנען מיר געווען אַ משפּחה פון אַרבעט־מענטשן. מײַן טאַטע, מײַנע ייִדעס, מײַנע עלטער־זיידעס — אַרבעטער, האַרעפּאַשנע ייִדן, פון אָרעמען שטאַנד. אָבער דאָ אין זאָל האָב איך איצט דרײַ גראַדואירטע און דיפּ־לאָמירטע קינדער. איך ווייס ניט וויפל גליק דאָס וועט זיי ברענגען. איך ווייס אָבער אַז זייער סאָציאַלער לעבן וועט זײַן אינגאַנצן אַנדערש, אָן אַ פאַרגלײַך צו די דורות, פון וועלכע זיי קומען ארויס. איך פיל דעם טיפן סאָציאַלן, געזעלשאַפט־לעכן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן איבערברוך, וואָס געשעט דאָ פאַר מײַנע אויגן. און אין מײַן מוח איז אַ געמיש פון פרייד און טרויער, פון אַ סך טרויער, אָבער אויך פון אַ סך פרייד...“



אזוי, אָדער אומגעפער אזוי, האָט געשריבן צו מיר אַ ייִד פון אַ ווײַטן לאַנד.

אין אָנהייב פון בריוו שטעלט דער בריוו־שרײַבער זיך פאָר; ער באַמיט זיך צו באַלעבן מײַן זכרון וועגן געשעענישן פון מיט מער ווי צוואַנציק יאָר צוריק. ליידער האָבן די צײַ־כנס, וועלכע ער האָט אָנגעגעבן, ניט אויפגעלויכטן תיכף קיין אײן פּרט וועגן אים. אָבער נאָך עטלעכע טעג, ווען דער בריוו פון לאַנגן וועג האָט זיך אָפּגערוט אויף מײַן טיש, איז דער מענטש אויפגעשוווומען אין מײַן געדעכעניש. יאָ, איך גע־דענק אים.

דאָס איז טאַקע געווען מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק. עס איז געווען אין דײַטשלאַנד, באַלד נאָך דער מלחמה. דער בריוו־שרײַבער האָט געאַרבעט, ווי אַ שאָפער, אין אײנע פון די הילף־אָרגאַניזאַציעס פאַר די פּליטים. איין טאָג בין איך געפאָרן מיט אים, אין אַ געזעלשאַפטלעכער רייזע, ערגעץ צו אַ פּליטים־לאַגער. דער וועג איז געווען אַ לאַנגער, האָבן מיר געריידט אַ סך. ביי די לאַגער־ייִדן איז געווען אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש צו ריידן, דערציילן וועגן דעם וואָס איז געשען — דערציילן עס אפילו צווישן זיך גופא. ווייל אין דעם אלגע־מײַנעם גרויל פון חורבן, האָט נאָך יעדערער אויך געהאַט

זיין באזונדערן גורל און גאַנג; דאָס באזונדערע וואָס האָט זיך אריינגעוועבט אין דעם אלגעמיינעם. און אָט קומט איצט אויף אין זכרון עפּעס פון די רייד זיינע, וואָס דער בריוו האָט אויפגעלעבט.

— — —

איך האַלט ביים אויסוואַנדערן אין אַ ווייט לאַנד, אין צענטראַל אַמעריקע. פאַראַן דאָרט אַ קליינער יידישער קיבוץ. און אפשר איז דאָרטן בכלל נישט פאַראַן קיין יידיש לעבן, אזוי צו וועלכן איך בין געווינט. געוועלט און געדאַרפט וואָלט איך פאָרן קיין ארץ ישראל געוויס, ווי דאָס טוען דאָס רוב לאַגער־יידן. אָבער אין יענעם ווייטן לאַנד וועט מיך זיכער זיין בעסער, מאַטעריעל, און דערפאַר פאָר איך אַהין. וואָרום, איך בין זיך מודה, ווי טיף און שטאַרק עס לעבט אין מיר דער דורכגעגאַנגענער פאָלקס־חורבן, איז נאָך שטאַרקער איז מיר די מורא פאַר אָרעמקייט. איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ שטוב פון פערצן קינדער, אין נויט און הונגער, וואָס האָט באַגלייט מיין גאַנצן לעבן ביז היינט. וויל איך אַנטלויפן פון דעם געשפּענסט פון מאַטעריעלער נויט.

— — —

פאַרוואָס האָבן זיך פאַרגעדענקט יענע רייד? עס וואָלט מיר געוויס געווען מיגלעך צו געפינען דעם ענטפער. אָבער דאָס איז איצט ניט פון אינטערעס. וויכטיקער אַ סך איז דער אַלגעמיינער אויספיר, וואָס וואָרט מען זאָל אים מאַכן.



די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יידישן לעבן האָט זיך אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט אינגאַנצן געביטן. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון דער אַלגעמיינער צייט, און אויך פון אַ געאָגראַפישן פאַקט: דאָס רוב יידן געפינען זיך היינט אין יענע לענדער, ווו דער צוגאַנג צו בילדונג און וויסן איז פריי, לייכט צו דערגרייכן, ווו לערנען ווערט דערמוטיקט און קאָמפּענסירט, מאַטעריעל און געזעלשאַפטלעך. און אַז יידן האָבן אַ נאַטירלעכע נייגונג צו בילדונג איז ניט קיין חידוש. קען זיין אַז די דאָזיקע נייגונג איז אַן איינגעבוירענע, אַ גייסטיקע ירושה, אַזאַ נאַציאָנאַלער מעכאַניזם אין זיי. און קען אויך זיין אַז עס איז ניט מער ווי אַ רעאַקציע און אַ רעפלעקס צו די צייטן און באַדינגונגען, אין וועלכע די טויערן צו בילדונג זיינען געווען געשלאָסן פאַר יידן.

אויב דאָס צווייטע איז ריכטיק, דאַן וועט דער היינטיקער

דראַנג ביי יידן צו בילדונג ווערן שוואַכער מיט דער צייט.
יידישע יוגנט וועט ווייטער גיין אין די אוניווערסיטעטן, ווייל
היינט איז דאָס דער נאַטירלעכער גאַנג פון אַ גרויסן טייל.
אָבער דער פּאַרטייעטער דראַנג צו אַן אַקאַדעמישע קאַריערע
וועט אָפּפאַלן. זייער פּראָצענט אין די העכערע לערן־אַנ־
שטאַלטן וועט ניט זיין גרעסער, — ווי דאָס איז היינט — ווי
דער פון זייער יידישן ארום. אָבער דערווייליע איזביים היינ־
טיקן יידישן דור, אַפילו ביים צווייטן דור געבוירענע אין די
נייע לענדער, נאָך פאַראַן אַ צי־קראַפט צו אַקאַדעמישע קאַ־
ריערעס. און בעיקר זיינען נאָך טאַטע־מאַמע אַן אַקטיווע
שטויס־קראַפט פאַר זייערע קינדער אין די העכערע לערן־
אינסטיטוציעס אריין.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דעם דאָזיקן פּראָצעס איז מדינת
ישראל. דער דראַנג צו די אוניווערסיטעטן איז ביי יידן אין
ישראל ניט קלענער (און אפשר אפילו שטאַרקער), ווי ביי יידן
אין אַלע לענדער פון גלות. אויב אימיצער האָט אַמאָל גע־
טראַכט (און געווען אזעלכע בעלי חלומות), אז יידן אין זייער
אייגן לאַנד וועלן, אין איין דור, ענדערן דעם דאָזיקן ווילן,
וועלן גלייכער זיין אַרבעטער און פּויערים — האָט מען גע־
מאַכט אַ טעות. דער דריטער דור גייט ניט אין די פוס־טריט
פון די זיידעס, די געוועזענע חלוצים. אַ טייל פון יענע האָבן
פאַרלאָזן אוניווערסיטעטן, אין ווילן צו ווערן אַרבעטער, באַ־
זונדערס לאַנדווירטן. אָבער די אייניקלעך שפּינען ווידער
דעם איבערגעריסענעם פאָדים — אויף צוריק. און דאָס גע־
שעט אָפט מיטן אויסדריקלעכן ווילן פון די זעלבע טאַטעס און
זיידעס, וועלכע האָבן פאַרוואָרפן בילדונג. מען ווייזט אָן —
און מיט רעכט — אז די צייט האָט זיך געביטן; אז אפילו פון
אַ נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט דאַרף מען דאָך צושטעלן פאַרן
לאַנד דאָס וואָס איז באַזונדערש נויטיק אין דער געגעבענער
צייט; און אין דער היינטיקער צייט דאַרף מען אינזשינערן,
וואָס זאָלן באַוועגן קאָמפּיוטערס, וועלכע וועלן שיקן טראַק־
טאָרן, פון איין צענטראַלער סטאַנציע, צו אַקערן אויף אַלע
פעלדער מיט איינמאָל... מען דאַרף כעמיקער, וואָס וועלן
אפשר גאָר דערפינדן אַ פּולווער, וועלכער וועט אויפאַקערן
דעם באָדן, ווען מען וועט דערמיט באַשיטן די פעלדער —
פון אַן עראָפּלאַן... אָבער דערווייליע דאַרף דאָס לאַנד נאָך אַלץ
יונגע „שוואַרצע" ארבעטער. ביז די אויסגעחלומטע צייט וועט
קומען, אז דער טעכנאָלאָגישער פאָרשריט וועט שוין ברענגען
צו דעם, אז די טעכניק וועט קענען האַלטן אלע הענט ווייס,
דאַרף מען נאָך הענט מיט מאַזאָלעס.

דער גייסטיקער קריזיס (ווי מען איז עס געוויינט צו רופן) אין די יידישע ישובים היינט איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער סאָציאַלער איבערשיכטונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביי יידן. אַלע אַנדערע פאַקטאָרן זיינען באַגלייטנדיקע אויף דעם וועג. דער הויפּט־פאַקטאָר איז די געענדערטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור.

אַ געזעלשאַפט אָן אַ קאָנטיקן אַרבעטער עלעמענט מוז, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, ווערן דעזאָרגאַניזירט.

דער אַרבעטער, און אויך דער מיטל־קלאַס, איז ניט נאָר דאָס הייוון, וואָס מאַכט אויפוירן אַקטיוויטעטן אין דער געזעלשאַפט, עס איז דער צעמענט, וואָס האַלט צונויף אַ געזעלשאַפט. דער אַרבעטער, צוליב זיין סאָציאַלן שטאַנד, דאַרף נויטיק זיין אייגענע געזעלשאַפט, צו דאָס איז זיין שענק, זיין קלוב, צי דער זיין בית המדרש. ער דאַרף זיין נאַטירלעכע אָנגעהעריקייט, ווייל אים איז שווער זיך אייננצופּאַסן אין אַנדערע סביבות. ער איז דערפאַר אויך דער אויפהאַלטער פון טראַדיציע, און אויך פון שפּראַך. מער נאָך: דער אַרבעטער און פויער איז אַלעמאָל געווען דער שעפער פון נאַציאָנאַלן לשון. (שפּעטער קומט די אינטעליגענץ און רייניקט דאָס לשון. אָבער באַשווערט עס אויך, מיט אַזוי פיל גראַמאַטישע כללים, ביז דער „פּראָסטער" מענטש הערט עס אויף צו פאַרשטיין. און אַמאָל ווערט עס געטאָן אַזוי טאַקע ספּעציעל, כדי דער פּראָסטער מענטש זאָל ניט פאַרשטיין, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט סאַנסקריט, און אויך מיט לאַטיין. טיילווייז געשעט עס מיט אַלע לשונות אַזוי).

ביי יידן, וואָס אַן אמת, איז זעלטן געווען אַן אויסגעשפּראָכענער פּראָלעטאַריאַט, ווי אַ קלאַס פאַר זיך. אָבער דאָס רוב פון פאָלק איז אַלעמאָל באַשטאַנען פון אַרבעטס־מענטשן. צו דעם איז, נאַטירלעך, געווען דאָס רעליגיעזע לעבן, און די אָפּגעזונדערטקייט, און די אייגענע הלבשה. אָבער אויך די זאַכן האָבן זיך געשטיצט און געהאַלטן אויפן אַרבעטס־מענטשן, בעיקר אויף אים. אַ ייד האָט געקענט אויסטאָן פון זיך דעם אייגענעם טראַכט, זיך אויך אויסטאָן פון רעליגיע, — נאָר אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָך אָנגעהערט צום אַרבעטער ציבור, האָט ער אויפגעהאַלטן זיין לשון און טראַדיציע און נאַציאָנאַלע וואַרעמקייט. ערשט ווען אין די נייע לענדער פון יידישן לעבן פאַרשווינדט דער יידישער אַרבעט־מענטש — גייט מיט אים אויך אונטער די אייגענע קולטור און די שפּראַך און די טראַדיציע.

די סאָציאַלע איבערשיכטונג האָט ניט נאָר געביטן דעם

אַדרעס, דעם ווינקל־קוואַרטאַל פון דער יידישער קאָמפּאַקט־קייט צו די ליפּטיקע בולוואַר־קוואַרטאַלן; עס האָט געביטן דעם מענטשן גופא, עס האָט אים ארויסגעריסן מיט די וואָרצלען.

און אָט איז שוין אויך דער ייד נישטאָ. עס איז אויפגעקומען א נייער דור, אַ סאָציאַל „גלייכגעשאַלטעטער", אויב מען מעג אַנטלייען אַן אַלגעמיין באַקאַנטן אויסדרוק. און — ווי שרייבט דער פריינט פון ווייטן לאַנד? איך פיל דעם סאָציאַלן, געזעלשאַפטלעכן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן איבערברוך, וואָס געשעט דאָ פאַר מיינע אויגן. לאָמיר צוגעבן, אין אין וואָרט־שפּיל: דער גוואַלדיקער איבערברוך איז ניט קיין בראָך, נאָר אַ זאַך אויף וועלכע מען דאַרף מאַכן אַ ברכה, — פון אַ מענטשלעכן, אַלגעמיין־קולטורעלן שטאַנדפּונקט. אָבער נאַציאָנאַל? דאָס איז אונדזער פּראָבלעם. און ער דרינגט ארויס פון דער סאָציאַלער ענדערונג אין די היינטיקע יידישע ישובים, וווּ עס פאַרשווינדט דער יידישער ארבעט־מענטש.

אזוי לאַנג ווי עס זיינען געווען ביי אונדז אַ סך יידן פון שער און אייזן — און פון זעג, הובל, האַמער און קאָוואַדלע — אזוי לאַנג איז געווען ענוך, אַ פאָלק, אפילו אין גלות.

# „ פּאַראַזיטן "

מיליאָנען יידן אין גלות לעבן היינט נאַציאָנאַל־קולטורעל אויפן חשבון פון מדינת ישראל.

מיר זאָגן „מיליאָנען יידן", און ניט אַלע יידן אין גלות. ווייל פאַראַן דריי קאַטעגאָריעס יידן וואָס פּרובירן כאָטש זיך איינרייידן, אַז זיי לעבן גייסטיק און קולטורעל נאָר אויף זייער אייגענעם חשבון.

די עקסטרעם פרומע יידן, צי זיי זיינען אין וויליאַמס־בורג פון ניו־יאָרק, צו אפילו אין מאה שערים פון ירושלים, שפּייזן זיך פון זייער אייגענער האַרעוואַניע. זיי זיינען קול־טורעלע „יגיע־כפּים". זיי פאַרהאַרעווען ערלעך זייער שטיקל עולם הזה און שפּאָרן אָפּ מיט שווייס זייער עולם הבא. די תורה איז עלטער פון ארץ ישראל, ניט נאָר פון מדינת ישראל. און אָט אין דער תורה גלויבן זיי, אָט די תורה לערנען זיי, אירע חוקים און משפּטים זיינען זיי מקיים, אָדער ווילן כאָטש זיי אָפּהיטן. אָן מדינת ישראל וואָלטן זיי סיוּוי געווען יידן, ווי געווען דורך אַלע דורות. די מדינה האָט ניט געשטאַרקט זייער יידישקייט, ניט גע־מינערט און ניט געענדערט. אויף וויפל זיי האָבן ליבשאַפט צו ישראל, שטאַמט עס פון דער תורה, און ניט פאַרקערט. זיי וואַרטן אויף משיח'ן, אויף דער גאולה שלימה, ווי גע־ווען. און אויף וויפל זיי אָנערקענען מדינת ישראל, איז עס נאָר ווי אַן אתחלתא דגאולה, אַן אָנהייב, — און אויך דאָס אָנערקענען ניט אַלע עקסטרעם פרומע יידן. זיי זיינען גייסטיקע פּראָלעטאַריער אין יידישן לעבן, קולטורעלע האָרעפּאַשניקעס, וואָס ווילן צו קיינעם ניט אָנקומען פאַר זייער טעגלעכער גייסטיקער חיונה . . .

פון דער צווייטער זייט געפינען זיך כל המינים אַנטי ציוניסטן — אויף וויפל אַזעלכע זיינען נאָך פאַראַן. זיי „אָנערקענען" מדינת ישראל אויף אַזוי פיל ווי, למשל, די „נטורי קרתא", אָדער נאָך ווייניקער. מדינת ישראל איז פאַר זיי נאָך אַ יידישער ישוב — און אפילו ניט דווקא דער בעסטער און שענסטער, הגם זיי נעמען וואָס ישראל גיט, אויך זיי, אומדירעקט. אָבער זיי ווילן ניט מודה זיין, אַז ישראל איז, און דאַרף זיין, דער נאַציאָנאַלער גייסטיקער

שפּייז־קאַמער פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. זיי וואָלטן נאָך אַלץ געוועלט האָבן אַן אַנדער גייסטיקע באַזע, פון שפּראַך, קולטור, אין וועלכער זיי זאָלן זיך קענען אָנהאַלטן און אין וועלכער זיי זאָלן זיך אויסלעבן; אַ באַזע פאַר פאָלקישקייט, וואָס זאָל ניט זיין דווקא אַ טעריטאָריאַל־נאַציאָנאַלע. צירגיסטן זאָגן, אַז דאָס לעבן, באַזונדערש אונדזער לעצטער חורבן, האָט אָפּגעפרעגט די דאָזיקע אידיי, האָט צונישט געמאַכט די מיגלעכקייטן פאַר אַזאַ פאָרעם פון אַ יידישן פאָלקס־לעבן. פונדעסטוועגן זיינען נאָך געבליבן הייפלעך וואָס קלאַמערן זיך צו הער דאָזיקער אידיי און צו אַזאַ ווילן. און אויף וויפל זיי מיינען עס אויף אַן אמת; און אויף וויפל זיי וואָלטן זיך באַמיט צו טאָן עס הלכה למעשה — קען מען זאָגן, אַז אויך זיי דערהאַלטן זיך זעלבסטשטענדיק. זיי פירן אַ שוואַכע עקזיסטענץ, אָבער אַן אייגענע. און אויב עס זעט זיך ניט קיין האָפענונג פאַר זייער צוקונפט, איז דאָס שוין ניט זייער שולד.

אויך דער גלייכגילטיקער ייד צו יידישער גייסטיקייט לעבט אויף זיין אייגענעם חשבון. און אָט די זיינען היינט די מערהייט יידן אין גלות. דאָס זיינען ניט קיין אַסימילאַטאָרן. אין ערגסטן פאַל זיינען עס גלייכגילטיקע יידן, אָפּגעפרעמדטע. לאָזט זיי — און זיי וועלן אַוועק אינגאַנצן. רופט זיי — און זיי וועלן קומען צו שמחות. זייערע גייסטיקע אינטערעסן געפינען זיך אויף אַן אַנדער אָרט. אַ ביסל איז זיי דערעסן געוואָרן די יידישע אויסנאַמלעכע פּראָבלעמאַטיק. זיי ווילן לעבן ווי מענטשן, נאָר ווי מענטשן, ווי בירגער פון זייערע מדינות. רעליגיע שפּילט ביי זיי סייווי ניט קיין ראָליע. און נאַציאָנאַליזם, יידישע אָנגעהעריקייט, איז סתּם אַנאַכראָניזם. אויב די אויסערלעכע וועלט צווינגט עס ניט אַרויף — איז גלייכער עס צו פאַרגעסן. זיי טראַכטן אפשר ניט גראָד אַזוי, — אָבער זיי האַנדלען אַזוי סייווי. ווייל אומבאַוווּסטזיניק איז דאָס זייער לעבנס השקפה. דאָס מעגן זיין, און על פּי רוב זיינען עס, דווקא קולטורעלע מענטשן. דער היינטיקער יידישער אינטעליגענט, דער מענטש פון פרייער פּראָפעסיעס. זיי לעבן נאָר אין און מיט דער אַלגעמיינער קולטור, אין וועלכער זיי האָבן זיך אַריינגעהאָרעוועט.

גראָד דער נאַציאָנאַלער ייד אין גלות לעבט היינט גייסטיק אויסשליסלעך אויף לחם חסד, אויף „געשאָנקען ברויט". און וואָס שטאַרקער און גרעסער דער נאַציאָנאַלער ווילן ביי אַ יידן אין גלות — אַלץ מער נעמט ער פון

גרייטן, דער ציוניסט — מער פון אַלעמען. ווו מען קערט זיך און ווענדעט זיך אין יידישן לעבן פון גלות היינט, זעט מען די דאָזיקע גייסטיקע פּאַראַזיטן.

פאַר אַ „פרייען" יידן, וואָס בויט זיין גאַנצע ייד־שיכות און ייד־ווילן נאָר אויף נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט און אויף נאַציאָנאַלע קנינים, וואָלט געווייס געווען אוממיגלעך צו לעבן היינט אָן מדינת ישראל. אויב נאָכן חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום וואָלט ניט אויפגעקומען מדינת ישראל, וואָלט דער נאַציאָנאַלער ייד ניט געהאַט קיין תקומה. דער פרומער ייד און דער אַסימילאַטאָר וואָלטן ווייטער געקענט און געמעגט אָנגיין מיט זייער לעבן. דער ערשטער האָט די תורה און דער צווייטער די וועלט. אָבער דער נאַציאָנאַלער ייד, וואָס וויל אָנהאַלטן פאָרמען פון אַ פולן נאַציאָנאַלן לעבן, — ווו וואָלט ער זיך אַהינגעטאָן אָן מדינת ישראל? איז ישראל פאַראַן און דער נאַציאָנאַלער ייד האָט אויפגעלעבט. זיי אידיי און כוח איז געוואָרן שטאַרקער. אויך אָפּגעפרעמדטע זיינען צוגעקומען צו דער מחנה. דער ציוניזם, ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג, איז גע־וואָרן שוואַכער, אָבער דער נאַציאָנאַלער ווילן — שטאַר־קער. זיינען אויפגעקומען יידישן טאָג־שולן אין אַלע פרייע לענדער פון גלות. די עקאָנאָמישע הילף פאַר ישראל איז גרויס און זעלטן ווער עס פרעגט אָפּ די נויטיקייט פאַר דעם, ווער עס באַטייליקט זיך ניט אין דער הילף. יעדער ייד, מיט פולן נאַציאָנאַלן שייכות, באַרימט זיך און שטאָל־צירט מיט ישראלס לעבן און געדייען. יידן פאָרן קיין יש־ראל, צו באַזוכן דאָס לאַנד, כדי זיך יידישלעך־נאַציאָנאַל אָנוואָרעמען. די רעליגיע פון יידן אין גלות באַוועגט זיך אויף נאַציאָנאַלע זאַוויעסעס. אויך די רעפאָרם סינאַגאָגע איז געוואָרן נאַציאָנאַל. אַלע רבנים, חוץ די סאַמע אָרטאָ־דאָקסישע, מאַרקירן זייער אַרבעט און זייערע רייד און זייערע אַפּילן צום נאַציאָנאַלן ווילן. די יידישע פרעסע אין גלות, אין וועלכן לשון דאָס זאָל ניט זיין, איז אויסגעפילט מיט נייעס, פּראָבלעמען פון און אַרום ישראל. נעמט אַוועק פון דער פרעסע די ישראלדיקע מאַטעריאַלן — און איר וועט האָבן ווייסע פּאַפּיר. און די יידישע צייטונגען שפּיג־לען אָפּ דעם ווילן פון די לייענער און זייערע אינטערעסן. און נעמט מען אַוועק די ישראל פּראָבלעמאַטיק פון נאַציאָ־נאַלן יידן אין גלות — וואָס בלייבט איבער? אַ וואַקום, אַ בלויז, קיין איין פּאָלקישער אָנהאַלט ניט.

ישראל איז געוואָרן דער גייסטיקער יניקה־צענטער

פאַרן נאַציאָנאַלן יידן אין גלות. עס איז ניט געווען אַזוי גרויס אחד העם'ס וויטזעעוודיקייט, (ווייל אין אַ סך ענינים האָט ער געמאַכט טעותים), נאָר ווייל דאָס לעבן האָט אונדז אַזוי פאַרקערעוועט, נאָכן אויסראָט פון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום, אַ זאַך וואָס אחד העם, און קיינער ניט, האָט געקענט פאָרויסזען. דערפאַר האָט אויך אחד העם ניט געטראַכט איין מחשבה־טריט ווייטער: ווי וועט טאַקע אויסזען דאָס לעבן פון מיליאָנען מענטשן, וואָס וועלן דאַרפן אָנקומען צום „חסד" פון אַ גייסטיקן צענטער; ווען עטלעכע מיליאָן וועלן דאַרפן גייסטיק אויסהאַלטן און שפּייזן אַ גאַנץ פאָלק אין גלות? דער מצב פון אַזאַ דאַרפן אָנקומען און לעבן „אויפן חשבון" פון ישראל איז געוויס ניט קיין אידיאַלער, און אָפּט פול מיט גראָטעסק. לעניין זאָל האָבן געזאָגט, אַז בונדיסטן זיינען אַזעלכע ציוניסטן, וואָס האָבן מורא פאַר ים־קראַנקייט. מען קען עס ניט פאַראַפראַזירן און זאָגן, אַז נאַציאָנאַלע יידן אין גלות, אָדער אפילו באַוווסטזיניקע ציוניסטן, זיינען אַזעלכע „ישראלים", וואָס ווילן ניט נעמען אויף זיך די שוועריקייטן פון לעבן אין ישראל. אַזאַ וויץ קען נאָר האָבן אין זיך טיילוויַזן אמת. מען טאָר ניט מיניִמיזירן די מענטשלעכע נאַטור, מענטשלעכע געוווינהייטן און געוויס ניט מענטשלעכע פּראָבלעמען. די צעשיידונג צווישן אידיי און פאַרווירקלעכונג, צווישן אמונה און מקיים זיין, איז אָפּט אַ טראַגעדיע, אין בעסטן פאַל אַ שטילער ווייטאָג. און דאָס איז ניט חל נאָר אויף ציוניסטן. דאָס זעלבע געשעט אין אַלע אידייען. מען קען אפילו זאָגן, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין מוז צו פאַרווירקלעכן אַ אידיי אין וועלכער מען גלויבט. נאָר אידיאַליסטן און נאַראָנים פאַרלאַנגען שלימות אין דער מענטשלעכער נאַטור. די ערשטע מעגן עס פאַרלאַנגען, און מיט די צווייטע איז ניט שייך צו פּאָלעמיזירן. דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלן יידן אין גלות — ווי אַ ציבור — ווערט אָבער ניט קלענער, אפילו מיט אַ באַרעכטיקטער און לאָגישער פאַרענטפערונג. ווייל די פאַרענטפערונג קען דאָ גיין וועגן אַ מינדערהייט, אויסגעווײלטע יחידים. נאָר אַזעלכע פילן, און פירן אפשר, אַ שטילן געראַנגל אין זיך, מיט זיך, צווישן אידיאַל און מיגלעכקייט. ביים רוב יידן, און מעגן זיי אפילו זיין ווי נאַציאָנאַל, עקזיסטירט אפילו ניט אַזאַ פּראָבלעם. זייער נאַציאָנאַלע שיכות און אַקטיוויטעט איז אַ צוגאָב צו זייער לעבן, ניט אַ טייל פון אים. פונדעסטוועגן איז קלאָר, אַז אויב די אויסערלעכע פאַקטאָרן וועלן ניט

צווינגען, וועט מען ניט קענען אָנהאַלטן לעולם ועד אַ נאַציאָנאַלן מאַסן־לעבן געגערט פֿון אימפּאָרט. עס קען מיד ווערן דער עקספּאָרטער און עס מוז נמאס ווערן דעם געמער.

# מעדאַלן פּאַר עקשנות

ווען מען וואָלט געטיילט מעדאַלן פּאַר עקשנות, וואָלט דער ערשטער אַזאַ מעדאַל געקומען יידיש שרייבערס. מען מוז באַוווּנדערן די עקשנות — און אפשר איז עס אמונה — מיט וועלכע יידישע שרייבער טוען זייער אַרבעט. יידיש־שרייבערס, פון פּאָעט ביזן רעפּאָרטער, האָבן שוין כמעט ניט קיין לעבעדיקע גייסטיקע סביבה, אין ערגעץ ניט. זיי טוען זייער אַרבעט אין אָפּגעזונדערטער אַליינקייט. פאַראַן לייענער, אויך גוטע, איבערגעגעבענע, חסידים פון יידיש וואָרט. זיינען זיי אָבער יחידים. און דער שרייבער האָט אויך מיט זיי נאָר זעלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט. עס איז, על פּי רוב, אַן על־טערער לייענער, וואָס האָט שוין ניט קיין כוח אויפצושלאָגן אין זיך קיין באַגייסטערונג פאַר „זיין" שרייבער, אויב אפילו ער ווערט נאָך אויפגעהייטערט און באַאיינדרוקט, אין מאָמענט ווען ער לייענט. ער איז שוין אויך צו קלוג, צו דערפאַרן; ער האָט שוין אַלץ געזען, און זיך שוין אין אַלץ אנטוישט. אַזעל־כע ווילן זיך ניט אָנצינדן מיט יונגער התלהבות, צו ארויס־ברענגען אַ פונק באַגייסטערונג, פון הסכמה אָדער קעגנער־שאַפט צו דאָס געשריבענע. עס קען נאָך שאַטן צום אָפּגעצי־טערטן געזונט. און דער זכרון בעט זיך שוין אויך אויף אַ פּאַפּראַווקע. טאָ אויב מען האָט געלייענט, און עס האָט יאָ עפּעס אַ טיאַכקע געטאָן, האָט מען שוין באַלד פאַרגעסן. און אַ שרייבער, ווי יעדער שאַפנדיקער מענטש, דאַרף די ביסל געזונטע אויפרעקונג; ער דאַרף עס האָבן אין זיך, און ער דאַרף עס ווי אַ לעבעדיקע רעאַקציע פון זיין פּובליקום. אין אַ קאַלטער, גלייכגילטיקער לופט איז ניטאָ קיין שעפעריש־קייט. און דאָך הערן יידיש־שרייבערס ניט אויף צו זיין פּראָ־דוקטיוו. זיי שאַפן, ווי איינגענומען פון אַ פיבער, אין אַ טראַנס, ווי פאַרכישופט פון אייגענעם וואָרט און ווערט.



עס איז ניט נאָר די קאַלטע גלייכגילט פון לייענער, וואָס דערמוטיקט ניט דעם שרייבער. פאַראַן אויף זיין וועג ניט ווייניק אַנדערע שטרויכלונגען.

מיר לעבן אין אַ צייט פֿון מאַסן־פּראָדוקציע. און וואָס שייך די וואָרט־קונסט — איז עס ממש אַן אינפֿלאַציע. פֿופֿציק מיליאָן ביכער ווערן רעגיסטירט יערלעך אויפֿן ענגלישן וועלט־מאַרק. צייטונגען דערשײַנען אין מיליאָנען קאָפּיעס טעגלעך. אַלע האָבן זייערע לייענער, פֿון פֿאַרשיידענעם ניוואָ און גראַדאַציע. אָבער דער ייִדיש־שרײַבער, אויב ער איז אפֿילו דער בעסטער און קליגסטער, קאָן ער ניט האָפֿן צו דערציילן ווייטער, העכער, מער, ווי דאָס וואָס איז פֿאַראַן.

עפּעס אַ נאַרישׁ לידל, אָנגעשריבן אין אַ שענק, קען באַלד אײַננעמען די וועלט. דער נאָמען פֿון שרײַבער לעבט אויף מיליאָנען יונגע, זאַפֿטיקע ליפּן. צו זײַן ריטעם צינדן זיך שוועבנדיק גופֿים. זאָל זײַן אַז דאָס זײַנען לײַכטע מוחות. אָבער דער שרײַבער ווערט באַלד אָפּגעשאָטן מיט גדולה און מיט געלט.

די פּאָעזיע אין ייִדיש איז געווען דער שטאַרקסטער, קרעפּטיקסטער צווײַג אין דער ליטעראַטור אויף ייִדיש. ייִדישע פּאָעטן האָבן באַשאַפֿן וווּנדער מיטן ייִדישן וואָרט. עס האָט אויסגעשפּילט מיטן אויסגעצערטלטן ייִדישן וואָרט אַלע ניואַנסן פֿון מענטשלעכן געפֿיל — שוין אָפּגערעדט פֿון ייִדישן טרויער און פֿרייד. אמת, הײַנט דרוקט מען שוין אין ייִדיש אַ סך סתם גראַם און פּערזן אָן טעם. אָבער אויב מען זאָל עס מעסטן מיט די הונדערטער לידלעך, וואָס פֿאַרקלינגען דורך אַלע ראַדיאָ־סטאַנציעס, לידלעך אָן גראַם, אָן ריטעם, אָן אײַנהאַלט, אָן געפֿיל, וואָס קאַטשען איבער אַ צענדליק מאָל איין וואָרט, על־פּי רובֿ דאָס וואָרט „אײַ לאַוו יו״; אויב מען זאָל מעסטן דאָס שוואַכסטע ליד אין ייִדיש — איז גאָר ניטאָ אַזאַ פֿאַרגלײַך, וואָס מען זאָל עס קענען מאַכן. און באַרופֿענע ייִדישע פּאָעטן באַשאַפֿן נאָך אויך הײַנט וווּנדער־ווערק. זיי קענען אָבער אפֿילו ניט חלומען, אַז זייער וואָרט זאָל האָבן אַ וועלכן באַליציקן אויפֿקלאַנג, אַז דער עכאָ זאָל דערגיין אַ שפּאַן ווײַטער פֿון אײַנגעצוימטן קרײַז. דאָס זעלבע איז מיט אַלץ וואָס ווערט געשאַפֿן אין ייִדיש, אין אַלע פֿאָרמען.

עס איז די טעג אויסגעקומען צו לייענען אַ ניי־דערשינען בוך פֿון אַ ייִדישן דערציילער, אין ענגלישער איבערזעצונג. דער שרײַבער איז פֿון די בעסטע וואָס ייִדיש פֿאַרמאָגט. זײַן טאַלאַנט איז קרעפּטיק און עכט און ניי, ווען ער שרײַבט אין ייִדיש. אָבער זײַן נאָוועלע אין ענגליש, געשריבן געוויס גלײַך פֿאַרן איבערזעצער, מיט דער כוונה פֿאַרן ניט־ייִדישן לייענער, איז מוטנע וואַסער. על כּל פּנים מוז עס האָבן אַזאַ ווירקונג אויף אײנעם וואָס קען דעם שרײַבער אין זײַן אָרי־

גינעלן שאַפּונגס־לשון. און אָט, די איבערזעצטע נאָוועלע איז באַגלייט מיט קריטישע אָפּרופן, אויף די הילע־זייטן, פון די וועלט־באַקאַנטסטע צייטשריפטן פאַר ליטעראַטור. און די אָפּ־רופן זיינען אין גרויסער שבח און תהילה פאַרן שרייבער און זיין ווערק. דאָס איז געוויס צו פאַרדאַנקען די ביסל „יידישע עקזאָטיק", וואָס דער שרייבער האָט דאָרטן אריינגעפלאָכטן. קען מען וועגן דעם האָבן „טענות" צום יידישן מחבר וויפל מען וויל, אָבער פאַר אים גופא, פאַר זיין שרייבערישן עגאָ איז עס אַן אינספּירירנדיקע נויטווענדיקייט, צו וויסן אז דאָס בוך צעגייט זיך אין צענער טויזנטער קאָפּיעס. און יעדער שריי־בער, ווי יעדער שאַפנדיקער מענטש, פון גרעסטן ביזן קלענ־סטן, איז אַן עגאָ־צענטריקער און דאַרף די אינספּיראַציע פון קהל.



די יידישע פּרעסע און זשורנאַלן זיינען שטענדיק געווען דער שטאַרקסטער אָנהאַלט פאַרן יידישן שרייבער, זיין דירעק־טער שפּראַך־ראָר צום לייענער. היינט איז עס געוויס אזוי. יידישע בעלעטריסטן און פּאָעטן זיינען דאָס רוב געווען, און זיינען, אויך פּובליציסטן און זשורנאַליסטן, און אָפּט אפילו די „שוואַרצע" מיטאַרבעטער פון צייטונגען און צייטשריפטן. זיי האָבן זיך אויסגעלאָדן אין רעאַגירן אויף לויפיקע געשעענישן, אויף אקטועלע טעמעס. זיי זיינען אָבער געווען ניט נאָר די רעאַגירער אויף געשעענישן, נאָר אויך די פאָרמירער פון דעת הקהל. זיי האָבן געפאָכטן מיט זייער פּען, ווי מיט שווערדן, געקעמפט וועגן, פאַר און קעגן אידייען.

היינט, ווי אַ כלל, איז די יידישע פּרעסע אַ כלל־ישראל־דיקע. אַ סך אויסגעקעמפטע אידייען ליגן צעטראָטענע, אָפּ־געגנאַרטע. און דאָס ביסל וואָס איז געבליבן האַפטיק — אויף די זיינען אַלע מסכים און געאייניקט; ווער מיט אַ שטאַרקערן טאָן, ווער מיט אַ שוואַכן אמן־נאָכזאָג, אָבער אלע אָן בלוטיקן געפּעכט. מוז די יידישע פּרעסע זיין בעיקר אַן אימפאָרמאַטי־ווע. און דאָס איז זי היינט (אין אַלע לשונות). איז דאָס גוט און פיין, נאָר דער פייער פון פּראָבלעמאַטיק און פּאָלעמיק באַלעבט איר ניט מער.

די טעמאַטיק וואָס איז געבליבן פאַר דער יידישער פּרעסע איז אומעטיק און טריב. אויף דער אַלגעמיינער פּרעסע־גאַס איז פרייד און פריילעכקייט, ראָמאַנס און הומאָר. די וועלט האָט אויך „פּראָבלעמען". אָבער די פּרעסע קען די לייענער,

ווייס אז קיינער וויל ניט קיין מרה־שחורה, אז צופיל ערנסטקייט קען שאַטן צום געשעפט. אימיצער אין אלטערטום האָט שוין געזאָגט (דאָס וואָס אויך אונדזערע חכמים האָבן געווסט), אז מען טאָר ניט באַטראַכטן דעם קאָסמאָס מיט צופיל ערנסט. און אז דער רוימישער פּאָעט טאַססאָ האָט עס פּרובירט טאָן, האָט ער געענדיקט אין גייסטיקן דעלירים. (און אים האָבן נאָכגעטאָן טאַקע אַ סך פּאָעטן, ווי מאַיאַקאָווסקי, ביז אונדזער אייגענעם באָרשאָווער, און זיי זיינען אויך נאָכגעגאַנגען טאַססאָ׳ס וועג). יידיש איז אָבער פון אָנהייב אָן געווען טראַכטן און טרערן. יידיש איז געווען כולו פאַרטיפטער ערנסט, און אויך דאָס לשון פון אויפגעשריי קעגן עוולות. דער עצם אויפקום פון דער ליטעראַטור אין יידיש איז אַן ארויסקום אין רעוואָלט קעגן פאַרשעמונג, פּיין און אונטערדריקונג. און וועגן דעם האָט יידיש אַלעמאָל גערעדט הויך, אָדער אפילו מיט אַ געשריי. יידיש איז געווען בונטאַריש און שטראָפעריש — דאָס איז איר יחוס־מעטריקע.



יידיש שטאַמט אָפּ דירעקט פון מגידות, און ווייניקער פון חסידות. עס איז אָנגענומען היינט צו באַזינגען חסידות מיט די שענסטע טענער, אויך פון וועלטלעכע שרייבערס. און וויבאַלד אזוי, טרייבט דער קולטור־סנאָביזם צו פאַרשרייבן יידיש אויפן חסידישן פּאַספּאָרט. אין דער אמתן קער זיך יידיש אָן אין אַ סך נענטערער קרובהשאַפט מיט מגידות. און אפשר איז טאַקע מגידות דער לעגיטימער טאַטע פון יידיש. נאָר וויבאַלד צוליב אַ היסטאָרישער ניט־דערשאַצטקייט איז דאָס וואָרט מגידות געוואָרן אַ כמו זידל, שעמט זיך יידיש מיטן טאַטן...

פון מגידות האָט יידיש גערירשנט איר שטראָפערישן טעמפעראַמענט, דעם ברייטן געמעל, די דעטאַלירטע שילדערונג, דעם איבערגעציטערטן ערנסט, און אויך — די עצבות. פון מגידות האָט זיך איבערגעטראָגן צו יידיש דער כוח צו איבערשמעלצן געפילס־מחשבות אין ווערטער, אָבער אזוי, אז דאָס געפיל זאָל ניט פאַרשלינגען דעם געדאַנק, נאָר זאָל זיין אַ ציל פאַר אים. פון דעם האָט אויך יידיש געלערנט דעם מאי קאָ משמע לן, אז דער שענסטער משל מוז זיך ענדיקן מיט „ניט דאָס בין איך אויסן", ווייל דער עיקר איז דער נמשל.

יידיש האָט זיך צוגעהאָלפן מיט אַ ביסעלע איבערזינגען, אָט ווי דער מגיד, און טאַקע ווי ער — מיט אַ טרויעריקן ניגון. אָבער דער עיקר איז ניט געווען דאָס זינגען, נאָר דאָס זאָגן,

אין פאָרם, אין סטיל. אָבער דער ווי מען זאָגט איז פאָרט ניט געווען דאָס אויבערשטע פון שטייסל. וויכטיקער אַ סך איז געווען וואָס מען זאָגט. קאָנסטרוקציע, ארכיטעקטור, דער געבוי איז ניט קיין יידישער ענין. דערפאַר האָבן מיר טאַקע ביז היינט נאָך ניט קיין אויסנאַמלעכע אינזשינערן. אָבער מיר האָבן אַלעמאָל געהאַט גוטע דאָקטוירים — אויך פאַר דער נשמה. דער רמב״ם, דער בעל־שם־טוב און פרויד זיינען ניט געווען די איינציקע. היילן איז אַלעמאָל געווען אַ יידישע מלאכה.

דאָס וואָרט אין יידיש איז געווען אָנגעלאָגלט מיט ערנסט, מיט אחריות און שטראָפעריש, מיט אַ געפיל אז עס שטייט אויפן וואַך־טורעם און דאַרף איינהאַלטן און איינהיטן, באַשיצן און אויסקעמפן. דער יידישער שרייבער האָט איבערגעשאַפן אין שריפט דעם הייסן, שטראָפעדישן וואָרט פון מגידס מויל. און ווי דער מגיד האָט גערופן צו דינען גאָט, האָט די יידישע ליטעראַטור גערופן דערהויבן דעם מין מענטש. עס איז געווען אַ ליטעראַטור מיט אַ גרויסן עקזאַלטירטן של־הות־געפיל.

אַזאַ געטרייע ליטעראַטור צום יידישן דרך־החיים האָט זיך ניט געקענט דערלויבן קיין הוללות, קיין סתם לאַכן. און האָט עס אַמאָל געשמייכלט — האָט עס פאַרזיסט דעם שמייכל מיט אַ געזאַלצענע טרער. (ווי האָט געזאָגט מאָריס ווינטשעווסקי: איך בין אַ טרערן מיליאָנער).

איצט, אין די לעצטע יאָרן, ליגט שוין אויך אויסגעגאָסן אין האַרץ פון יידישן וואָרט דער גרויסער חורבן. יידישע צייטונגען אין אַנדערע לשונות פאַרגינען זיך עס צו פאַרגעסן; באַגנוגענען זיך מיט אַ דערמאָנונג איינמאָל אין יאָר, אין די טעג פון אָפיציעלן געדענקען. צייטונגען אין יידיש זיינען אַנדערש. זיי מוזן זיין אַנדערש, זיי קענען ניט זיין אַנדערש, ווי זיי זיינען.

י״ל פרץ האָט זיך באַקלאָגט, אז יידיש (אין זיין צייט) האָט פאַר ליבע ניט קיין וואָרט, ניט קיין סטיל. אָבער יידיש האָט שוין גראָד יאָ געפונען אַ סך ווערטער, קלאַנגען און ווידערקולות אויך פאַר לייב און ליבע. נאָר איצט איז עס די יידישע רעאַליטעט, וואָס לאָזט ניט זינגען אָן טרערן. דער גרויזאַמער אויסראָט פון יידן אין אייראָפע האָט זיך ארייננעשניטן אין האַרץ און פלייש פון יידישן וואָרט. אין יידיש לעבט דער חורבן מיט זיין גאַנצן צאַפלדיקן שווידער. און מיט אזעלכע געפילן און ווערטער גייט מען ניט אויף שמחות. ליגט דער

צער ביים אָפּגעצוימטן יידיש שוועל, ווו עס לעבט אין איינ־
זאַמקייט דער יידישער שרייבער.

עס איז — אויב דאָס קען זיין פאַר ווער מען אַ טרייסט —
ניט זייער ליכטיק אויך אין דער העברעאישער ליטעראַטור,
און וועגן דעם זאָגן כסדר עדות די העברעאישע שרייבערס.
און וואָס שייך די פּרעסע אין ניט יידישע לשונות — דאָרטן
איז דאָך גאָר נישטאָ פון דעם אַלעם וואָס מיר האָבן דאָ גע־
זוכט. ניטאָ אויך דאָרטן קיין יונגער לייענער. אין בעסטן
פאַל איז עס אַ יונגער דורכבלעטערער פון דער צייטונג. אין
קיין אייגענע שרייבער האָט די דאָזיקע פּרעסע נאָך אין ערגעץ
ניט באַשאַפן. פאַראַן יידישע מענטשן, דאָס רוב רבנים, וואָס
שרייבן אויך, וואָס ווערן געדרוקט אין די צייטונגען יידישע
פון דער לאַנדשפּראַך. און דאָס אויך בעיקר נאָר מענטשן פון
ערשטן דור אימיגראַנטן. און פאַראַן — אויך נאָר אזעלכע,
פון ערשטן דור — היימישע רעפּאָרטערן און קאָרעספּאָנדענטן,
וועלכע „מאַבן" די דאָזיקע צייטונגען. און עס זעט זיך ניט
דערוויילע, אז זיי זאָלן האָבן נאָכפאָלגער, פון צווייטן אין
דריטן דור געבוירענע אין די נייע לענדער. די צייטונגען אין
יידיש האָבן געהאַט, און האָבן, באַרופענע שרייבערס, מיט
סטאַטוס, מיט טאַלאַנט, מיט ווערטיקן וואָרט.

און צו די דאָזיקע יידיש שרייבערס טוען זייער אַר־
בעט, אָן אַ סביבה, אָן אַ לעבעדיקן אָפּרוף, האָבן ניט פון דעם
ניט קיין געלט און ניט קיין כבוד, ארייגעטאָן אין צער פון
דער יידישער טעמאַטיק היינט.

טאָ ווען מען זאָל טיילן מעדאַלן פאַר הייליקער עקשנות,
וואָלט דער ערשטער אין שענסטער אַזאַ געקומען די דאָזיקע
שרייבערס.

# נאָכוואָרט

די קולטור־היסטאָרישע עסייען וואָס זיינען דאָ איינגעזאַמלט געוואָרן, באַמיען זיך צו געבן אַן אייגענע אָפּשאַצונג, ניט קיין סטערעאָטיפּע, וועגן די באַהאַנדלטע טעמעס. עס ווילט זיך האָפן, אַז די מחשבות וועלן זיך אָנעמען ביי אַ צאָל גוטע לייענערס.

דאָס רוב פון די אַרבעטן זיינען געשריבן געוואָרן (און טיילווייז זיך אויך געדרוקט אין צייטונגען) דורך די לעצטע צען יאָר. דאָס איז געווען אַ מער אָפּטימיסטישע צייט, ווי די אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט, באַזונדערס וואָס שייך אונדזערע יידישע אַספּיראַציעס און האָפענונגען. אין לעצטן יאָר איז דער יידישער מצב און געמיט ווידער געוואָרן פאַרשאָטנט פון שווערע צווייפלונגען וועגן דעם „ליכטיקן גאַנג" פון דער וועלט. איך בין היינט מער גרייט נאָכצוגעבן דעם מיסטישן געפיל פון דער אַלט־יידישער אמונה, וועגן באַזונדערן יידישן גורל — און אַז דער דאָזיקער גורל־גאַנג אונדזערער האָט זיך אין יסוד ניט געביטן. במילא איז שוואַכער געוואָרן דער גלויבן, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין אַ טייל עסייען, וועגן דער קאַרדינאַלער ענדערונג אין דער יידישער געשיכטע — הגם עס איז נאָך אַלץ געבליבן שטאַרק די האָפענונג אויף דעם.

עס זיינען, ליידער, אַריינגעפאַלן אַ צאָל גרייזן, דרוק־פעלערן. אָבער מיר פאַרלאָזן זיך אויף דער אינטעליגענץ פון לייענער, אַז זיי וועלן ניט געשטרויכעלט ווערן און עס אַליין פאַריכטן.

ל. ש.

יאָהאַנעסבורג, אלול תשל"ד — סעפּטעמבער 1974

# אינהאַלט

## ערשטער טייל:
## געשיכטלעכע שטודיעס



## צווייטער טייל:
## אידייען דורך תקופות



## דריטער טייל:
## צייטיקע מחשבות

(צוליב אַ טעות הדפוס זיינען די צוויי שורות אוועקגעשטעלט געוואָרן נאָך דער זייט 217).